פ ר י ע ד ר י ך  נ י ט ש ע :  אַזוי האָט גערעדט
זאראטוסטרא, איבערזעצט פון דייטש דורך
דר. ח. זשיטלאָווסקי



# פריעדריך ניטשע

# אַזוי האָט גערעדט זאַראַטוסטראַ

## אַ בוך פאַר אַלעמען און קיינעם ניט

אַרויסגעגעבען פון פערלאַג „אידיש"
1919 ניו־יאָרק תרע"ט

# אַזוי האט גערעדט זאראטוסטרא

## דריטער טייל

„איהר קוקט אַרויף אין דער הויך, ווען
איהר שטרעבט צו דערהויבונג. און איך קוק
אַראָפּ, ווייל איך בין אין דער הויך.
„ווער פון אייך קאָן אין איין צייט אי לאַ־
כען, אי זיין דערהויבען?
„ווער עס שטייגט אויף די העכסטע בערג,
יענער לאַכט פון אַלע טרויער־שפּיעלען און
טרויער־ערנסטען."
(זאַראַטוסטראַ, ערשטער טייל.
(„לעזען און שרייבען", ז. 52)

# דער וואַנדערער.

עס איז געווען ארום האלבע נאכט, ווען זאראטוסטרא האָט זיך געלאָזט אין וועג אריין אריבער דעם רוקען פון דעם אינזעל, כדי אויף מאָרגען גאנץ פריה צו דערגרייכען דעם אנדער ברעג: ווייל דאָרטען האָט ער געוואָלט ארויף אויף א שיף. מחמת דאָר־טען איז געווען א גוטער פלאץ, צו פאראנקערען, אין וועלכען אויך פרעמדע שיפען פלעגען גריילעך אראָפּלאָזען זייער אנקער. זיי האָבען שוין גענומען מיט זיך עטליכע מענשען פון די גליקזעליגע אינזלען, וואָס האָבען געוואָלט אריבער'ן ים. איז — ווען זאַ־ ראטוסטרא איז זיך אזוי נעגאנגען ארויף'ן בארג, האָט ער זיך דערמאָנט בשעת'ן געהן אָן דעם פיעלען איינזאמען וואנדערן זיי־ נעם פון אָבענד אָן, און ווי פיעל בערג און רוקענס און שפיצען ער איז שוין ארויפגעקלעטערט.

איך בין א וואנדערער און א בארג־קלעטערער, האָט ער צו זיך אין הארצען געזאָגט, איך ליעב ניט די פלעינען און, משמעות, קאָן איך לאנג ניט זיצען שטיל.

און וואָס פאר א גורל און א דערלעבונג עס זאָל ניט אויס־ פאלען אויף מיר, — אין איהם וועט זיין א וואנדערען און א בארג־ קלעטערען: מען דערלעבט לסוף נאָר זיך אליין.

די צייט איז שוין פארפלאָסען, ווען איך האָב געקאָנט באגע־ גענען א צופאל; און וואָס קאָן איצטער נאָך צופאלען צו מיר, וואָס זאָל שוין ניט זיין מיין אייגענס.

מיין אייגענער זעלבסט און דאָס, וואָס עס איז פון איהם א לאנגע צייט געווען אין דער פרעמד און צושפרייט צווישען אלע זאכען און צופעלען, — אָט דאָס נאָר קערט זיך אום צוריק, און קומט לסוף צו מיר אהיים.

און נאָך א זאך ווייס איך: איך שטעה איצטער פאר מיין לעצטען בארג־שפיץ און פאר דעם, וואָס איז פאר מיר שוין פון

לאנג־אַן געוועזן אָנגעגרייט. אַך, מיין הארטעסטעז וועג מוז איך אַרויפגעהן ! אַך, מיין איינזאַמסטע וואַנדערונג האָב איך אָנגע־הויבען !

דער אָבער, וואָס איז פון מיין מין, דער קאָן ניט ניצול ווע־רען פון אַזאַ שעה: פון דער שעה, וואָס זאָגט צו איהם: ערשט אַצינדער געהסט דו דיין וועג פון דיין גרויס ! בארג־שפּיץ און אָפּגרונד, — דאָס איז איצטער אין איינס צונויפגענומען !

דו געהסט דיין וועג פון דיין גרויס: איצט איז דיין לעצטער מקלט געוואָרען דאָס, וואָס ביזאַהער האָט ביי דיר געהייסען דיין לעצטע געפאַהר.

דו געהסט דיין וועג פון דיין גרויס: דאָס מוז איצטער דיר צוגעבען דעם בעסטען מוט, וואָס הינטער דיר איז שוין מעהר קיין וועג ניטאָ !

דו געהסט דיין וועג פון דיין גרויס: דאָ זאָל זיך קיינער ניט נאָכשאַרען נאָך דיר. דיין פוס גופא מעקט אָפּ הינטער דיר דעם וועג, און אויף איהם שטעהט אויפגעשריבען: אונמעגליכקייט.

און ווען פון איצטער אָן פעהלען דיר אַלע לייטערס, איז מוזטו זיך אויסלערנען, צו קלעטערען אויף דעם אייגענעם קאָפּ: ווי דען אַנדערס ווילסטו קלעטערען אַרויף ?

אויף דיין אייגענעם קאָפּ און איבער דעם אייגענעם האַר־צען ! איצטער מוז דאָס מילדעסטע אין דיר ווערען דאָס האַר־טעסטע.

ווער עס האָט תמיד זיך פיעל דערבאַרעמט אויף זיך, יענער ווערט לסוף קראַנק פון זיין פיעל דערבאַרעמונג. געלויבט זאָל זיין דאָס, וואָס מאַכט הארט ! איך לויב ניט דאָס לאַנד, וואו פוטער און האָניג — פליעסען !

ס'איז נויטיג אויסצולערנען זיך, ניט צו קוקען אויף זיך, כדי צו זעהן אַ ס ך: — אין הארטקייט נויטיגט זיך יעדער בארג־קלעטערער.

ווער עס איז אָבער מיט די אויגען צודרינגליך ווי אַן ערקע־

נענדער, ווי קאָן ער פון אַלע זאכען זעהן מעהר, איידער זייערע פּאָרענט־גרונטען!

דו אָבער, אָ זאראטוסטרא, האָסט געוואָלט פון יעדער זאַך זעהן דעם גרונט און דעם הינטער־גרונט: מוזטו דעריבער איבער זיך אַליין קלעטערען, — אהין, ארויף, ביז אויף דיינע שטערען וועסטו האָבען א ו נ ט ע ר זיך!

יע! אראָפּצוקוקען אויף מיך גופא און אויף מיינע שטערען: אָט דאָס ערשט וואָלט פאר מיר געהייסען מיין בארג־שפּיץ, דאָס איז נאָך פאר מיר געבליבען ווי מיין ל ע צ ט ע ר בארג־שפּיץ! —

אזוי האָט זאראטוסטרא גערעדט צו זיך, בעת'ן שטייגען, טרייסטענדיג זיין הארץ מיט הארטע ווערטלעך: ווייל זיין הארץ איז איהם געווען פארוואונדט, ווי פריהער נאָך קיינמאָל ניט. און אז ער איז געקומען אויף דער הויך פון דעם בארג־רוקען, ערשט, זעה, דער אנדער ים איז געלעגען אויסגעברייט פאר איהם: איז ער געשטאנען שטיל און האָט אַ לאנגע צייט געשוויגען. די נאכט אָבער איז געווען קאלט אין יענער הויך און קלאָר און העל אויסגעשטערענט.

איך דערקען מיין גורל, האָט ער לסוף געזאָגט צו זיך מיט טרויער. זאָל זיין! איך בין אָנגעגרייט. ערשט איצט האָט זיך אָנגעהויבען מיין לעצטע איינזאמקייט.

אַך, אָט דער שווארצער טרויעריגער ים אונטער מיר! אַך, אָט די שוואנגערע נאכטליכע פאַרדראָסענקייט! אַך, שיקזאַל און ים! צו אייך מוז איך איצט א ר אָ פּ שטייגען!

איך שטעה פאַר מיין העכסטען בארג און פאר מיין לענגסטער וואנדערונג: דעריבער מוז איך נאָך טיעפער אראָפּ, איידער ווען עס איז פריהער:

— טיעפער אראָפּ אין דעם שמארץ, איידער ווען עס איז, ביז אין זיין שווארצעסטען געוויסער אריין! אזוי וויל דאָס מיין

שיקזאל: זאָל זיין אזוי! איך בין פארטיג. אָט ערשט האָט זיך אָנגעהויבען מיין לעצטע איינזאמקייט.

פון וואנען קומען די העכסטע בערג? אזוי האָב איך אמאָל געפרעגט. האָב איך מיך דערוואוסט, אז זיי קומען פון דעם ים.

אָט די עדות איז פארשריבען אין זייער שטיין און אין די ווענד פון זייערע שפּיצען. אויס דער טיעפסטער טיעף מוז די העכסטע הויך צו איהר הויך קומען.

אזוי האָט גערעדט זאראטוסטרא אויף דעם שפּיץ פון דעם בארג, וואו עס איז געוועזען קאלט. אז ער איז אָבער געקומען נאָהענט צום ים און איז לסוף געשטאנען אליין צווישען די הויכע פעלזען, איז ער געוואָרען איינגעמאטערט פון וועג און נאָך פארבענקטער, איידער פריהער.

עס שלאָפט נאָך אל'דאָסדינג, האָט ער געזאָגט. אויך דער ים שלאָפט. פארשלאָפען און פרעמד בליקט זיין אויג אויף מיר.

אָבער ער עטעמט ווארעם, דאָס פיהל איך. און איך פיהל אויך, אז ער חלום'ט. ער ווארפט זיך ארום אין חלום אויף הארטע קישענס.

הער זיך איין! הער זיך איין! ־ווי ער קרעכצט פון בייזע עראינערונגען! אָדער פון בייזע דערווארטונגען?

אך, איך בין טרויעריג מיט דיר, דו טונקעלע בריאה־משונה, און בין אויף זיך אליין ברוגז צוליעב דיר.

אך, פאר וואָס האָט ניט מיין האנד גענוג גבורה! באמת, גרייליך וואָלט איך דיך אויסגעלייזט פון דיינע בייזע חלומות! —

און בעת זאראטוסטרא האָט אזוי גערעדט, האָט ער מיט א שווערגעמיט און ביטערקייט געלאכט פון זיך אליין. ווי! זארא־טוסטרא! האָט ער געזאָגט, דו ווילסט נאָך דעם ים זינגען א טרויסט?

אך, דו ליעבע־רייכער נאר, זאראטוסטרא, דו איבערגליקליכער

אין פארטרויען! אָבער אזא ביזטו אלעמאָל געוועזען: תמיד פלענ־
סטו קומען מיט צוטרוי צו אלץ, וואָס איז שרעקליך.

יעדע בריאה משונה האָסטו געוואָלט נאָך א גלעט טאָן. א
הויך פון ווארעמען אָטעם, א ביסעל ווייכע האָר אויף דער לאפע:—
און שוין ביסטו געווען אָנגעגרייט צו ליעבען זי און צו רופען זי.

די ליעבע איז די געפאהר פון דעם איינזאמסטען, די ליעבע
צו אלץ, וואָס עס לעבט נאָר! באמת, לאכען דארף
מען פון מיין נארישקייט און מיין עניוות אין דער ליעבע! —

אזוי האָט גערעדט זאראטוסטרא און האָט דערביי געלאכט
צום צווייטען מאָל: דאָ האָט ער זיך אָבער דערמאָנט אויף זיינע
פריינד, וואָס ער האָט פארלאָזען, — און אקוראט ווי ער וואָלט
אין זיינע געדאנקען בעגאנגען א חטא אנטקעגען זיי, איז ער געווען
אין כעס אויף זיך פאר זיינע געדאנקען. און באלד האָט פאסירט
אז דער לאכענדער האָט זיך פאנאנדערגעוויינט: — פאר כעס
און בענקשאפט האָט ביטער געוויינט זאראטוסטרא.

* *
*

# די זעהונג און די רעטעניש.

## 1.

ווען צווישען די שיפס־לייט האָט מען זיך דערוואוסט, אז זאראטוסטרא איז אויפ'ן שיף — ווייל א מאן, וואָס איז געקומען פון די גליקליכע אינזלען, איז אין איינעם מיט איהם אויפ'ן שיף ארויף, — האָט זיך אויפגעהויבען א גרויסע נייגיער און דערוואַרטונג. אָבער זאראטוסטרא האָט געשוויגען צוויי טעג און איז געווען קאַלט און טויב מחמת טרויערינגקייט, אזוי, אז ער האָט ניט געענטפערט ניט אויף בליקען און ניט אויף פראגען. אין אָווענט אָבער פון דעם צווייטען טאָג האָט ער ווידער אויפגעמאכט זיינע אויערען, הגם ער האָט נאָך געשוויגען: ווייל אויף דעם שיף זיינען געווען צו הערען א סך משונה'דיגע און געפעהרליכע זאכען, וואָס זיינען געקומען פון דער ווייט און האָבען געוואָלט גרייכען נאָך ווייטער. זאראטוסטרא איז אָבער געווען א פריינד פון אַלע אַזעלכע, וואָס מאכען ווייטע רייזען און וואָלטען ניט געוואָלט לעבען אָהן געפאהר. און זעה! לסוף איז איהם אין צוהערען די צונג פאנאנדערגעבונדען געוואָרען, און דאָס אייז פון זיין הארצען האָט זיך געבראָכען: — האָט ער אָנגעהויבען צו ריידען, אזוי צו זאָגען:

פאר אייך, די אומדערשראָקענע זוכער, מזל־פּרואווער, און פאר אַלע וואָס האָבען זיך ווען עס איז מיט שלאנגען־קלוגע לייוועגטען אויף דעם שרעקליכען ים געלאָזט, —

פאר אייך פון רעטעניש אָנגע'שכור'טע, פון בין־השמשות פריידיגע, וועמעס נשמה עס ווערט מיט פלויטען צו יעדען פאר־רעטערישען תהום געצויגען:

— ווייל איהר ווילט ניט מיט פחדנ'ישער האנד נאָכטאפּען

דעם פאַרים; און דאָרטען, וואו איהר קאָנט ט ר ע פ ע ן, האָט איהר פיינט אויסצו׳חשבונ׳ען —

פאַר אייך אַליין דערצעהל איך די רעטעניש, וואָס איך האָב געזעהען — די זעהונג פון דעם איינזאַמסטען. —

פאַר׳חושך׳ט בין איך אַנומעלט געגאַנגען דורך אַ מתים־פאַר־בינען פאַרנאַכט, — פאַר׳חושך׳ט און הארט מיט צונויפגעפּרעסטע ליפּען. ניט נאָר איין זון איז מיר פאַרגאַנגען.

אַ פוסוועג, וואָס האָט זיך להכעיס געצויגען אַרויף איבער קליינע שטיינדלעך, אַ בייזהאַפטער, איינזאַמער, וועמען ניט גראָז און ניט בוימדעל זיינען שוין מעהר ניט געוועזען צום הארצען: אַ באַרג־שטעג האָט געזוויאַקעט אונטער דער עזות פון מיין פוס.

שטום שרייטענדיג איבער דער שפּאָטענדער קראַקעריי פון די קיזועל־שטיינדלעך, בעטרעטענדיג דעם שטיין, וואָס האָט גע־מאַכט איהם זיך אויסגליטשען, אַזוי־אַ האָט מיין פוס זיך דער־צוואונגען דעם וועג אַרויף־צו.

אַרויף־צו: — להכעיס דעם גייסט, וואָס האָט איהם געצוי־גען אַראָפּ־צו, צום אָפּגרונט־צו, דעם גייסט פון שווערקייט, מיין טייוועל און ערץ־פיינד.

אַרויף־צו: — ווען אפילו ער איז געזעסען אויף מיר, האַלב קאַרליק, האַלב מויל־וואורף; אַ לאָהמער; אַ לאָהם־מאַכענדער; בליי דורך מיין אויער, בליי־טראָפּען־געדאַנקען אין מיין מאַרך אַריינטריפּענדיג.

„אָ, זאַראַטוסטראַ, האָט ער מיט חוזק גע׳סוד׳עט, אַ זילב נאָך אַ זילב, דו שטיין פון קלוגשאַפט; דו האָסט דיך הויך גע־וואָרפען, אָבער יעדער געוואָרפענער שטיין מוז — אַראָפּפאַלען!

אָ, זאַראַטוסטראַ, דו שטיין פון קלוגשאַפענקייט, דו שליידער־שטיין, דו שטערען־צושמעטערער! דיך גופא האָסטו אַ וואָרף גע־טאָן אַזוי הויך, אָבער יעדער געוואָרפענער שטיין מוז — אַראָפּ־פאַלען!

פאַרמשפּט צו דיר גופא און צו דעם אייגענעם פאַרשטייניגט

ווערען: אָ, זאראטוסטרא, ווייט האָסטו דיין שטיין געוואָרפען, — אָבער אויף דיר וועט ער צוריק פאַלען!"

דערנאָך האָט דער קאַרליק געשוויגען, און דאָס האָט געוועהרט לאַנג. זיין שווייגען אָבער האָט מיך געדריקט. און ביי אזא מין זאַלבאַנאַנדר איז מען באמת איינזאמער איידער אליין!

איך בין געשטיגען, געשטיגען, געטרוימט, געטראַכט, — אָבער אַלץ האָט מיך געדריקט. צו א חולה בין איך געווען געגליכען, וועמען זיינע בייזע יסורים מאכען מאַט, און וועמען א בייזערער חלום וועקט אויף פונ'ם איינשלאָפען.

אָבער עס איז פאַראַן אין מיר עפּעס, וואָס איך רוף מוט: דאָס האָט מיר ביז אַהער יעדען אוממוט טויט געשלאָגען. אָט דער מוט האָט לסוף מיר געהייסען זיך אָוועקשטעלען און זאָגען: „קאַרליק! דו! אָדער איך!" —

מחמת מוט איז דער בעסטער טויטשלאָגער, — מוט, וואָס פ א ל ט אָ ן: ווייל אין יעדען אָנפאַלען איז א קלינגענדער שפּיעל.

דער מענש אָבער איז די מוטיגסטע חיה: דורך דעם האָט ער יעדע חיה בייגעקומען. מיט קלינגענדען שפּיעל האָט ער ביי־געקומען איטליכע פּיין; די מענשען־פּיין איז אָבער די טיעפסטע פּיין.

דער מוט שלאָגט טויט אויך דאָס שווינדלען ביים אָפּגרונט: און וואו שטעהט ניט דער מענש ביי אַן אָפּגרונט! איז ניט דאָס זעהען גופא — זעהען אָפּגרונטען?

מוט איז דער בעסטער טויט־שלאָגער: דער מוט שלאָגט טויט אויך די רחמנות. רחמנות האָבען איז אָבער דער טיעפסטער אָפּ־גרונט: ווי טיעף דער מענש בליקט אריין אין דאָס לעבען, אזוי טיעף בליקט ער אויך אריין אין דעם צער.

מוט אָבער איז דער בעסטער טויט־שלאָגער, מוט, וואָס פאַלט אָן: אפילו דעם טויט שלאָגט ער טויט, ווייל ער זאָגט: „איז ד אָ ס געווען דאָס לעבען? איז רעכט! נאָך א מאָל!"

אין אזא ווערטעל איז אָבער דאַ אַ סך קלינגענדער שפּיעל.
ווער ס'האָט אויערען, זאָל הערען. —

* *
*

2.

„האַלט, קאַרליק! האָב איך געזאָגט. איך! אָדער דו! איך בין אָבער דער שטאַרקערער פון אונז ביידען — : דו קענסט ניט מיין אָפּגרונטיגען געדאַנקען! א י ה ם — וואָלסטו ניט געקאָנט טראָגען!"

דאָ איז געשעהען אזוינס, וואָס האָט מיר גרינגער געמאַכט: ווייל דער קאַרליק איז אַראָפּגעשפּרונגען פון מיין אַקסעל, דער נייגיעריגער! און ער האָט זיך צונויפגעדרעהט אויף אַ שטיין אנטקעגען מיר. דאָ גראָד, וואו מיר האָבען זיך אָפּגעשטעלט, איז אָבער געווען אַ טויער־וועג.

„קוק אָן אָט דעם טויער־וועג, קאַרליק! האָב איך ווייטער גערעדט. ער האָט צוויי פּנים'ער. צוויי וועגען קומען זיך דאָ צונויף: קיינער איז נאָך ניט געגאַנגען אין זיי ביז צום סוף.

אָט די לאַנגע גאַס צוריק: זי געוועהרט אַן אייביגקייט. און יענע לאַנגע גאַס פאָראויס — דאָס איז אַן אנדער אייביגקייט.

זיי זיינען אין אַ ווידער־אנאַנד, אָט די וועגען; זיי שטויסען זיך מיט די קעפּ: און דאָ, אָט ביי דעם טויער־וועג, קומען זיי זיך צונויף. דער נאָמען פון דעם טויער־וועג שטעהט אויבען אויפגע־שריבען: „אויגענבליק".

אָבער אויב אימיצער וואָלט אין איינעם פון זיי געגאַנגען ווייטער — און רק פאָראויס און תמיד ווייטער: גלויבסטו, קאַרליק, אַז אָט די וועגען זיינען אין אַן אייביגען ווידער־אנאַנד?" —

„אַלץ, וואָס איז גלייך־געשטרעקט, לאַיגט, האָט געמורמעלט מיט פאַראַכטונג דער קאַרליק. יעדער אמת איז קרום, די צייט גופא איז אַ קרייז."

„דו גייסט פון שווערקייט! האָב איך ארויסגערערט אין צאָרן, מאַך דיר דאָס ניט צו גרינג! אָדער איך לאָז דיך דאָ זיצען צונויפגעדרעהטערהייד, וואו דו זיצסט, דו לאָהם־פוס, — און איך האָב דיך ארויפגעטראָגען הויך!

„קוק אָן, האָב איך ווייטער גערעדט, אָט דעם אויגענבליק! פון דעם טויער־וועג „אויגענבליק" לויפט א לאנגע אייביגע גאַס אויף־צוריק: הינטער אונז ליעגט אָן אייביגקייט.

מוז ניט דאָס פון אַלע זאכען, וואָס קאָן לויפען, שוין איינמאָל האָבען געלאָפען דורך אָט דער גאַס? מוז ניט דאָס, וואָס קאָן געשעהן פון אַלע זאכען, שוין איינמאָל האָבען געשעהען, געטאָן, זיך פארלאָפען?

און אויב אַלץ איז שוין דאָ אמאָל געווען: וואָס האַלטסטו, קארליק, פון אָט דעם אויגענבליק? מוז ניט אויך אָט דער טויער־וועג שוין אמאָל — האָבען געווען?

און זיינען ניט אַלע זאכען אזוי פעסט פארקנויטעלט, אז אָט דער אויגענבליק מוז ציהען נאָך זיך אַלע קומענדע זאכען? ממילא — — זיך גופא אויך נאָך?

ווייל דאָס, וואָס קאָן לויפען פון אַלע זאכען: אויך אין אָט דער לאַנגער גאַס פאָראויס — מוז דאָך נאָך אמאָל לויפען! —

און אָט די לאַנגזאַמע שפּין, וואָס קריכט אין דעם לבנה־שיין, און די לבנה־שיין גופא, און איך, און דו, וואָס סוד'ען זיך דאָ ביי דעם טויער־וועג, וואָס סוד'ען זיך דאָ וועגען אייביגקייטס־זאכען, מוזען מיר ניט אַלע שוין דאָ האָבען געווען?

— און ווידער צוריק קומען און לויפען אין יענער אנדער גאַס, ארויס, פאָראויס, אין אָט דער לאַנגער שוידערליכער גאַס, — מוזען מיר ניט אייביג ווידערקומען? —"

אזוי האָב איך גערעדט, און אַלץ שטילער: ווייל איך האָב מורא געהאַט פאר מיינע אייגענע געדאנקען און הינטער־געדאנקען. ערשט פּלוצים האָב איך דערהערט ווי אַ הונט וואויעט אין דער נאָהענט.

האָב איך ווען עס איז געהערט, אַ הונט זאָל אַזוי וואויען? מיין געדאַנק איז געלאָפען צוריק. יע! בעת איך בין געווען אַ קינד, אין דער ווייטעסטער קינדהייט:

יעמאָלט האָב איך געהערט אַ הונט זאָל אַזוי וואויען. איך האָב איהם אויך געזעהען, מיט צושויבערט־אָנגעשטעלטע האָר, דעם קאָפּ אויפגעהויבען ארויף, ציטערענדיג, אין דער שטילסטער האַל־בער נאַכט, ווען אויך הינט גלויבען אין נעשפּענסטער:

— אַזוי, אַז איך האָב באַקומען רחמנות. מחמת די פולע לבנה איז נאָר וואָס, טויט־פאַרשווייגען, געגאַנגען איבער דאָס הויז, נאָר וואָס איז זי געשטאַנען שטיל, אַ קיילעכדיגע גלוט, — שטיל אויף דעם פלאַכען דאַך, ווי אויף אַ פרעמדען איינענטום: —

דערפון איז יעמאָלט דער הונט געוואָרען אַ פאַרציטערטער: ווייל הינט גלויבען אין גנבים און געשפּענסטער, און ווען איך האָב ווידער דערהערט אזא וואויען, האָט מיך ווידער אָנגענומען אַ רחמנות.

וואוהין איז איצטער אַהינגעקומען דער קאַרליק? און דער טויער־וועג? און די שפּין? און דאָס גאַנצע סוד'ען זיך? האָט דאָס מיר דען גע'חלומ'ט? האָב איך מיך אויפגעכאַפּט? צווישען ווילדע פעלזען בין איך מיט אַמאָל געשטאַנען, אַליין, וויסט, אין דעם וויסטעסטען שיין פון דער לבנה.

אָ ב ע ר ד אָ א י ז אַ מ ע נ ש נ ע ל ע ג ע ן! זעה נאָר! דער הונט שפּרינגט אום, די האָר צושויבערט־אָנגעשטעלט, ווינזעלט, —איצטער האָט ער דערזעהען, אַז איך קום, האָט ער וויע־דער געוואויעט, האָט ער גע ש ר י ע ן: האָב איך ווען גע־הערט, אַ הונט זאָל אַזוי שרייען צו הילף?

און באמת, דאָס, וואָס איך האָב דערזעהן, אַזוינס האָב איך נאָך קיינמאָל ניט געזעהן. אַ יונגען פּאַסטוך האָב איך געזעהן, וואָס האָט זיך געדרעהט ווי אַ וואָרעם, זיך געוואָרגען, געצוקט, מיט אַ פאַרקרימטען פּנים, און אַ שוואַרצע שווערע שלאַנג איז ארויסגעהאנגען פון זיין מויל.

האָב איך ווען געזעהען אזוי פיעל עקעל און בלייכע אימה אויף א פּנים? ער האָט משמעות געשלאָפען? איז איהם א שלאַנג אריינגעקראָכען אין בית־הבליעה — און דאָרטען האָט זי זיך פעסט אריינגעביסען.

מיין האנט האָט געריסען די שלאַנג און געריסען: — אומ־זיסט! זי האָט ניט ארויסגעריסען די שלאַנג פון דעם האלז. דא האָט עס אויסגעשריען פון מיר: „בייס אָפּ! בייס אָפּ!

דעם קאָפּ בייס אָפּ! בייס אָפּ!" — אזוי האָט עס געשריען פון מיר; מיין אימה, מיין האס, מיין עקעל, מיין רחמנות, אל' דאָס גוטס און בייז אין מיר האָט געשריען פון מיר מיט איין גע־שריי. —

איהר אומדערשראָקענע ארום מיר! איהר זוכער, מזל־פּרו־ווער! ווער פון אייך עס האָט מיט שלאַנגען־קלוגע לייוועגטס זיך אין אומדערפאָרשטע ים'ען איינגעשיפט! איהר פריינד פון רע־טענישען!

טרעפט דאָך די רעטעניש, וואָס איך האָב יעמאָלט געזעהן, זייט מיר פּותר די זעהונג פון דעם איינזאַמסטען!

ווייל דאָס איז געווען א זעהונג און פאָראויסזעהונג: — וואָס האָב איך יעמאָלט געזעהן אין א משל? און ווער איז דאָס וואָס מוז נאָך א מאָל קומען?

ווער איז דער הירט, צו וועמען די שלאַנג איז אזוי אריינ־געקראָכען אין האלז? ווער איז דער מענש, אין וועמעס האלז אל' דינים שווערסטע און דאָס שווארצעסטע וועט אזוי אריינקריכען?

— דער הירט אָבער האָט א ביס געטאָן, ווי מיין געשריי האָט איהם געראָט; ער האָ טא ביס געטאָן מיט א גוטען בייס. ווייט אוועק האָט ער ארויסגעשפּיגען דעם קאָפּ פון שלאַנג — : און איז אויפגעשפּרונגען. —

ניט מעהר קיין הירט, ניט מעהר קיין מענש, — א פאַרוואַנ־דעלטער, א באלויכטענער, וואָס האָט ג ע ל א כ ט! קיינמאָל

אויף דער ערד האָט נאָך אַ מענש אַזוי ניט געלאַכט, ווי ער האָט געלאַכט!

אָ, מיינע ברידער, איך האָב געהערט אַ לאַכען, וואָס איז ניט געוועזן קיין לאַכען פון אַ מענשען, — און איצטער פרעסט מיך אַ דאָרשט, אַ בענקשאַפט, וואָס ווערט קיינמאָל ניט איינגע־שטילט.

מיין בענקשאַפט און יענער לאַכען פרעסען מיך: אָ, ווי קאָן איך דאָס נאָך אריבערטראָגען און לעבען! און ווי וואָלט איך דאָס געקאָנט אריבערטראָגען, איך זאָל איצטער שטאַרבען! —

אַזוי האָט גערעדט זאַראַטוסטראַ.

*  *

*

## די גליקשאַפט להיפך דעם אייגענעם ווילען.

מיט אַזעלכע רעטענישען און ביטערנישען אין האַרצען איז זאַראַטוסטראַ געפאָהרען איבער דעם ים. ווען ער איז אָבער געוועזן פיער טעג־רייזען ווייט פון די גליקזעליגע אינזלען און פון זיינע פריינד, האָט ער גובר געווען זיין גאַנצען צער — : זיעגרייך און מיט פעסטע פיס איז ער ווידער געשטאַנען אויף זיין שיקזאַל. און יעמאָלט האָט זאַראַטוסטראַ אַזוי גערעדט צו זיין איבער־פריי־דיגען געוויסען:

אַליין בין איך ווידער און וויל זיין אַליין, אַליין מיט דעם ריינעם הימעל און דעם פרייען ים; און ווידער איז נאָכמיטאָג אַרום מיר.

אין אַ נאָכמיטאָג האָב איך אַמאָל צום ערשטען מאָל געפונען מיינע פריינד, אין אַ נאָכמיטאָג אויך צום אַנדער מאָל: אין דער שעה, ווען יעדער ליכט־שיין ווערט שטילער.

ווייל יעדעם גליק, וואָס איז נאָך אין וועג צווישען הימעל און ערד, זוכט זיך אַן אכסניה אין אַ ליכטיגער נשמה: פון דעם גליק איז איצטער יעדער ליכט־שיין שטילער געוואָרען.

אָ, נאָכמיטאָג פון מיין לעבען! אמאָל איז אויך מיין גליק אראָפּגעשטיגען אין טאָל, זיך אַן אכסניה צו זוכען: האָט ער גע־פונען די אָפענע נאסט־פריינדליכע נשמות.

אָ, נאָכמיטאָג פון מיין לעבען! וואָס וואָלט איך ניט אוועק־געגעבען, כדי איך זאָל האָבען נאָר איינס: אָט די לעבעדיגע פלאַנ־צונג פון מיינע געדאַנקען און אָט דעם מאָרגענליכט פון מיין העכסטער האָפענונג!

מיטפּאָהרער האָט אמאָל דער שאַפענדער געזוכט און קינדער פון זיין האָפענונג: און זעה, עס האָט זיך ארויסגעפונען, אז ער קאָן זיי ניט געפינען, סיידען ער זאָל זיי פריהער אליין באשאַפען.

אזוי ארום בין איך אין מיטען פון מיין ווערק, איך געה צו מיינע קינדער און איך געה פון זיי אוועק: צוליעב זיינע קינדער מוז זאראַטוסטרא זיך גופא מאכען פאָלקאָם.

ווייל פון גרונט אויס ליעבט מען נאָר זיין קינד און זיין ווערק; און וואו עס איז דאָ א גרויסע ליעבע צו זיך אליין איז דאָס א סמן פון שוואַנגערשאַפט: אזוי האָב איך דאָס געפונען.

מיינע קינדער גרינען נאָך אין זייער ערשטען פריהלינג, שטעהן נאָהענט איינער דעם אנדערען און ווערען אין איינעם געטריי־סעלט פון ווינט, אָט די בוימער פון מיין גאָרטען און פון מיין בעסטער פלאַנץ־ערד.

און אין דער אמת'ן! וואו אזעלכע בוימער שטעהן אין איינעם, דאָרט זיינען די גליקליכע אינזלען!

אָבער שפּעטער אמאָל וועט איהר זיי ארויסהויבען און יעדען איינעם אוועקשטעלען פאַר זיך: כדי ער זאָל לערנען איינזאַמקייט און עקשנות און פאָרזיכטיגקייט.

אין קאָרטשעס און געקרימט און מיט בויגיגער האַרטקייט זאָל ער מיר ביים ים שטעהן, א לעבדיגער לייכט־טורעם פון א ניט־בייצוקומענעם לעבען.

דאָרטען, וואו די שטורעמס וואַרפען זיך אין ים אראָפּ, און וואסער טרינקט דער שנוק פון די בערג, דאָרטען זאָל א־יעדער

אַמאָל האָבען זיין טאָג־וואָך און נאַכט־וואָך, צוליעב ז י י ן נסיון און דערקענט ווערען.

דערקענט און געפּרואווט זאָל ער ווערען, צי ער איז פון מיין טבע און אָפּשטאַם, — צי איז ער אַ האר אויף אַ לאַנגען ווילען, פאַרשוויגען אפילו ווען ער רעדט, און נאָכגעבענד אויף אַזאַ'ן אופן, אַז בעת'ן געבען נ ע ה מ ט ער: —

— כדי ער זאָל אַמאָל ווערען מיין מיטפאָהרער און זאַראַ־טוסטראַ'ס אַ מיטשאַפּענדער און מיטרוהענדער — : אַזאַ, וואָס שרייבט מיר מיין ווילען אויף מיינע טאָוולען: צוליעב דער פולס־טער השלמה פון אַלע זאַכען.

און פון זיינטוועגען און פון וועגען זיין גלייכען מוז איך אַליין דערגרייכען די העכסטע השלמה: דעריבער ווייך איך איצ־טער אויס מיין גליק און גיב מיך איבער צו יעדען אומגליק — צוליעב מיין לעצטען נסיון און דערקענטניס.

און אין דער אמת'ן, עס איז שוין צייט געווען, איך זאָל געהן; דעם וואַנדערערס שאָטען און דער לענגסטער אומעט און די שטיל־סטע שעה — זיי אַלע האָבען גערעדט צו מיר: „עס איז די העכס־טע צייט!“

דער ווינט האָט מיר אין שליסעל־לאָך אריינגעבלאָזען און האָט געזאָגט: „קום!“ די טיר איז מיר שלאַנגען־קלוג אויפגעשפּרונגען און האָט געזאָגט: „געה!“

אָבער איך בין געלעגען אין קייטען, אָנגעשמידט אָן דער ליעבע צו מיינע קינדער: דער באַגעהר האָט אויף מיר ארויפגע־לייגט אָט די פאַנג־שטריק, דער באַגעהר נאָך ליעבע, כדי איך זאָל ווערן דער רויב פאַר מיינע קינדער און מיך פאַרלירען אין זיי.

באַגעהרען — דאָס הייסט שוין פאַר מיר: איך זאָל מיך האָבען פאַרלאָרען. א י ך ה אָ ב א י י ך, מ י י נ ע ק י נ ־ ד ע ר! אין אָט דעם האָבען זאָל אַלץ זיכערקייט זיין און גאָרנישט באַגעהר.

אָבער בריהענדיג איז די זון פון מיין ליעבע געלעגען אויף מיר, זאַראַטוסטראַ האָט זיך געקאָכט אין זיין אייגענעם זאפט, — זיינען שאָטענס און ספיקות געפלויגען איבער מיר.

פראָסט און ווינטער האָט זיך מיר שוין געלוסט: „אָ, ווען וועט שוין פראָסט און ווינטער מיך ווידער מאכען קנאקען און סקריפּען!“ האָב איך געזיפצט: — יעמאָלט האָבען אייזיגע נעפּ־לען גענומען ארויפשטייגען פון מיר.

מיין עבר האָט זיינע קברים אויפגעבראָכען, ניט איין לעבע־דיג באַגראָבענער צער האָט ווידער אויפגעוואכט —: ער האָט זיך נאָר אויסגעשלאָפען, איינגעהילט אין די תכריכים.

אזוי־אָ האָט אַל' דאָסדינגג גערופען אין צייכענס צו מיר: „עס איז צייט!“ אָבער איך — האָב ניט געהערט: ביז מיין אָפּ־גרונט האָט לסוף זיך אַ ריהר געטאָן און מיין געדאַנק האָט מיך געביסען.

אַך, דו אָפּגרונטליכער געדאַנק, וואָס דו ביסט מ י י ן גע־דאַנק! ווען געפין איך די גבורה, צו הערען ווי דו גראָבסט און ניט מעהר צו ציטערען?

ביז צום האַלז ארויף קלאַפּט מיר דאָס האַרץ, ווען איך הער ווי דו גראָבסט! דיין שווייגען אפילו וויל מיך דערווערגען, דו אָפּגרונטליך שווייגענדער!

איך האָב מיך נאָך קיינמאָל ניט דערוועגט, דיך א ר ו י ף צו רופען: גענוג געווען, וואָס איך האָב דיך ארומגעטראָגען מיט מיר. נאָך ניט שטארק גענוג בין איך געווען פאַר דעם לעצטען לייבען־איבער־מוט און לייבען־שפּיעל־לוסט.

גענוג אָפּשרעקענדיג איז שוין תמיד פאַר מיר געווען דיין שווערקייט: אָבער שפּעטער אמאָל וועל איך נאָך די גבורה גע־פינען און די לייבען־שטים, וואָס זאָל דיך ארויפרופען!

ווען איך וועל מיך אין דעם האָבען גובר געווען, יעמאָלט וועל איך מיך גובר זיין נאָך אין אַ גרעסערער זאַך; און אַ זיעג זאָל זיין די חתימה פון מיין העכסטער מדרגה! —

דערוויילע פאָהר איך נאָך אום אויף אומגעוויסע ים'ען; דער צופאַל חנפה'ט מיר, דער גלאַט-צונגיגער; איך קוק פאָראויס און צוריק, — איך זעה נאָך ניט קיין ענד.

עס איז נאָך ניט געקומען אויף מיר די שעה פון מיין לעצטען קאַמף, — אָדער קומט זי אפשר אויף מיר גראָד איצטער? באמת, מיט באַטריגערישער שעהנקייט קוקען אויף מיר פון אַלע זייטען ים און לעבען!

אָ, דו נאָכמיטאָג פון מיין לעבען! אָ, גליק איידער אָווענט-צייט! אָ, האַפען אויף דעם הויך-כוואַליענדען ים! אָ, פרידען אין דעם אומגעוויסען! ווי וועניג גלויב איך אייך אַלעמען!

באמת, וועניג גלויב איך אין אייער באַטריגערישער שעהנ-קייט! איך בין צו דעם ליעבענדען געגליכען, וואָס איז חושד דעם צו פיעל סאַמעטענעם שמייכעל.

ווי ער פארשטויסט פון זיך זיין פיעל-געליעבטע, צערטליך נאָך אפילו אין זיין הארטקייט, — אזוי פארשטויס איך פון מיר אָט די גליק-געבענשטע שעה.

אוועק פון מיר, דו גליק-געבענשטע! מיט דיר איז צו מיר א גליקשאַפט געקומען להיפך צו מיין ווילען! אָנגעגרייט צו מיין טיעפסטען צער, שטעה איך דאָ: ביסט מיר צו פריה געקו-מען!

אוועק פון מיר, דו שעה פון גליקשאַפט! ליעבערשט זוך דיין אכסניה דאָרטען — ביי מיינע קינדער! אייל דיך! און בענש זיי, נאָך איידער אָווענט קומט, מיט מ י י ן גליק!

דער אָווענט איז שוין נאָהענט: די זון פארזינקט. אוועק איז מיין גליק!

אזוי האָט גערעדט זאראַטוסטרא. ער האָט געוואַרט אויף זיין אומגליק די גאַנצע נאַכט: אָבער ער האָט אומזיסט געוואַרט. די נאַכט איז געבליבען העל און שטיל און דאָס גליק גופא איז געקומען צו איהם אַלץ נעהענטער און נעהענטער. ארום אין דער פריה אָבער האָט זאראַטוסטרא געלאַכט אין זיין הארצען און

האָט געזאָגט מיט געשפּאָט: „דאָס גליק לויפט נאָך מיר נאָך. דאָס נעהמט זיך דערפון, וואָס איך לויף ניט־נאָך נאָך ווייבער. דאָס גליק אָבער איז אַ ווייבס־פּארשוין.“

*   *
*

## פאַר זון־אויפגאַנג.

אָ, הימעל איבער מיר, דו ריינער! טיעפער! דו אָפּגרונט פון ליכט־שיין! זעה איך דיך, שוידער איך פון געטליכע באַ־געהרען.

מיך אריינצואוואַרפען אין דיין הויך — אָט דאָס איז מ י י ן טיעף! מיך אין דיין ריינהייט צו בעהאַלטען — אָט דאָס איז מ י י ן אומשולד!

נאָט ווערט פאַרדעקט פון זיין שעהנקייט: אַזוי בעהאַלטסטו דיינע שטערען. דו רעדסט ניט: אַזוי פאַרקינדיגסטו מיר דיין קלוגשאַפט.

שטום איבער דעם ברויזענדען ים ביסטו מיר היינט אויפגע־גאַנגען, דיין ליעבע און דיין בושה רעדט אַנטפּלעקונג צו מיין ברויזענדער נשמה.

וואָס דו ביסט שעהן צו מיר געקומען, איינגעוויקעלט אין דיין שעהנקייט, וואָס דו האָסט שטום צו מיר גערעדט, אַנטפּלעקט אין דיין קלוגשאַפט:

אָ, ווי זאָל איך ניט האָבען דערשפּירט אַל' דאָס שעמעוודיגע פון דיין נשמה! פריהער פ אַ ר דער זון ביסטו געקומען צו מיר, דעם איינזאַמסטען.

מיר זיינען פריינד פון אָנהויב אָן: מיר האָבעןביידע איין צער, און איין אימה, און איין גרונט; אויך איין זון האָבען מיר ביידע אין איינעם.

מיר ריידען ניט צווישען זיך, ווייל מיר ווייסען צו פיעל — :

מיר שוויינען איינער צו דעם אנדערען, מיר שמייכלען ארויס אונ־זער וויסען איינער צו דעם אנדערען.

ביסטו ניט דער ליכט־שיין צו מיין פייער? האָסטו ניט די שוועסטער־נשמה צו מיין איינזעהן?

אין איינעם האָבען מיר אַלצדינג געלערנט; אין איינעם האָ־בען מיר געלערנט, ווי מיר זאָלען ארויפשטייגען צו זיך גופא און ניט־באוואָלקענט שמייכלען: —

ניט־באוואָלקענט ארונטער־שמייכלען פון ליכטיגע אויגען און פון מיילענווייטער ווייט, בעת צוואנג און צוועק און שולד דאמפען אונטער אונז ווי א רעגען.

און ווען איך האָב אליין געוואנדערט: נאָך וואָס האָט געהונגערט מיין נשמה אין די נעכט און אויף די אירר־שטעגען? און בעת איך בין אויף די בערג געשטיגען, וועמען האָב איך דען געזוכט אויף די בערג, אויב ניט דיך?

און מיין גאנצער וואנדערען און בארג־שטייגען: אויס נויט איז דאָס נאָר געווען און א באהעלף פאר דעם אומבאהאָלפענעם: — פ ל י ה ע ן נאָר וויל מיין גאנצער ווילען, אין ד י ר ארייג־פליהען!

און וואָס האָב איך מעהר געהאסט, איידער די פארביי־ציהענדע וואָלקענס און אַלץ, וואָס באפלעקט דיך? און מיין אייגע־נעם האס האָב איך נאָך געהאסט, ווייל ער האָט דיך באפלעקט!

איך בין אין כּעס אויף די ציהענדע וואָלקען, וואָס שאַ־רען זיך גניב'יש ווי רויב־קאצען: זיי נעהמען אוועק ביי דיר און ביי מיר, וואָס מיר האָבען בשותפות, — דאָס אומגעהויערע אומ־באגרענעצטע יאָ־און־אמן־זאָגען.

מיר זיינען אין כעס אויף יענע מיטלער און מישער, אויף די ציהענדע וואָלקענס: יענע אויף־העלפטיגע, וואָס האָבען זיך ניט אויסגעלערנט, ניט ווי צו בענשען, ניט ווי פון גרונט־אויס צו שיל־טען.

ליעבערשט וואָלט איך זיצען אין אַ טײַן אונטער אַ פאַרשלאָ־סענעם הימעל, ליעבערשט זיצען אין אַן אָפּגרונט אָהן אַ הימעל, איידער זעהן, ווי דו, ליכט־הימעל, ביסט באַפלעקט מיט ציה־וואָלקענס.

און אָפט האָט מיך אַ חשק אָנגענומען, צו צוהעפטען זיי מיט די געצייהנדעלטע גאָלד־דראָטען פון דעם בליץ, כדי איך זאָל קאָנען, ווי דער דונער, פויקען אויף זייער קעסעל־פויק: —

אַ צאָרענדיגער פייקלער, ווייל זיי רויבען ביי מיר אוועק דיין יע! און אמן! דו הימעל איבער מיר, דו ריינער! ליכטיגער! דו אָפּגרונט פון ליכט־שיין! — ווייל זיי רויבען ביי דיר אוועק מיין יע! און אמן!

ווייל ליעבערשט וויל איך האָבען געפילדער און דונער און וועטער־קללות, איידער יענע פאָרזיכטיגע צווייפלענדע קאַצען־רוה; און אויך ביי מענשען האַס איך מעהר פאַר אלץ אלע די שטיל־טרעטער און די האלב־אויף־האלבע און די צווייפלענדע, זיך מיט דער דעה שלאָגענדע ציה־וואָלקענס.

און „ווער עס קאָן ניט בענשען, זאָל זיך אויסלערנען צו שילטען!" — אָט די קלאָרע לערנונג איז מיר אראָבגעפאַלען פון דעם קלאָרען הימעל, אָט דער שטערן שטעהט אפילו אין די שווארצע נעכט אויף מיין הימעל.

איך בין אָבער אַ בענשענדער און אַ יאָ־זאָגער, ווען דו ביסט נאָר ארום מיר, דו ריינער, דו ליכטיגער! דו אָפּגרונט פון ליכט־שיין! — אין אלע אָפּגרונטען טראָג איך יעמאָלט אריין מיין בענשענד יאָ־זאָגען.

אַ בענשענדער בין איך געוואָרען, אַ יאָ־זאָגער: און צוליעב דעם האָב איך מיך לאנג געראַנגעלט און בין אַ ראַנגלער געווען, כדי איך זאָל שפּעטער אמאָל פריי באַקומען די הענט צו בענשען.

דאָס איז אָבער מיין ברכה: איבער יעדער זאַך צו שטעהן ווי איהר אייגענער הימעל, ווי איהר קיילעכדיגער דאַך, איהר

אזורענע גלאַק און אייביגע זיכערקייט: און פול פון גליק איז דער, וואָס גיט אַזאַ ברכה!

ווייל אַלע זאַכען זיינען גע'טובל'ט אין דעם קוואַל פון אייביג־קייט און פון יענער זייט גוט און בייז; גוט און בייז גופא זיינען אָבער נאָר צווישען־שאָטענס און פייכטע באַטריבטקייטען און ציה־וואָלקענס.

באמת, דאָס איז אַ ברכה און ניט קיין לעסטערונג, ווען איך לערען: „איבער אַלע זאַכען שטעהט דער הימעל צופאַל, דער הימעל אומשולד, דער הימעל סתם־אַזוי, דער הימעל שטיפערישקייט".

„פון סתם־אַזוי" — דאָס איז דער עלטעסטער יחוס־אַפּשטאַם פון דער וועלט, איהם האָב איך צוריקגעגעבען צו אַלע זאַכען, איך האָב זיי אויסגעלייזט פון זייער קנעכטשאַפט צו דעם צוועק.

אָט די פרייקייט און הימעל־לויטערקייט האָב איך אוועק־געשטעלט ווי אַן אַזורענע גלאָק איבער אַלע זאַכען, בעת איך האָב געלערנט, אַז איבער זיי און דורך זיי וויל ניט קיין — „אייביגער ווילען".

אָט די שטיפערישקייט און אָט די נאַרישקייט האָב איך אוועק־געשטעלט אנשטאָט יענעם ווילען, בעת איך האָב געלערנט: „ביי אַלע זאַכען איז נאָר איין זאַך אונמעגליך: „שכל'דיגקייט"!

אַ ב י ס ע ל שכל, אַ זוימען קלוגשאַפּענקייט צושטרויט פון שטערן צו שטערן, — אָט דער זויער־טייג איז צוגעמישט אין אַלע זאַכען: צוליעב דער נאַרישקייט איז קלוגשאַפּענקייט אין אַלע זאַכען צוגעמישט!

אַ ביסעל שכל, דאָס איז שוין יע מעגליך; אָבער אין אַלע זאַכען האָב איך געפונען אָט די גליק־געבענשטע זיכערקייט: וואָס זיי ווילען בעסער ט אַ נ צ ע ן — אויף די פיס פון צופאַל.

אָ הימעל איבער מיר, דו ריינער! הויכער! דאָס איז פאַר מיר דיין ריינקייט, וואָס עס איז ניטאָ קיין אייביגע שכל־שפּין און קיין שכל־שפּין־נעצען: —

— וואָס דו ביסט א טאנץ־פּלאַץ פאר געטליכע צופעלען, וואָס דו ביסט א געטער־טיש פאר געטליכעביינדלעך און ביינדלעך־שפּיעלער! —

נאָר — דו ביסט רויט געוואָרען? האָב איך געזאָגט אזוינס, וואָס זאָל ניט ארויסגעזאָגט ווערען? האָב איך געלעסטערט, בעת איך האָב געוואָלט דיך בענשען?

אָדער האָט די בושה פון זאלבאנאנד־זיין דיך געמאכט רויט־ווערען? — הייסט דו מיר געהן און שווייגען, ווייל איצט קומט — דער טאָג?

די וועלט איז טיעף: — און טיעפער, איידער דער טאָג האָט ווען געדאכט. ניט אלץ דארף האָבען ווערטער פאר דעם טאָג. אָבער דער טאָג קומט: איז — לאָמיר זיך צושיידען!

אָ הימעל איבער מיר, דו שעמעוודיגער! גליהענדער! אָ דו מיין גליק איידער זון־אויפגאנג! דער טאָג קומט: איז — לאָמיר זיך צושיידען! —

אזוי האָט גערעדט זאראטוסטרא.

* *
*

# די טוגענד וואָס מאַכט קלענער.

1.

ווען זאראַטוסטראַ איז ווידער אראָפּ אויף דער יבשה, איז ער ניט געגאַנגען גלייכוועגס צו זיינע בערג און זיין הייהל, נייערט ער איז געגאַנגען אין אַ סך וועגען און האָט געשטעלט אַ סך פראַגען און האָט אויסגעפאָרשט דאָס און יענס, אַזוי אַז ער האָט וועגען זיך גופא געזאָגט אין שפּאַס: „טו אַ קוק אויף אַ שטראָם, וואָס פליעסט אין אַ סך ווענדונגען צוריק צו זיין קוואַל!" ווייל ער האָט געוואָלט אויסגעפינען, וואָס איז דערווייל פאָרגעקומען מ י ט ד ע ם מ ע נ ש ע ן: צי איז ער געוואָרען גרעסער אָדער קלע־נער. און איין מאָל האָט ער דערזעהן אַ צייל נייע הייזער! האָט ער זיך געוואונדערט און געזאָגט:

„וואָס באַדייטען אָט די הייזער? באמת, קיין גרויסע נשמה האָט זיי ניט אַוועקגעשטעלט, ווי אַ משל אויף זיך!

האָט אַ שוטה אַ קינד זיי ארויסגענומען פון זיין קעסטעל מיט שפּיעל־געצייג? זאָל דאָך אַן אנדער קינד זיי ווידער אריינ־לייגען אין קעסטעל!

און די חדרים מיט די קאַמערען: קאָנען מ אַ נ ס ־ פּ אַ ר־ ש ו י נ ע ן דאָ אריין־ און ארויסגעהן? עס דוכט זיך מיר, זיי זיינען געמאַכט פאַר זיידענע ליאַלקעס; אָדער פאַר נאַשערינס־קעץ, וואָס לאָזען זיך אויך, מען זאָל זיי נאַשען".

און זאראַטוסטראַ איז געבליבען שטעהן און האָט נאָכגע־טראַכט. לסוף האָט ער געזאָגט באַטריבטערהייד: „אַלץ איז קלע־נער געוואָרען! אומעטום זעה איך נידעריגע טויערען: ווער עס

איז פון מיין וואוקס קאַן דאָ נאָך אויך דורכגעהן — אָבער ער מוז זיך — בוקען!

אַ, ווען קום איך ווידער אין מיין היים־געבירט, וואו איך דארף מיך מעהר ניט בוקען — דארף מיך מעהר ניט בוקען פ א ר ד י ק ל י י נ ע!" — און זאראטוסטרא האָט געזיפצט און גע־קוקט אין דער וויט. —

אין דעמזעלביגען טאָג אָבער האָט ער גערעדט זיינע רייד ווע־גען דער טוגענד וואָס מאכט קלענער.

2.

איך געה דורך דאָס פאָלק און האַלט אָפען די אויגען: זיי קאָנען ניט מוחל זיין מיר, וואָס איך בין זיי ניט מקנא זייערע טוגענדען.

זיי ווילען מיך בייסען, ווייל איך זאָג זיי: פאר קליינע לייט דארף מען האָבען קליינע טוגענדען — און ווייל עס איז מיר שווער צו פארשטעהן, אויף וואָס ד א ר ף מ ע ן ה א ב ע ן קליינע לייט!

איך בין נאָך געגליכען דאָ צו דעם האָהן אויף א פרעמדען הויף, וואָס אפילו די היהנער בייסען איהם; פון דעסטוועגען נעהם איך דאָס די היהנער ניט פאר אומגיט.

איך בין העפליך צו זיי, ווי צו יעדער קליינער ערגערנים; שטעכיג צו זיין מיט קליינע, דאָס, דאכט מיר, איז די קלוגשאפט פון א יאָזשיק.

זיי ריידען אלע וועגען מיר, ווען זיי זיצען אין אָוועגט ארום פייער, אָבער קיינער — טראכט ניט וועגען מיר!

דאָס איז די נייע שטילקייט, וואָס איך האָב געלערנט: זייער ליארעם ארום מיר שפרייט אויס א מאנטעל איבער מיינע געדאנ־קען.

זיי ליארעמען צווישען זיך: „וואָס וויל אונז טאָן אָט דער

פינסטערער וואָלקען? לאָמיר אכטונג געבען, ער זאָל קיין מגפה ניט ברענגען אויף אונז!"

און אנומעלט האָט אַ פרוי אוועקגעריסען צו זיך איהר קינד, וואָס האָט געוואָלט צו מיר: „נעהמט אוועק די קינדער! האָט זי געשריען; אזוינע אויגען פאר'שרפה'ן קינדערשע נשמות".

זיי הוסטען, ווען איך רייד: זיי מיינען, הוסטען איז אַן אָפּ־פרעג אנטקעגען שטארקע ווינטען, — זיי זיינען גאָרנישט ניט משיג אין דעם ברויזען פון מיין גליק.

„מיר האָבען נאָך קיין צייט ניט פאר זאראטוסטרא'ן" — אזוי טוען זיי טענה'ן; אָבער וועמען נעהט אָן אַ צייט, וואָס האָט פאר זאראטוסטרא'ן „קיין צייט ניט"?

און ווען זיי הויבען מיך גאָר אָן צו לויבען: ווי וואָלט איך געקאָנט איינשלאָפען אויף זייערע שבחים? אַ שטעכער־גארטעל איז פאר מיר זייער לויב: עס קראצט מיך נאָך, ווען איך טו איהם אויס.

און אויך דאָס האָב איך געלערנט פון זיי: דער וואָס לויבט, מאכט דאָס אזוי, ווי ער וואָלט באצאָהלט צוריק, אין אמת'ן אָבער וויל ער נאָך מעהר באשענקט זיין!

פרעגט ביי מיין פוס, צי געפעלט איהם דער אופן, ווי זיי לויבען און פרואווען פארפיהרען! באמת, נאָך אזא טאקט און טיק־טאק ווילט זיך איהם ניט: ניט טאנצען, ניט שטיל־שטעהן.

זיי ווילען מיך לויבען און ארייננארען צו דער קליינער טו־גענד. זיי וואָלטען געוואָלט איבעררעדען מיין פוס צו דעם טיק־טאק פון דעם קליינעם גליק.

איך געה דורך דאָס פאָלק און האלט אָפען די אויגען: זיי זיינען קלענער געוואָרען און כסדר ווערען זיי קלענער: דאָס קומט פון זייער לערנונג וועגען גליק און טוגענד.

מחמת זיי זיינען עניוות'דיג אויך אין דער טוגענד, — ווייל זיי ווילען באקוועמליכקייט. מיט באקוועמליכקייט אָבער קאָן נאָר די עניוות'דיגע טוגענד זיך פארטראָגען.

געווים לערנען אויך זיי זיך אויס, אויף זייער אופן צו שרייטען און פאָראויס צו שרייטען: איך רוף דאָס זייער געפּענטעט־שפּרינגען — דורך דעם ווערען זיי אָן אַנשטויס פאר יעדען, וואָס איילט זיך.

און אָן אַנדערער פון זיי געהט פאָראויס און קוקט דערביי אויף צוריק, מיט א פארשטייפטען נאקען: אזוינעם טו איך מיט חשק אריינלויפען אין לייב אריין.

פוס און לייב זאָלען ניט לאיגען, אויך ניט אויפוואַרפען איינס דעם אנדערען אין לאיגען. אָבער א סך ליגנעריי איז ביי די קליינע לייט.

איניגע פון זיי טוען ווען, אָבער די מיינסטע ווערען נאָר באַווילט. איניגע פון זיי זיינען עכט, אָבער די מיינסטע זיינען שלעכטע אקטיאָרען.

עס זיינען פאראן צווישען זיי אקטיאָרען להיפך צו זייער וויסען און אקטיאָרען להיפך צו זייער ווילען, — די עכטע זיינען שטענדיג זעלטען, דער עיקר, די עכטע שוישפּיעלער.

דאָ איז ווייניג מאַנסביל: דעריבער פארמאַנסבילען זיי זייערע ווייבער. ווייל נאָר דער, וואָס איז מאנסביל גענוג, וועט אין דער ווייבס־פארשיין די ווייבס־פארשוין אויסלעזען.

און אָט די צבוע'ישקייט האָב איך געפונען ביי זיי ערגער פאר אלץ: וואָס אויך די, וועלכע באפעהלען, מאכען צבוע'יש נאָך די טוגענדען פון יענע, וואָס דיענען.

„איך דיען, דו דיענסט, מיר דיענען" — אזוי איז דאָ מתפלל אויך די צבוע'ישקייט פון די הערשענדע, — און וועה צו איהם, אויב דער ערשטער האר איז נאָר דער ערשטער דיענער!

אַך, אויך אין זייערע צבוע'ישקייטען איז זיך פארפלויגען די

נייניער פון מיין אויג; און גוט האָב איך געטראָפפען זייער גאַנצען פליעגען־גליק, מיט זייער זשומען ארום די באַזונטע פענ־סטער־שויבען.

וויפיעל גוטסקייט, אזוי פיעל שוואַכקייט האָב איך געזעהען. וויפיעל יושר און רחמנות, אזוי פיעל שוואַכקייט.

קיילעכדיג, אָרענטליך און גיטיג זיינען זיי איינער מיט דעם אנדערען, ווי זעמדערלעך זיינען קיילעכדיג און גיטיג צו זעמדערלעך.

עניוות'דיג ארומנעהמען א קליין גליק — דאָס רופען זיי „הכנעה"! און דערביי קוקען זיי שוין עניוות'דיג פון דער זייט נאָך א נייעם קליינעם גליק.

אין גרונט פון זייער הארצען ווילען זיי פּשוט איין זאַך מעהר פאַר אַלץ: אז קיינער זאָל זיי ניט וועה טאָן. דערפילען זיי אין פאָראויס יעדען איינעמס וואונש און טוען איהם גוטס.

דאָס איז אָבער פּ ח ד נ ו ת, ווען אפילו עס רופט זיך „טוגענד". —

און ווען זיי ריידען א מאָל גראָב, אָט די קליינע לייט: הער איך אין דערינען נאָר זייער הייזעריגקייט, — מחמת פון יעטליכען ווינד־צוג ווערען זיי הייזעריג.

קלוג זיינען זיי, זייערע טוגענדען האָבען קלוגע פינגער. אָבער זיי פעהלט די פויסטען, זייערע פינגער ווייסען ניט, ווי צו פאַר־קריכען הינטער די פויסטען.

טוגענד איז ביי זיי דאָס, וואָס מאַכט עניוות'דיג און שטוביג. דורכדעם האָבען זיי פון א וואָלף א הונט געמאַכט און פון דעם מענשען גופא — דעם מענשענס בעסטע שטוב־חיה.

„מיר שטעלען אוועק אונזער שטול אין מ י ט ע ן" — דאָס זאָגט מיר זייער צופרידענער שמייכעל — און אַקוראַט אַזוי ווייט פון די שטאַרבענדע פעכטער, ווי פון די פאַרגעניגטע חזירים."

דאָס איז אָבער מ י ט ע ל ־ מ אָ ס י ג ק י י ט: ווען אפילו עס רופט זיך, זיך האַלטען אין מאָס.

3.

איך געה דורך דאָס פאָלק און לאָז פאַלען אַ וואָסער וואָרט: אָבער זיי ווייסען ניט ווי צו נעמען, און ניט ווי צו האַל־טען עס.

זיי וואונדערען זיך, וואָס איך בין ניט געקומען צו לעסטערען אויף לוסטען און לאַסטערס; און אין דער אמת'ן, איך בין דאָך ניט געקומען צו וואָרענען פאַר גנבים!

זיי וואונדערען זיך, וואָס איך בין ניט אָנגעגרייט, זייער קלוג־קייט צו מאַכען נאָך וויטציגער און שפּיציגער: אַקוראַט ווי זיי האָבען ניט גענוג חכמים'לעך, וועמעס שטים עס גרילצט מיר ווי אַ שיעפער־שטיפט אין די אויערען!

און ווען איך רוף אויס: „אַ קללה אויף אַלע פּחדנ'ישע טייוואָלים אין אייך, וואָס וואָלטען וועלען רק ווינזלען און די הענד צונויפלייגען און „תפילה טאָן", איז — רופען זיי אויס: „זאַראַטוסטראַ איז אַ כופר בעיקר".

און בפרט רופען דאָס אויס זייערע לעהרער פון „הכנעה" —; אָבער גראָד זיי האָב איך האָלט אין אויער אריין צו שרייען: יע! איך בין זאַראַטוסטראַ, דער כופר בעיקר!

אָט די לעהרער פון הכנעה! אומעטום, וואו עס איז קליין און קראַנק און קרעציג, קריכען זיי אריין ווי די לייז; און נאָר מיין עקעל דערלאָזט מיך ניט, אויסצוקנאַקען זיי.

איז — גוט! אָט דאָס איז מיין פּריידיגט פאַר ז י י ע ר ע אויערען: איך בין זאַראַטוסטראַ, דער כופר בעיקר, וואָס זאָגט: „ווער לייקענט נאָך מעהר אין גאָט איידער איך, איך זאָל מיך דער־פרעהען מיט זיין למוד?"

איך בין זאַראַטוסטראַ, דער כופר בעיקר: וואו געפין איך מיינס אַ גלייכען? און מיינס אַ גלייכען זיינען אַלע, וואָס גיבען זיך גופא זייער ווילען און טוען אָפּ פון זיך יעדע הכנעה.

איך בין זאַראַטוסטראַ, דער כופר בעיקר: איך קאָך מיר איט־

ליכער צופאל אין מיין טאָפּ. און ערשט ווען ער איז אין גאנצען אויסגעקאָכט, נעם איך איהם פריינדליך אויף, ווי מ י י ן שפּייז.

און באמת, ניט איין צופאל איז געקומען ווי א האר צו מיר: אָבער נאָך הארישער האָט גערעדט צו איהם מיין ו ו י ל ע ן, — איז ער שוין געלעגען צויף די קניע און זיך געבעטען —

— זיך געבעטען, אז ער זאָל געפינען א היים און א הארץ ביי מיר, און האָט מיט חניפה איינגערעדט: „זעה דאָך, אָ זאראַ־טוסטרא, ווי נאָר א פריינד קומט צו א פריינד!"

נאָר — וואָס רייד איך דאָ, אז קיינער האָט ניט מיינע אויערען! און דעריבער וויל איך דאָס אין אַלע ווינטען ארויס־רופען:

איהר ווערט כסדר קלענער, איהר קליינע לייט! איהר ברע־קעלט זיך אָפּ, איהר באַקוועמינקע! איהר וועט מיר נאָך געהן צו גרונט — איבער אייערע פיעלע קליינע טוגענדען, איבער אייערע פיעלע קליינע חטאים'לעך, איבער אייער פולער קליינער הכנעה!

צו פיעל געשאָנעוועט, צו פיעל נאָכגעגעבען: אזוי איז אייער פלאנץ־ערד. אָבער כדי א בוים זאָל ג ר ו י ס ווערען, דערצו וויל ער שלאָגען הארטע וואָרצלען ארום א הארטען פעלז!

אויך דאָס, וואָס איהר לאָזט דורך, וועבט אויף דעם געוועב פון דער גאנצער מענשען־צוקונפט; אויך אייער נישטיגקייט איז א שפּין־נעץ און א שפּין, וואָס לעבט פון דעם בלוט פון דער צוקונפט.

און ווען איהר נעמט, איז דאָס ווי גע'גנבה'ט, איהר רעכט־שאפענע; אָבער אפילו צווישען שעלמען זאָגט די ע ה ר ע: „מען זאָל נאָר גנבה'נען, וואו מען קאָן ניט גזלנ'ען".

„עס גיט זיך" — דאָס איז אויך א לערנונג פון דער הכנעה. אָבער איך זאָג אייך, איהר באַקוועמליכע: עס נ ע מ ט זיך און וועט נאָך מעהר פון אייך נעמען!

אָך, ווען איהר וואָלט אָפּגעטאָן פון אייך יעדען  ה א ל ב ע ן וועלען און וואָלט צו גאָרנישט־טאָן זיך באַשליסען, ווי צו דער טהאָט!

אָך, ווען איהר וואָלט פארשטאַנען מיין וואָרט: „טוט אייך אַלץ, וואָס איהר ווילט, — אָבער פריהער זייט ערשט אַזעלכע וואָס  ק אָ נ ע ן   ו ו ע ל ע ן!"

— ליעבט וויפיעל איהר ווילט אייער חבר ווי זיך אליין, — אָבער פריהער דאַרפט איהר ערשט זיין אזעלכע,  ו ו אָ ס   ל י ע־ ב ע ן   ז י ך   א ל י י ן —

— ליעבען מיט דער גרויסער ליעבע, ליעבען מיט דער גרוי־סער פאראכטונג! אזוי רעדט זאראטוסטרא, דער כופר בעיקר.—

נאָר וואָס רייד איך, אז קיינער האָט ניט  מ י י נ ע  אויע־רען! דאָ איז נאָך א שעה צו פריה פאר מיר.

איך בין מיין אייגענער פאָרלויפער צווישען אָט דעם פאָלק, מיין אייגענער האָהן־געקרעה דורך טונקעלע גאסען.

אָבער  ז י י ע ר  שעה קומט! און אויך מיין שעה קומט! מיט יעדער שעה ווערען זיי קלענער, ערעמער, אומפרוכפּערער, — אָרעמע קרייטעכער! אָרעמע פלאַנץ־ערד!

און באלד וועלען זיי שטעהן פאר מיר, ווי איינגעדארטע גראָז אין א סטעפּ און באמת פאר׳נמאס׳ט צו זיך אליין — און נעלעכצט נאָך  פ י י ע ר,  מעהר איידער נאָך וואסער!

אָ, געבענשטע שעה פון בליץ! אָ, דער סוד פון פאר האלבען־טאָג! איך וועל אמאָל נאָך מאכען פון זיי לויפענדע פייערס און העראָלדען מיט פלאמען־צינגער:

זיי זאָלען נאָך אויסרופען מיט פלאמען־צינגער: ער קומט, ער איז נאָהענט, דער גרויסער האלבער־טאָג!

אזוי האָט גערעדט זאראטוסטרא.

*   *

*

## אויף דעם אווילבערט־בארג.

דער ווינטער, א שלעכטער גאסט, זיצט ביי מיר אין שטוב; בלאה זיינען מיינע הענט פון זיין פריינדשאפטליכען האנט־דרוק.

איך האלט איהם עהרליך, דעם שלעכטען גאסט, אבער לאז איהם גערן זיצען אליין. גערן לויף איך אוועק פון איהם; און לויפט מען  ג ו ט,  אנטלויפט מען פון איהם.

מיטווארעמע פיס און ווארעמע געדאנקען לויף איך אהין, וואו דער ווינט שטעהט שטיל, צו דעם זון־ווינקעל פון מיין אויל־בערט־בארג.

דארטען לאך איך אויס מיין שטרענגען גאסט און בין איהם נאך מכיר־טובה, וואס ער כאפט מיר אויס די פליגען אין דער היים און שטילט איין א סך קליינעם ליארעם.

מחמת ער קאן ניט אריבערטראגען, ווען א מוק וויל זינגען, אדער גאר צוויי; די גאנצע גאס מאכט ער איינזאם. כדי די לבנה זאל דארטען מורא האבען ביי דער נאכט.

א הארטער גאסט איז ער, — אבער עהרליך האלט איך איהם און איך בעט ניט אן דעם דיק־בויכיגען פייער־אפגאט, ווי די פאר־צערטעלטע.

בעסער נאך א ביסעל קלאפען מיט די ציינער, איידער אנבעטען אן אפגאט! — אזוי וויל דאס מיין נאטור. און דער עיקר בין איך ברוגז אויף אלע איבערגעהיצטע, דאמפיגע, דומפיגע פייער־אפגעטער.

ווען איך האב ליעב, יענעם ליעב איך בעסער אין ווינטער איידער אין זומער; בעסער און הארציגער שפאט איך איצטער פון מיינע פיינד, זינט דער ווינטער זיצט ביי מיר אין שטוב.

באמת הארציגער, אפילו יעמאלט ווען איך  ק ר י ך  אין מיין בעט — : יעמאלט לאכט און שטיפט נאך מיין פארקראָ־בענער גליק; עס לאכט נאך מיין ליגען־טרוים.

איך א — קריכער? קיינמאל אין לעבען בין איך ניט

געקראַכען פאַר די מעכטיגע; און אויב איך האָב ווען געלאַיגט, האָב איך געלאַיגט אויס ליעבע. דעריבער בין איך פרעהליך אויף אין א ווינטער־בעט.

א פשוט'ע בעט וואָרעמט מיך מעהר איידער א רייכע, ווייל איך בין אייפערזיכטיג אויף מיין אָרעמקייט, און אין ווינטער איז זי מיר טרייער איידער אַלע מאָל.

מיט א רשעות באַגעגין איך יעדען טאָג; איך לאַך אויס דעם ווינטער מיט א קאַלטער באָד: דערויף ברומט מיין שטרענגער הויז־פריינד.

אויך קיטצעל איך איהם גערן מיט א וועקסען ליכטעל: ער זאָל מיר לסוף דעם הימעל ארויסלאָזען פון דעם אַש־גראָהען בין־השמשות.

נאָר דערהויפט בין איך בייז־געשטימט אין דער פריה: אין דער פריהער שעה. ווען דער עמער סקריפּעט ביים ברונען און די פערד הירזשען ווארעם דורך די גראָהע גאַסען: —

אומגעדולדיג ווארט איך יעמאָלט, ווען וועט מיר שוין אויפ־געהן דער ליכטיגער הימעל, דער שנעע־באָרדיגער ווינטער־הימעל, דער זקן מיט דעם ווייסען קאָפּ. —

— דער ווינטער־הימעל, דער פארשוויגענער, וואָס פארשווייגט אָפטמאָל אויך זיין זון!

האָב איך מיך דאָס פון איהם אויסגעלערנט לאַנג און ליכ־טיג צו שווייגען? אָדער האָט ער זיך דאָס אויסגעלערנט פון מיר? אָדער האָט יעדער איינער פון אונז דאָס אַליין אויסגעפונען?

דער מקור פון אַלע גוטע זאַכען איז טויזענטפאַלטיג, — אַלע גוטע שטיפערישע זאַכען שפּרינגען פאַר פרייד אריין אין די עקזיסטענץ: ווי וואָלטען זיי דאָס אַלע מאָל געקאָנט טאָן — נאָר צוליעב איין מאָל!

א גוטע שטיפערישע זאַך איז אויך דאָס לאַנגע שווייגען און קוקען, ווי דער ווינטער־הימעל אויס א ליכטיגען פנים מיט רונדע אויגען:

— אזוי ווי ער, פארשווייגען זיין זון און זיין ניט־צו־בויגענדען זון־ווילען: באמת, אָט די קונסט און אָט די ווינטער־שטיפעריי האָב איך ג ו ט אויסגעלערנט!

מיין בעסטע רשעות און קונסט איז — וואָס מיין שווייגען האָט זיך אויסגעלערנט ניט ארויסצוגעבען זיך דורך שווייגען.

מיט ווערטער און ביינדלעך קלאַפּענדיג, איבערשפּיצעל איך די שטייף־ערנסטע ווארטער: פון אַלע יענע שטרענגע אויפפּאַסער זאָל מיין ווילען און צוועק זיך ארויסדרעהען.

כדי קיינער זאָל מיר ניט קאָנען אריינקוקען אין מיין גרונט און מיין לעצטען ווילען, — צוליעב דעם האָב איך מיר אויסגעטראכט דאָס לאנגע, ליכטיגע שווייגען.

איך האָב געפונען ניט איין חכם וואָס האָט פארשלייערט זיין פּנים און האָט ברודיג געמאכט זיין וואסער, כדי קיינער זאָל ניט קאָנען ארונטערקוקען און דורכבליקען.

אָבער גראָד צו איהם זיינען געקומען די קליגערע ניט־גלויבער און נוס־קנאַקער: גראָד ביי איהם האָט מען ארויסגעפישט דעם פארבאָרגענסטען פיש זיינעם!

נייערט די קלאָרע, די עהרליכע, די דורכזיכטיגע, — אָט דאָס זיינען מיר די קליגסטע שווייגער: ווייל זייער גרונט איז אזוי טיעף, אז אויך דאָס קלאָרסטע וואסער גיט איהם ניט ארויס.

דו שנעע־באָרדיגער, שווייגיגער ווינטער־הימעל, דו רונד־אויגיגער ווייס־קאָפּ איבער מיר! אָה, דו הימעלשער משל אויף מיין נשמה און איהר שטיפערישען ווילען!

און מוז איך דען ניט בעהאלטען זיך, פּונקט ווי איינער וואָס האָט גאָלד פארשלונגען, — כדי מען זאָל מיר ניט אויפשניידען מיין נשמה?

מוז איך דען ניט אומגעהן אויף שטאָלצעס, כדי זיי זאָלען פ א ר ז ע ה ן מיינע לאַנגע פיס, — אָט די אַלע ניט־פארגינער און זלידניעס, וואָס זיינען אַרום מיר?

יענע רויכיגע, שטויב־ווארעמע, אָפּגעניצטע, פארגרינטע, פאר־ברוגז׳טע נשמות, — ווי וואָלט זייער קנאה געקאָנט אריבער טראָ־גען מיין גליק!

איז — בעוויז איך זיי נאָר דאָס אייז און דעם ווינטער אויף מיינע בארג־שפּיצען — און ניט, אז מיין בארג איז אויף ארומגעגארטעלט מיט אלע זון־גארטלען!

זיי הערען נאָר ווי מיין ווינטער־שטורעם פייפט — און ניט, אז איך פאָהר אויך ארום איבער ווארעמע ים׳ען, ווי די פאר־בענקטע, שווערע, הייסע דרום־ווינטען.

זיי לייגען רחמנות אויף מיינע סבות און צופעלען: אָבער מיין וואָרט זאָגט: „זאָל דער צופאל קומען צו מיר: אומשולדיג איז ער, ווי אַן עופה׳לע!"

ווי יואָליען זיי געקאָנט אריבערטראָגען מיין גליק, ווען איך וואָלט ניט ארומגעלייגט סבות און ווינטער־נויטען און אייז־בער־היטלען און שנעע־הימעל־מאַנטלען ארום מיין גליק!

ווען איך אליין וואָלט מיך ניט דערבארימט אויף זייער רחמנות: אויף דעם רחמנות פון יענע ניט פארגינער און זליעדניעס!

ווען איך אליין וואָלט ניט געזיפצט פאר זיי און ניט געצי־טערט פאר קעלט און וואָלט ניט געלאָזט נעדולדיג מיך איינוויקלען אין זייער רחמנות!

אָט דאָס איז דער קלוגשאפען־שטיפערישער און גוטער ווילען פון מיין נשמה, וואָס זי  ב ע ה א ל ט  ניט איהר ווינטער און איהרע פראָסט־שטורעמס; זי בעהאלט אויך ניט איהרע פראָסט־געשווירען.

איינעמס איינזאמקייט איז א קראנקענס פליטה. דעם אנ־דערענס איינזאמקייט איז די פליטה פון די קראנקע.

זאָלען זיי מיך הערען, ווי איך זיפץ און מיך קלאַפּערט פאר קעלט, אלע יענע אָרעמע, קרום־אויגיגע שעלמען ארום מיר! מיט אזא געזיפץ און געקלאַפּער אנטלויף איך פון זייערע געהייצטע שטיבער.

זאָלען זיי האָבען מיטלייד און מיט־זיפצענים מיט מיר פאַר מיינע פראָסט־געשווירען: „ער וועט נאָך ביי אונז פאַרפראָרען ווערען אויף דעם אייז פון דער דערקענטניס“ — אזוי טוען זיי קלאָגען.

דערווייל לויף איך ארום מיט ווארעמע פיס אהין און אהער אויף מיין אייל־בערט־בארג: אין דעם זון־ווינקעל פון מיין אויל־בערט־בארג זינג איך און שפּאָט פון יעדען מיטלייד. —

אזוי האָט געזונגען זאראַטוסטראַ.

*     *

*

## דאָס פאַרבייגעהן.

אזוי ארום איז זאראַטוסטראַ געגאַנגען אין ארומיגע וועגען, לאַנגזאַם דורכשרייטענדיג דורך א סך פאָלק און פיעלערליי שטעדט, צוריק צו זיינע בערג און זיין הייל. און זעה — אומגעריכטער־הייד איז ער דערביי געקומען צו דער שטאָדט־טויער פון דער גרוי־סער שטאָדט: דאָ איז אָבער ארויפגעשפּרונגען אויף איהם א שוימענדער נאַר מיט פאַנאַנדערגעשפּרייטע הענט און האָט זיך איהם געשטעלט אין וועג. דאָס איז אָבער געווען דערזעלביגער נאַר, וועמען דאָס פאָלק האָט גערופען „זאראַטוסטראַ'ס אַף“: ווייל ער האָט זיך אָבגעמערקט עפּעס פון זיין סגנון הלשון און האָט אויך מיט חשק געבאָרגט פון דעם אוצר פון זיין קלוגשאַפענקייט. דער נאַר אָבער האָט אזוי גערעדט צו זאראַטוסטראַ:

„אָ, זאראַטוסטראַ, דאָ איז די גרויסע שטאָדט. דאָ האָסטו גאָרנישט וואָס צו זוכען און אַלץ צו פאַרלירען.

צו וואָס ווילסטו בראָדזיען דורך אָט דער בלאָטע? האָב דאָך רחמנות אויף דיין פוס. טו בעסער א שפּיי אויף דער טויער פון שטאָדט און — קער זיך אום!

דאָ איז א גיהנום פאַר די געדאַנקען פון א מתבודד: דאָ

ווערען די גרויסע געראַנקען לעבעדיגערהייד געזאָדען און קליין גע־קאָכט. דאָ צופוילען אַלע גרויסע געפיהלען: דאָ מעגען נאָר קלאַפּער־טרוקענע געפיהלכלעך קלאַפּערען!

הערסטו שוין ניט דעם ריח פון די שלאַכט־הייזער און די גאָר־קירכען פון דעם גייסט? דאַמפּט ניט אָט די שטאָדט מיט דעם דונסט פון דעם געשלאַכטעטען גייסט?

זעהסטו ניט ווי די נשמות הענגען, ווי ווייכע שמוציגע לומ־פען? — און זיי מאַכען נאָך צייטונגען פון יענע לומפּען.

הערסטו ניט, ווי דער גייסט איז דאָ געוואָרען אַ וואָרט־שפּיעל? חלשות׳דיגע וואָרט־שווענקעכץ מייקענט ער ארויס! און זיי מאַכען נאָך צייטונגען פון יענער וואָרט־שווענקעכץ.

זיי טרייבען אָנגערייצט איינער דעם אַנדערען און ווייסען ניט, וואוהין? זיי דערציהען איינער דעם אַנדערען און ווייסען ניט, צו וואָס? זיי קלימפּערען מיט זייער בלעך, זיי קלינגלען מיט זייער גאָלד.

זיי זיינען קאַלט און זיי זוכען זיך וואַרעמקייט ביי דעם גע־ברענטען וואַסער; זיי זיינען דערהיצט און זוכען זיך קיהלקייט ביי געפראָרענע גייסטער; זיי זיינען אַלע קראַנק און צוואווהטיגט פון עפענטליכע מיינונגען.

אַלע לוסטען און לאַסטערס זיינען דאָ אין דער היים. אָבער עס איז דאָ פאַראַן אויך טוגענדהאַפטע, עס איז דאָ פאַראַן אַ סך אָנגעשטעלטע טוגענד, וואָס מאַכט דעם קלוגען אָנשטעל: —

פיעל פלינקע טוגענד מיט שרייבפינגער און הארטען זיץ־פלייש און ווארט־פלייש, געבענשט מיט קליינע שטערענדלעך אויף זייער ברוסט און מיט אויסגעשטאָפּטע טעכטער אָהן אַ הינטער־חלק.

עס איז דאָ אויך פאַראַן אַ סך פרומקייט און אַ סך גלויביגע שפּייעכץ־לעקעריי און חניפה־בעקעריי פאַר דעם גאָט, דעם האַר צבאות.

„פון אויבען" אַראָפּ טריפט דאָך דער שטערן און די גענאָ־דיגע שפּייעכץ; צו אויבען אַרויף בענקט איטליכער בוזים־שטערן.

די לבנה האָט איהר הויף און דער הויף האָט זיינע לבנה־קעלבער: צו אַלץ אָבער, וואָס עס קומט פון דעם הויף, בעט דאָס בעטלער־פאָלק און איטליכע פלינקע בעטלער־טוגענד.

„איך דיען, דו דיענסט, מיר דיענען" — אַזוי איז מתפלל יעדע פלינקע טוגענד אַרויף צו דעם פירסט: אַז דער פאַרדיענטער שטערן זאָל זיך לסוף אָנהעפטען אָן דעם שמאָלען בוזים!

אָבער די לבנה דרעהט זיך נאָך אַרום אַלץ, וואָס איז ערדיש, אַזוי דרעהט זיך אויך דער פירסט נאָך אַרום דאָס ערדישסטע פון אַלץ: — דאָס אָבער איז דאָס גאָלד פון די קרעמער.

דער גאָט צבאות איז אָבער ניט דער גאָט פון די מעות; דער פירסט טראַכט, אָבער דער קרעמער — לאַכט!

ביי אַלץ, וואָס איז אין דיר ליכטיג און שטאַרק און גוט, אָ זאַראַטוסטראַ! טו אַ שפּיי אויף דער שטאָדט פון די קרעמער און קער זיך אום!

אַל' דאָס בלוט פליעסט דאָ פויל'לעך און לעבלעך און שוימיג־לעך דורך אַלע אָדערען: טו אַ שפּיי אויף דער גרויסער שטאָדט, וואָס איז אַ גרויסער אָפּרוים, וואו יעדער אָפּשוים שוימט צונויף!

טו אַ שפּיי אויף דער שטאָדט פון די צונויפגעדריקטע נשמות און שמאָלע בריסט, פון די שפּיציגע אויגען און קלעפּיגע פינגער —

— אויף דער שטאָדט פון זיך־אַרויפצווינגער, פון אומפאַר־שעמטע פון שרייב־ און שריי־גאָרגלען, פון איבערהיצטע כבוד־זיכטיגע —

—וואו אַלץ, וואָס איז אָנגעפוילט, שלעכט באַ'שם'ט, תאוה־לוסטיג, פאַר'חושך'ט, איבער־צייטיג, געשווירישׂ און פאַרשווערע־ריש איז צונויפגעשוואָלען אין איין געשווילעכץ:

— טו אַ שפּיי אויף דער גרוסער שטאָדט און קער זיך אום!" —

דאָ אָבער איז זאַראַטוסטראַ דעם שוימענדען נאַר אַריינגע־פאַלען אין די רייד און האָט איהם פאַרשטאָפּט דעם מויל.

„הער דאָך אַ מאָל אויף! האָט זאַראַטוסטראַ אויסגערופען. עס עקעלט מיך שוין לאַנג פון דיינע רייד און דיין מאַניער!

פארוואָס האָסטו אַזוי לאַנג געוואוינט אין זומפּ, ביז דו האָסט נעמוזט אַליין ווערען אַ פראָש און אַ זשאַבע.

פליעסט ניט ביי דיר גופא אַ פויל'לעך, שוימינגלעך דומפּ־בלוט דורך די אָדערען, וואָס דו האָסט זיך אויף אויסגעלערנט צו קוואַקען און צו לעסטערען?

פארוואָס ביסטו ניט אַוועק אין וואַלד? אָדער אַקערסט ניט די ערד? איז ניט דער ים פול פון גרינע אינזלען?

איך פאראַכט דיין פאראַכטונג און אַז דו האָסט מיך מתרה געווען, פאר וואָס האָסטו ניט מתרה געווען זיך גופא?

נאָר פון דער ליעבע זאָל אַרויספליהען מיין פאראַכטען און מיין וואָרענענדער פויגעל: אָבער ניט פון דעם זומפּ! —

מען רופט דיך מיין אַף, דו שוימענדער נאַר: אָבער איך רוף דיך מיין גרונץ־חזיר, — דורך גרונצען פארדאַרבסטו מיר נאָך מיין לויב אויף דער נאַרישקייט.

וואָס אַזוינס איז דאָס געווען, וואָס האָט דיך צוערשט געמאַכט גרונצען? דאָס וואָס קיינער האָט דיך ניט גענוג גע'־חנפה'ט: —

דעריבער האָסטו דיך אַוועקגעזעצט ביי יענעם טינופ, כדי דו זאָלסט האָבען אַ גרונט אַ סך צו גרונצען, —

כדי דו זאָלסט האָבען אַ גרונט פאַר פיעל נקמה! מחמת די נקמה, דו אייטעלער נאַר, — אַט דאָס איז גאָר דיין שוימען, איך זעה דיך דורך און דורך.

אָבער דיינע ווערטער פון אַ נאַר טוען מיר אָן שאָדען, אפילו יעמאָלט, ווען דו האָסט רעכט! און ווען אפילו זאַראַטוס־טראַ'ס וואָרט זאָל הונדערט מאָל האָבען רעכט: וואָלסטו מיט מיין וואָרט תמיד אומרעכט געטאָן!

אַזוי האָט געזאָגט זאַראַטוסטראַ; און ער האָט אַ בליק גע־טאָן אויף דער גרויסער שטאָדט, האָט אַ זיפץ געטאָן און האָט געשוויגען אַ לאַנגע צייט. לסוף האָט ער אַזוי געזאָגט:

עס עקעלט מיך אויף פון אַט דער גרויסער שטאָדט, ניט נאָר פון אַט דעם נאַר. דאָ און דאָרטען קאָן גאָר נישט־ניט געבעסערט ווערען, גאָר נישט־ניט פאַרערגערט ווערען.

וועה צו דער גרויסער שטאָדט! — און איך וואָלט געוואָלט שוין זעהן די פייער־זיילען, אין וועלכע זי וועט פאַרברענט ווערען!

ווייל אזעלכע פייער־זיילען מוזען פאָראויסגעהן דעם גרויסען האלבען־טאָג. נאָר — אַט דאָס האָט זיין צייט און זיין אייגענעם שיקזאל. —

אָבער אַט די לערנונג גיעב איך דיר, דו נאַר, פאַר'ן צושיידען זיך: וואו מען קאָן מעהר ניט ליעבען, זאָל מען פ א ר ב י י־ג ע ה ן! —

אזוי האָט גערעדט זאראטוסטרא און איז פאַרבייגעגאַנגען די גרויסע שטאָדט און דעם נאַר.

*   *

*

# די אַבטריניגע.

.1

אַך, ווי אַלץ ליעגט שוין פאַרוויאַליעט און גראָה, וואָס איז נאָך נאָר ניט לאַנג געשטאַנען גרין און פיעל־פאַרביג אַט אויף דעם גראָז־פעלד. און ווי פיעל האָניג פון האָפנונג האָב איך פון דאַנען געקראָגען אין מיינע ביענען־קערב!

אַט די יונגע הערצער זיינען אַלע שוין אַלט געוואָרען — און אפילו ניט אַלט! נאָר מיעד, געמיין, באַקוועם: זיי רופען דאָס „מיר זיינען ווידער פרום געוואָרען.“

נאָך ניט לאַנג צוריק האָב איך געזעהן, ווי זיי זיינען אין דער פריה אויף קוראַזשירטע פיס ארויסגעלאָפען: אָבער זייערע דער־קענטניס־פיס זיינען מאַט געוואָרען, און איצטער ריידען זיי נאָך לשון־הרע אויף זייער פריה־מאָרגענדיגען קוראַזש!

באמת, ניט איינער פון זיי האָט אַ מאָל זיינע פיס געהויבען ווי אַ טענצער, עס האָט איהם געווינקט דאָס לאַכען פון מיין קלוג־שאַפט: — האָט ער זיך איבערגעקלערט. אַט ערשט האָב איך איהם געזעהן אַ צונויפגעקרימטען, ווי ער קריכט צום צלם.

ארום ליכט־שיין און פרייהייט האָבען זיי אַמאָל ארומגעפלאַ־טערט ווי די מוקען אָדער ווי די יונגע דיכטער. אַ ביסעל עלטער, אַ ביסעל קעלטער: און אַט זיינען זיי שוין טונקעל־מאַכער און רכילות־טרייבער און הינטער'ן אויווען־זיצער.

האָט אפשר זייער הארץ דערפאַר דעם מוט פאַרלאָרען, וואָס מיך האָט די איינזאַמקייט איינגעשלונגען ווי אַ וואַל־פיש? האָט זייער אויער, משמעות, בענקשאַפטליך־לאַנג און אומזיסט זיך איינגעהערט אין מיר און אין דעם רוף פון מיין טרומייטער און מיין הערהאָלד?

— אַך! עס זיינען תמיד דאָ נאָר ווייניגע, וועמעס הארץ עס

האָט אַ לאַנגען און איבער־פריידיגען מוט; ביי אַזעלכע בלייבט אויף דער גייסט געדולדיג. דער רעשט אָבער איז פּחדנ׳יש! —

דער רעשט: דאָס זיינען אַלע מאָל דער גרעסטער רבים, די וואָכעדיגע, די איבעריגע, די צופיעל־פיעלע — זיי אַלע זיינען פּחדנ׳יש! —

ווער עס איז פון מיין נאַטור, יענעם וועלען אויף די דערלעבּ־ניסען פון מיין מין איבער דעם וועג לויפען: אַזוי אַז זיינע ערשטע חברים זאָלען מוזען זיין בר־מינן׳ס און קלאָונס.

זיינע צווייטע חברים אָבער — זיי וועלען זיך רופען זיינע גלויביגע: אַ לעבעדיגער געשוויבעל, אַ סך ליעבע, אַ סך נאַריש־קייט, אַ סך אָהן־באָרדיגע פאַרעהרונג.

אָן אָט די גלויביגע זאָל דער, וואָס איז פון מיין מין צווישען די מענשען, ניט בינדען זיין האַרץ; אין אָט די פריהלינג־צייטען און פיעל־פאַרביגע גראָז־פעלדער זאָל ניט גלויבען דער, ווער עס קען דעם אַנטלויפעריש־פּחדנ׳ישען מענשליכען מין.

וואָלטען זיי אַנדערש ג ע ק אָ נ ט, וואָלטען זיי אַנדערש ג ע וו אָ ל ט. האַלב־אויף־האַלבע פאַרדאַרבען אַלץ, וואָס איז גאַנץ. אַז בלעטער ווערען פאַרוויאַליעט, וואָס איז דאָ צו קלאָגען!

זאָלען זיי זיך געהן און פאַלען, אָ זאַראַטוסטראַ, און טו ניט קלאָגען! ליעבערשט בלאָז אַריין צווישען זיי מיט רוישענדע ווינ־טען, —

בלאָז אַריין צווישען אָט די בלעטער, אָ זאַראַטוסטראַ: כדי אַלץ, וואָס איז פ אַ ר וו ע ל ק ט זאָל נאָך שנעלער פון דיר אַנטלויפען.

*

*　　*

.2

מיר זיינען ווידער פרום געוואָרען — אַזוי זיינען זיך יענע אָפּטרינינגע מודה. און ניט איינער פון זיי איז נאָך צו קליין־מו־טיג, זיך מודה צו זיין אין דעם.

זיי אין די אויגען זאָג איך, — זיי זאָג איך אין פנים אריין און אין דער רויט פון זייערע באקען: איהר זייט אזעלכע, וואָס טוען וויעדער תפילה טאָן!

תפילה טאָן איז אָבער א שמאך! ניט פאר אלעמען, אָבער פאר דיר און מיר און יעדען, וואָס האָט אין קאָפּ זיין געוויסען. פאר דיר איז א שמאך, תפילה צו טאָן!

דו ווייסט עס גוט: דיין האָזענער טייוועל אין דיר, וואָס איהם וואָלט זיך גרייליך וועלען די הענט צונויפליינען, די הענט־איין־שוים אריינשטעקען און עס זאָל באקוועמער זיין: — אָט דער האָ־זענער טייוועל רעדט צו דיר „עס א י ז ד אָ א גאָט!“

דורכדעם אָבער געהערסטו צו דעם מין, וואָס שרעקט זיך פאר ליכט־שיין, ווען דער ליכט־שיין לאָזט ניט צורוה; איז — מוזטו טאָג־טעגליך דיין קאָפּ טיעפער אריינשטעקען אין נאכט און נעפּעל!

און באמת, דו האָסט גוט אויסגעקליבען די שעה. ווייל גראָד איצטער פליהען ארויס די נאכט־פויגלען. פאר דעם גאנצען פאָלק, וואָס ציטערט פאר'ן ליכט־שיין, איז געקומען די אָווענט־שעה, און די שעת־מנוחה, אין וועלכער עס—„רוהט“ ניט.

איך הער און שמעק דאָס: עס איז געקומען זייער שעה פאר געיעג און פּאראדען, און דערצו ניט פאר א ווילד געיעג, נייערט פאר א שטוביג, לאָהם, אויסנישטערענד שטיל־טרעטער און שטיל־בעטער־געיעג, —

פאר א געיעג אויף נשמה־פולע צבוע'קעס. אלע מייז־כאַ־פּערס פאר הערצער זיינען איצטער וויעדער אָנגעשטעלט. און וואו איך הויב נאָר אויף א פּאָרהאנג, שפּרינגט ארויס א קליינע נאכט־מיאטליע.

האָט זי משמעות געהויערט אין איינעם מיט אן אנדער קליי־נער נאכט־מיאטליע? ווייל אומעטום דערשמעק איך קליינע פאר־קראָכענע קהילות; און וואו נאָר עס זיינען דאָ קאמערלעך, זיינען דאָ נייע מתפּללים און דער אויר פון מתפּללים.

לאנגע אָווענטען זיצען זיי אין איינעם און זאָגען: „לאָמיר

וויעדער ווערען ווי די קינדערלעך און לאָמיר „נאָטעניו" זאָ־גען!" — פאַרדאָרבען דעם מויל און דעם מאָגען פון די פרומע צוקער־בעקער.

אָדער זיי קוקען לאַנגע אָוועגטען אויף אַ שלאַנגען־קלוגער, ליערענדער צלם־שפּין, וואָס פּרעדיגט קלוגקייט צו די שפּינען גופא און לערענט זיי די לערנונג: „אונטער צלמים איז גוט צו שפּינען!"

אָדער זיי זיצען דעם גאַנצען טאָג מיט פאַנג־ריטער ביי די זומ־פען און דעריבער גלויבען זיי, זיי זיינען טיעף; אָבער ווער עס פישט דאָרטען, וואו עס איז קיין פיש ניטאָ, יענעם רוף איך אפילו ניט אוי־בער־פלאַכיג!

אָדער זיי לערנען זיך פרום־פרעהליך צו שפּיעלען הארף ביי אַ ליעדער־דיכטער, וואָס וואָלט גריילִיך געוואָלט, זיך אין דאָס הארץ פון די יונגע ווייבלעך ארייננהאַרפּענען: ווייל איהם זיינען נמאס געוואָרען די אלטע ווייבלעך און זייערע שבחים.

אָדער זיי לערנען זיך שוידערען ביי אַ געלערנטען האלב־משוגע־נעם, וואָס וואַרט אין טונקעלע חדרים, אז צו איהם זאָלען קומען די גייסטער — און דער גייסט לויפט אין גאַנצען אוועק!

אָדער זיי הערען זיך־צו צו אַן אַלטען ארומגעטריבענעם וועה־און־ווינד־פייפלער, וואָס האָט פון די אומעטיגע ווינטען זיך געלערנט דעם אומעט פון די טענער; איצטער פייפט ער נאָך'ן ווינט און פּרע־דיגט אומעט אין אומעטיגע טענער.

און איינִיגע פון זיי זיינען נאַכט־שומרים געוואָרען: זיי פאַר־שטעהען איצטער, ווי צו בלאָזען אין דעם האָרן און ביי נאַכט ארום־צו־געהן און אויפוועקען אַלע זאַכען, וואָס זיינען שוין לאַנג איינגע־שלאָפען.

פינף געשמועסען וועגען אַלטע זאַכען האָב איך נעכטען ביי נאַכט געהערט אויף דער גאָרטען־וואַנט: זיי זיינען געקומען פון אזעלכע באַטריבטע, טרוקענע נאַכט־שומרים.

„פאַר אַ פאָטער—זאָרגט ער ניט גענוג וועגען זיינע קינדער: מענשליכע פאָטערס מאַכען דאָס בעסער!" —

„ער איז צו אַלט! ער זאָרגט שוין מעהר גאָר ניט פאַר זיינע קינדער" — אַזוי האָט געענטפערט דער אַנדער נאַכט־שומר.

„ה אָ ט ער דען קינדער? קיינער קאָן דאָס ניט בעווייזען, אויב ער אַליין בעווייזט דאָס ניט! איך האָב שוין לאַנג געוואָלט ער זאָל דאָס אַמאָל בעווייזען גרונטליך."

„בעווייזען? אַקוראַט ווי ד ע ר ־אַ האָט ווען עס איז עפּעס באַווייזען! בעווייזען איז איהם שווער; ער מאַכט אַ גרויס ווערזען דערפון, וואָס מען ג ל ו י ב ט איהם."

„יע! יע! דער גלויבען מאַכט איהם גליק־פול, דער גלויבען אין איהם. דאָס איז שוין אַלע מאָל אַזוי מיט אַלטע לייט! עס איז מיט אונז אויך אַזוי!" —

אַזוי האָבען גערעדט צווישען זיך די צוויי אַלטע נאַכט־שומרים און ליכט־פאַרטרייבער, און האָבען באַטריבט געטוטעט נאָכדעם אין זייערע הערנער: אַזוי האָט דאָס פּאַסירט נעכטען ביי נאַכט אויף דער גאָרטען־וואַנט.

ביי מיר אָבער האָט זיך דאָס האַרץ געקייקעלט פון געלעכטער און האָט געוואָלט זיך אוועקרייסען און האָט גיט געוואוסט, וואו־הין? איז עס אַראָפּגעזונקען אין די בויך־פעל.

באמת, מיין טויט וועט נאָך אויף מיר קומען פון דעם, וואָס איך וועל דערשטיקט פון געלעכטער, ווען איך זעה שכור'ע אייזלען און הער, ווי נאַכט־שומרים צווייפלען אַזוי־אָ אין גאָט.

איז שוין ניט ל אַ נ ג צוריק אריבער די צייט פאַר אַזעלכע ספיקות? ווער מעג נאָך אויפוועקען אַזעלכע אַלטע איינגעשלאָ־פענע ליכט־ציטעריגע זאַכען!

מיט די אַלטע געטער איז מען דאָך שוין לאַנג געקומען צו אַ סוף: — און באמת זיי האָבען געהאַט אַ גוטען פרעהליכען געטער־סוף!

זיי האָבען זיך ניט געטונקעלט ביז צום טויט, — דאָס איז אַ ליגען די מעשה! אדרבא: זיי האָבען זיך אַליין אַמאָל ביז צום טויט — דערלאַכט!

דאָס האָט פּאַסירט, ווען דאָס אומגעטליכסטע וואָרט איז פון
אַ גאָט נופא אַרויסגעזאָגט געוואָרען, — דאָס וואָרט: „עס איז
דאָ נאָר א י י ן גאָט! דו זאָלסט קיין אַנדער גאָט ניט האָבען
לעבען מיר!“ —

און אַלטער זקן, אַ כעסן, אַן „אל קנא“ האָט זיך דאָס אַזוי
פאַרגעסען:

און אַלע געטער האָבען יעמאָלט געלאַכט, און זיך געטריי־
סעלט אויף זייערע שטוהלען און האָבען אַרויסגערופען: „איז ניט
די געטליכקייט גראָד דאָס, וואָס עס זיינען דאָ געטער, אָבער ניטאָ
קיין גאָט?“

ווער עס האָט אויערען, זאָל הערען. —

אַזוי האָט זאַראַטוסטראַ גערעדט אין דער שטאָדט, וואָס ער
האָט געליעבט און וועלכע האָט באַקומען די צונעמענים: „די ראַבע
קוה“. מחמת פון דאַנען האָט ער געהאַט נאָך צוויי טעג גאַנג, ביז
צו זיין הייהל און זיינע בעלי־חיים; זיין נשמה אָבער האָט זיך
כסדר געפרעהט צוליעב דער נאָהענטקייט פון זיין קומען אַהיים.

* *
*

## דאָס קומען אַהיים.

אָ, איינזאַמקייט! דו מיין היים־געבירט איינ־
זאַמקייט! צו לאַנג האָב איך געלעבט ווילד אין ווילדער פרעמד,
איך זאָל מיך ניט מיט טרערען צוריק־קערען צו דיר אַהיים!

נו, בייזער זיך אויף מיר מיט'ן פינגער, ווי מוטערס בייזערען
זיך, נו, שמייכעל צו מיר, ווי מוטערס שמייכלען, נו רייד נאָר צו
מיר: „און ווער האָט דאָס אַמאָל פון מיר ווי אַ שטורעמווינט אַוועק־
געשטורעמט? —

„— ווער האָט ביים געזעגנען־זיך געזאָגט: צו לאַנג בין איך
ביי דיר געזעסען, איינזאַמקייט, איך האָב דאָ פאַרגעסען ווי צו
שווייגען! דאָס, משמעות, האָסטו זיך אויסגעלערנט?

„אַ זאַראַטוסטרא, איך ווייס אַלץ: אויף דאָס, וואָס דו ביסט צווישען די פֿיעלע, דו איינער, פֿאַרלאָזענער געוועזען, איידער ווען עס איז ביי מיר!

„פֿאַרלאָזענקייט איז איין זאַך און איינזאַמקייט אַן אַנדערע: דאָס — האָסטו זיך שוין דערוואוסט! און אַז דו וועסט צווישען מענשען תמיד זיין ווילד און פֿרעמד:

„ — ווילד און פֿרעמד אויך יעמאָלט, ווען זיי ליעבען דיך: ווייל קודם כל ווילען זיי, מען זאָל זיי שאָנעווען.

„דאָ אָבער ביסטו ביי זיך אין דער היים, אין דיין הויז; דאָ קאָנסטו אַלץ אַרויסריידען און אַלע טעמים אויסשיטען, קיין זאַך שעהמט זיך דאָ ניט פֿאַר פֿאַרשפּאַרטע איינגעשפּאַרטע געפֿיהלען.

„דאָ קומען אַלע זאַכען צו דיין גערייד און גלעטען דיך און חנ־דלען זיך: ווייל זיי ווילען רייטען אויף דיין רוקען. אויף יעדען משל רייטסטו דאָ צו יעדען אמת.

„אָפֿען און עהרליך קאָנסטו דאָ ריידען צו אַלע זאַכען: און באמת, ווי אַ לויב קלינגט עס אין זייערע אויערען, ווען איינער רעדט מיט אַלע זאַכען — וואָס אויף דער לונג!

„אַן אַנדער זאַך אָבער איז פֿאַרלאָזען זיין. ווייל, געדענקסטו נאָך, אַ זאַראַטוסטראַ? ווי יעמאָלט האָט דיין פֿויגעל איבער דיר געשריען, ווען דו ביסט אין וואַלד געשטאַנען, אומבאַשלאָסען, וואו־הין? אומקענעוודיג, כמעט ווי אַ בר־מינן: —

„ — ווען דו האָסט אַרויסגעזאָגט: זאָלען מיך מיינע בעלי־חיים פֿיהרען! געפֿעהרליכער איז עס, האָב איך געפֿונען, צווישען מענשען איידער צווישען חיות: — אָט ד[illegible] איז געוועזען פֿאַרלאָזענקייט!

„און געדענקסטו נאָך, אַ זאַראַטוסטראַ? אַז דו ביסט אויף דיין אינזעל געזעסען, צווישען ליידיגע עמערס אַ וויין־ברונען, געגעבען און אויסגעגעבען, צווישען דאָרשטיגע געשענקט און פֿאַנאַנדערגעגאָסען:

„ — ביז דו ביסט לסוף אַליין אַ דאָרשטיגער צווישען באַ־

טרונקענע געזעסען און אין די נעכט געקלאָגט: „איז נעמען ניט גליק־געבענשטער איידער געבען? און גנבה׳נען נאָך גליק־פולער איידער נעמען? — אָט ד אָ ס איז געווען פארלאָזענקייט!

„און געדענקסטו נאָך, אָ זאראטוסטרא? אז דיין שטילע שעה איז געקומען און האָט דיך פון דיך גופא אוועקגעטריבען, ווען זי האָט צו דיר מיט א בייזען מורמעל געזאָגט: „רייד און ווער צו־בראָכען!“ —

„ — ווען זי האָט דיך געמאכט פארדריסען אויף דיין גאנ־צען ווארטען און שווייגען און האָט דיין עניוות׳דיגען מוט ענט־מוטיגט: אָט ד אָ ס איז געווען פארלאָזענקייט!“ —

אָ איינזאמקייט! דו, מיין היים־געבירט־איינזאמקייט! ווי גליק־געבענשט און צארטליך עס רעדט צו מיר דיין שטים!

מיר פרעגען ניט איינער ביי דעם אנדערען, מיר באקלאָגען זיך ניט איינער פאר׳ן אנדערען, נאָר אָפען געהען מיר אין איינעם דורך אָפענע טירען.

ווייל עס איז אָפען ביי דיר און העל; און אויך די שעה׳ן לויפען דאָ אויף גרינגערע פיס. מחמת אין טונקעל טראָגט מען שווערער אריבער די צייט, איידער אין ליכט־שיין.

דאָ פראלען אויף פאר מיר אלע ווערטער פון דעם זיין און אלע אוצרות פון די ווערטער: יעדער זיין וויל דאָ ווערען וואָרט, יעדער ווערן וויל זיך דאָ לערנען ריידען פון מיר.

דאָרטען אונטען אָבער — דאָרט איז איטליך ריידען אומ־זיסט! דאָרטען איז די בעסטע קלוגשאפט — פארגעסען און פאר־ביינעהן: ד אָ ס האָב איך איצטער געלערנט!

ווער עס וואָלט געוואָלט אלץ ביי דעם מענשען בעגרייפען, דער וואָלט געמוזט אלץ אָנגרייפען. אָבער דערצו האָב איך צו ריינליכע הענט.

מיר ווילט זיך אפילו זייער אָטהעם ניט איינעטהעמען; וועה צו מיר, וואָס איך האָב אזוי לאנג געלעבט צווישען זייער ליארעם און שלעכטען אָטהעם!

אָ, גליק־געבענשטע שטילקייט ארום מיר! אָ, איהר ריינע ריחות ארום מיר! אָ, ווי אָט די שטילקייט אָטהעמט איין פון טיעפער ברוסט די ריינע לופט! אָ, ווי זי הערט זיך איין, אָט די גליק־געבענשטע שטילקייט!

אָבער דאָרטען אונטען — דאָרט רעדט אלץ, דאָרטען ווערט אלץ פארהערט. מעג איינער זיין קלונגשאפט מיט גלאָקען אויס־קלינגגען: די קרעמער אויפ'ן מארק וועלען זי מיט גראָשענס אריבער־קלינגגען!

אלץ רעדט ביי זיי, קיינער וויים שוין ניט ווי צו פארשטעהן. אלץ פאלט ווי אין וואסער, קיין זאך פאלט ניט מעהר אין טיעפע ברונענס.

אלץ רעדט ביי זיי, קיין זאך גיט זיך זיי מעהר ניט איין און ווערט ניט פארענדיגט. אלץ קוואָקעט, אָבער ווער וויל נאָך שטיל אין דעם נעסט זיצען און אייער בריהען?

אלץ רעדט ביי זיי, אלץ ווערט צורעדט. און וואָס נאָך נעכ־טען איז געווען צו הארט פאר דער צייט אליין און איהרע צייהנער: היינט הענגט עס שוין צושאָבען און צוקייט פון די מיילער ביי די היינטיגע.

אלץ ביי זיי רעדט, אלץ ווערט ארויסגעגעבען. און וואָס עס האָט זיך אמאָל גערופען דער סוד און די פארבאָרגענקייט פון טיעפע נשמות, היינט געהערט דאָס צו די גאַס־טרומייטערער און אנדערע זומער־פויגעלעך.

אָ, מהות־מענש, דו וואונדערליכער! דו ליארעם אין טונקעלע גאסען! איצטער ליעגסטו ווידער אהינטער מיר: — מיין גרעס־טע געפאהר ליעגט אהינטער מיר!

אין שאָנעווען און רחמנות־האָבען איז אלע מאָל געלעגען מיין גרעסטע געפאהר; און דער גאַנצער מהות פון דעם מענשען וויל, מען זאָל איהם שאָנעווען און דערליידען.

מיט פארהאלטענע אמת'ען, מיט אַ נארישער האנט און אַ פאר־

נאָרטען האַרצען און רייך אין קליינע ליגענס פון רחמנות: — אזוי האָב איך תמיד געלעבט צווישען מענשען.

פאַרקליידט בין איך צווישען זיי געזעסען, אָנגעגרייט ניט צו דערקענען ז י ך אליין, כדי איך זאָל זיי קאָנען אויסשטעהן, און מיט חשק מיך איינגערעדט: „דו נאַר, דו קענסט ניט די מענשען!“

מען פאַרגעסט וואָס די מענשען זיינען, ווען מען לעבט צווישען מענשען: צו פיעל פאָדער־גרונט איז אין אַלע מענשען — וואָס טויגען ד אָ ווייטזעהיגע, ווייט־בענקענדע אויגען!

און ווען זיי האָבען מיך ניט דערקענט: האָב איך, נאַר איי־נער, זיי געשאָנעוועט דערפאַר מעהר איידער מיך: געוועהנט צו האַרטקייט אָנטקעגען זיך און אָפט נאָך נקמה גענומען פון מיר גופא פאַר יענעם שאָנעווען.

צושטאָכען פון גיפטיגע פליגען און אויסגעלעכערט ווי א שטיין פון פיעלע טראָפּענס רשעות, אזוי בין איך געזעסען צווישען זיי און האָב מיך נאָך איינגערעדט: אומשולדיג איז אַל׳ דאָס קליינע אין זיין קליינקייט!“

בפרט די, וואָס רופען זיך „די גוטע“; זיי, האָב איך געפונען, זיינען די גיפטיגסטע פליגען: זיי שטעכען אין פולער אומשולד, זיי ליגען אין פולער אומשולד; ווי וואָלטען זיי נאָר ג ע ק אָ נ ט בנוגע צו מיר — גערעכט זיין!

ווער עס לעבט צווישען די גוטע, יענעם לערנט ליגען דער רחמנות. דער רחמנות בעשאַפט א דומפע לופט פאַר אַלע פרייע נשמות. מחמת צו דער טפשות פון די גוטע איז קיין גרונט ניטאָ.

מיך גופא פאַרבאַרגען און מיין רייכטום — דאָס האָב איך געלערנט דאָרטען אונטען: ווייל איך האָב געפונען, אז יעדער איז נאָך אָרעם אין גייסט. דאָס איז געווען דער שקר פון מיין רחמנות, וואָס איך האָב געוואוסט וועגען זיי,

— וואָס איך האָב דאָס אין יעדען געזעהען און דערשמעקט, וויפיעל גייסט עס איז איהם ג ע נ ו ג און וויפיעל גייסט עס איז שוין איהם צופיעל!

זייערע פארגליווערטע חכמים: איך האָב זיי גערופען חכמים און ניט פארגליווערט, אזוי האָב איך זיך אויסגעלערנט ווערטער צו פארשליננען. זייערע קברנים: איך האָב זיי גערופען פאַרשער און זוכער, — אזוי האָב איך זיך אויסגעלערנט ווערטער צו פאַר־בייטען.

די טויטען־גרעבער, זיי גראָבען זיך קראַנקהייטען אָן. אונטער יעדען אלטען אָבשיט רוהען שלעכטע ריחות. מען זאָל דעם זומף ניט אויפריהרען. מען זאָל לעבען אויף די בערג.

מיט גליק־געבענשטע נאָז־לעכער אָטהעם איך ווידער איין די פרייהייט פון די בערג! אויסגעלעזט איז ענדליך מיין נאָז פון דעם גערוך פון יעדען מענשליכען מהות!

נעקיצעלט פון שארפע ווינטען, ווי פון שוימענדע וויינען, ניעסט מיין נשמה, ניעסט און ווינשט זיך יום־טוב׳דיג צו: צו גע־זונט!

אזוי האָט גערעדט זאראטוסטרא.

*     *



# די דריי שלעכטע זאַכען...

1.

אין חלום, אין דעם לעצטען פריהמאָרגען־חלום בין איך היינט געשטאַנען אויף אַ באַרג ביים ברעג ים, — פון יענער זייט וועלט, האָב געהאַלטען אַ וואָג און האָב געוואויגען די וועלט.

אָ, פאַר וואָס איז צו פריה געקומען די מאָרגען־רויט צו מיר: זי האָט מיך אויפגעוועקט מיט איהר גליהען, די אייפערזיכטיגע! תמיד איז זי מיר מקנא די גלוטען פון מיינע פריהמאָרגען־חלומות.

אויסצומעסטען פאַר דעם, וואָס האָט צייט, אָפּצואוועגען פאַר אַ גוטען וועגער, דערפלויגען צו ווערען פאַר שטאַרקע פליגלען, געטראָפען צו ווערען פון געטליכע נוס־קנאַקער: אַזוי האָט מיין חלום געפונען די וועלט: —

מיין חלום, אַ דערוועגענער שיפער, האַלב שיף, האַלב שטורעמ־ווינט, ווי אַ שמעטערלינג שווייגזאַם, אומגעדולדיג ווי אַן איידעל־פאַלק: ווי האָט ער גראָד היינט געהאַט די צייט און געדולד צו וועגען די וועלט!

האָט איהם משמעות מיין קלוגשאַפענקייט אַ סוד איינגערוימט, מיין לאַכענדע, וואַכע טאָג־קלוגשאַפענקייט, וואָס שפּאָט פון אַלע „אומענדליכע וועלטען“? ווייל זי זאָגט: „וואו עס איז דאָ קראַפט, דאָרטען מוז די צ אָ ה ל זיין דער מייסטער: זי האָט מעהר קראַפט“.

ווי זיכער אין זיך האָט מיין חלום געקוקט אויף אָט די ענדליכע וועלט; ניט נייגיעריג, ניט אַלטגיעריג, ניט דערשראָקען און ניט בעטענדיג:

— ווי אַ פולער עפּעל וואָלט זיך אָנגעבאָטען מיין האַנט, אַ צייטיגער גאָלד־עפּעל, מיט אַ קיהל־ווייכער סאַמטענער הויט:

— אַזוי האָט זיך מיר אָנגעבאָטען די וועלט: —

— ווי אַ בוים וואָלט צו מיר געוואונקען, אַ ברייט־צווייגיגער, אַ שטאַרקווילינגער, אויסגעקרימט ווי אַן אַנלעהן און אַ פוס־בענקעל פאַר איינגעמאַטערטע וועג־געהער: אַזוי איז געשטאַנען די וועלט אויף מיין פאַרענט־באַרג: —

— ווי גראַציעזע הענט וואָלטען מיר אַ ציערונג־קאַסטען אַנטקעגען געטראָגען, — אַ ציערונג־קאַסטען, אָן אָפענעם פאַר דער התפעלות פון שעמעוודיגע פאַרעהרענדע אויגען: אַזוי האָט זיך מיר היינט אָנגעבאָטען די וועלט: —

—ניט גענוג רעטעניש, וואָס זאָל אָפּשרעקען פון זיך די מענשליכע ליעבע, ניט גענוג באַשייד, וואָס זאָל איינשלעפערען די מענשליכע קלוגשאַפענקייט. אַ מענשליכע גוטע זאַך איז מיר היינט געוועזען די וועלט, אויף וועלכער מען רעדט אַזוי פיעל שלעכטס!

ווי דאַנק איך מיין פריהמאָרגען־חלום, וואָס איך האָב היינט אין דער פריה אַזוי געוואויגען די וועלט! ווי אַ מענשליך גוטע זאַך, איז ער געקומען צו מיר, אָט דער חלום און הארץ־טרויסטער.

און כדי איך זאָל ביי טאָג טאָן אַזוי ווי ער און זיך אָפּלערנען פון איהם און איהם נאָכמאַכען זיין בעסט: וויל איך איצטער ארויפלייגען אויף דער וואָג די דריי שלעכטסטע זאַכען און זיי מענשליך גוט אָפּוועגען. —

ווער עס האָט געלערנט בענשען, יענער האָט אויך געלערנט שילטען: וואָס זיינען אין דער וועלט די דריי פאַרשאָלטענסטע זאַכען? איך וויל זיי אַרויפטאָן אויף דער וואָג.

ת א ו ה ־ ל ו ס ט, ה ע ר ש ע ר ־ ז ו כ ט און ז ע ל ב ס ט־ ז ו כ ט: אָט די דריי זיינען ביז איצט ערגער פאַר אַלץ פאַרשאָלטען געוואָרען, באַרעדט און בע׳כזבן׳ט געוואָרען, — די דריי וויל איך מענשליך גוט אָפּוועגען.

איז — גענומען זיך! דאָ איז מיין ברעג־ים־באַרג און דאָרטען דער ים: ער קייקעלט זיך־צו צו מיר, פאַרקאָלטענט, חניפות׳־דיג, די געטרייע אַלטע הונדערט־קעפּיגע בריאה־משונה פון אַ הונט, וועלכע איך ליעב.

איז — גענומען זיך ! דאָ וויל איך האַלטען די וואָג איבער דעם זיך כוואַליענדען ים: און אויך אַן עדות קלייב איך אויס, ער זאָל צוקוקען, — דיך, דו מתבודד־בוים, דיך, דעם שטאַרק־דופטיגען, דעם ברייט־געוועלבטען, וועמען איך האָב ליעב ! —

אויף וועלכען בריק געהט דער איצטער צו דעם שפּעטער? מיט וועלכען צוואַנג צווינגט זיך דאָס הויכע צו דעם נידעריגען? און וואָס טוט הייסען אויך דעם העכסטען — ער זאָל נאָך אַרויפ־וואַקסען? —

איצט שטעהט די וואָג גלייך און שטיל: דריי שווערע שאלות וואַרף איך אַריין, דריי שווערע תשובות טראָגט די אַנדער שאָל פון דער וואָג.

* *

*

2.

תאוה־לוסט: אַ שטעכער און אַ דאָרן אין לייב פאַר אַלע לייב־פאַראַכטער אין האָרענע העמדער, און ווי „די וועלט" פאַרשאָלטען פון אַלע הינטער־וועלטלער: ווייל זי חוזק׳ט און נאַרט־אָפּ אַלע פאַלשע און צומישטע לעהרער.

תאוה־לוסט: דעם ערב־רב אַ לאַנגזאַמער פייער, אויף וועלכען ער ווערט פאַרברענט; פאַר יעדען ווערעמדיגען האָלץ, יעדער שטינקענדער שמאַטע — דער אָנגעברייטער ברען־און זיד־אויווען.

תאוה־לוסט: פאַר די פרייע הערצער אומשולדיג און פריי, דאָס גאָרטען־גליק פון דער ערד, דער דאַנק־אַריבערגאָס פון דער צוקונפט צו דעם איצטער.

תאוה־לוסט: אַ זיסליכער סם נאָר פאַר דעם, וואָס וויאַלעט, אָבער פאַר דעם, וואָס מיט אַ ווילען פון אַ לייב, — אַ גרויסע האַרץ־שטאַרקונג און דער וויין פון ווייגען, וואָס ווערט געשאַנעוועט מיט יראת־הכבוד.

תאוה־לוסט: דאָס גרויסע גליק, ווי אַ סימבאָל פאַר אַ העכע־

רען גליק און די העכסטע האָפענונג. מחמת אַ סך מענשען איז באשערט אַ זיווג־לעבען און נאָך מעהר, איידער אַ זיווג־לעבען, —

— אַ סך מענשען, וואָס זיינען פרעמדער איינער דעם אנדערן, איידער מאַן־און־ווייב: — און ווער האָט דאָס אין גאַנצען משיג געוועזן, ווי פרעמד עס זיינען זיך מאַן און ווייב!

תאוה־לוסט: נאָר איך וויל האָבען אַ צוים ארום מיינע געדאַנקען און אפילו אויף ארום מיינע ווערטער, כדי חזירים און פלאַטערהאָפטע ליעבהאָבער זאָלען זיך ניט אריינרייסען אין מיינע גערטענער!

הערשער־זוכט: די גליה־בייטש פון די הארטעסטע הארץ־הארטע; די אכזריות'דיגע פייניגונג, וואָס איז אָנגעגרייט פאַר דעם אכזר גופא; די פאַר'חושך'טע פלאַם פון לעבעדיגע שייטער־הויפענס.

הערשער־זוכט: די בייזהאַפטע שטעך־פליעג, וואָס איז ארויפגעזעצט אויף די איטעלע פעלקער; די חוזק־מאַכערין פון יעדער אומגעוויסער טוגענד; וואָס רייט אויף יעדען פערד און יעדען שטאָלץ.

הערשער־זוכט: די ערד־ציטערניס, וואָס צוברעכט און ברעכט־אויף אלץ וואָס איז פויל און געלעכערט; די זיך־קייקלענדע, בייזע־רענדע שטראָפענדע צוברעכערין פון בעפארבטע קברים; דער בליצענדער פראַגע־צייכען לעבען די איידער־צייטיגע ענטפערס.

הערשער־זוכט: וואָס פאַר איהר בליק קריכט דער מענש און בויגט דעם קאָפּ, שקלאַפט און ווערט נידעריגער איידער שלאַנג און חזיר: — ביז די גרויסע פאראכטונג שרייט פון איהם ארויס לסוף, —

הערשער־זוכט: די מאוים'דיגע לעהרערין פון דער גרויסער פאַראַכטונג, וואָס פרעדיגט שטעדט און ממשלות אין פנים אריין: „אוועק פון דאַנען!" — ביז עס שרייט פון זיי גופא ארויס! „לאָמיר אוועק פון דאַנען!"

הערשער־זוכט: די וואָס שטייגט אָבער אויף ארויף פּארפּיה־רעריש צו די ריינע און איינזאַמע און ארויף צו די הויכען, וואָס זיינען צופרידען מיט זיך אליין, אָנגעגליהט ווי א ליעבע, וואָס מאָלט פּאַרפּיהרעריש פורפעלנע גליקליכקייטען אויף דעם ערדען־הימעל.

הערשער־זוכט: נאָר ווער וועט דאָס אָנרופען ז ו כ ט, ווען כ'הויכע געלוסט אראָפּצונידערען נאָך מאכט! באמת, גאָר נישט קראנק'ס אָדער וועהיג'ס איז אין אזא געלוסטען און אראָפּנידערען!

אז די איינזאַמע הויך זאָל ניט אייביג בלייבען פאראיינזאַמט און צופרידען מיט זיך אליין; אז דער בארג זאָל אראָפּקוקען צום טאָל און די ווינטען פון דער הויך צו די נידערונגען:

אָ, ווער קאָן געפינען דעם ריכטיגען ריינעם און עהרליכען נאָמען פאר אזא בענקשאַפט! „די שענקענדע טוגענד" — אזוי האָט זאראַטוסטרא אמאָל א נאָמען נעגעבען דאָס, פאר וואָס מען קאָן ניט געפינען קיין נאָמען.

און יעמאָלט איז עס אויך געשעהען — און באמת, עס איז געשעהען צום ערשטען מאָל — אז זיין וואָרט האָט געשעצט און געבענשט די ז ע ל ב ס ט ז ו כ ט, די פולע געזונטע זעלבסט־זוכט, וואָס קוואַלט ארויס פון א מעכטיגער נשמה:

— פון א מעכטיגער נשמה, צו וועלכער עס געהערט דער הויכער לייב, דער שעהנער, טריאומפירענדער, דערקוויקענדער, ארום וועלכען יעדע זאך ווערט א שפיגעל:

— דער בויגיגער, איבעררעדענדער, דער טענצער, וועמעס סימבאָל און תמצית איז די נשמה, וואָס האָט הנאה פון זיך גופא. אזא הנאה פון אזעלכע לייבער און נשמות רופט זיך אליין: טו־גענד".

מיט איהרע ווערטער פון גוט און שלעכט באשירעמט זיך אזא זעלבסט־הנאה ווי מיט הייליגע בוימער; מיט די נעמען פון איהר גליק פארטרייבט זי פון זיך אלץ, וואָס איז פארעכטליך.

זי טרייבט פון זיך אוועק אל' דאָס פחדנ'ישע; זי זאָגט:

שלעכט — ד אָ ס  ה י י ס ט  פּחדנ'יש. נבזה'דיג קוקט איהר אוים דער וואָס זאָרגט שטענדיג, זיפצט, באַקלאָגט זיך און ווער עס קלייבט אויף די קלענסטע פּאַרטיילעז.

זי פּאַראַכט אויך יעדע אין־ווערה־גליקליכע קלוגשאַפּענקייט: ווייל באמת עס איז דאָ אויך אַ קלוגשאַפּענקייט וואָס בליהט אין דער טונקעל, אַ נאַכט־שאָטען־קלוגשאַפּענקייט: אָט די וואָס זיפצט כסדר „אַלץ איז נישטיג".

דאָס ציטעריגע ניט־צוטרויען איז פּאַר איהר שפּל, און איט־ליכער, וואָס וויל אַ שבועה אָנשטאָט אַ בליק און אַ האַנט: אויך יעדע ניט־צוטרויענדע קלוגשאַפט, ווייל דאָס איז דער שטייגער פון פּחדנ'ישע נשמות.

נאָך שפּל'ער איז פּאַר איהר דער גיך־צוגעלאָזטער, דער הינ־טישער, וואָס שוין ליעגט ער אויפ'ן רוקען, דער הכנעה'דיגער; און עס איז אויך פאַראַן אַ קלוגשאַפּט, וואָס איז הכנעה'דיג און הינטיש און פרום און גיך־צוגעלאָזט.

גאָר פאַרהאַסט און אַ חלשות איז איהר אַלץ, וואָס וויל זיך קיין מאָל ניט איינשטעלען פאַר זיך, וואָס שלינגט אַרונטער די גיפ־טיגע שפּייעכץ אין דעם בייזען בליק, דער שוין־צו־פיעל געדולדי־גער, דער אַלץ־אויסשטעהענדער, דער מיט אַלץ צופרידענער: מחמת דאָס איז דער שטייגער פון קנעכט.

צי איינער איז קנעכטיש פאַר געטער און געטליכע פוס־טריט אָדער פאַר מענשען און נאַרישע מענשליכע מיינונגען: אַ ל ע קנעכטישע שטייגערס בעשפּייט זי, אָט די גליק־געבענשטע זעלבסט־זוכט!

שלעכט: אַזוי רופט זי אָן אַלץ, וואָס איז געבראָכען און צו־ברעקעלט־קנעכטיש, אַלע אומפרייע־דערשראָקענע אויגען, געדריק־טע הערצער און יענער פאַלשער מין נאָכגעבען, וואָס קושט מיט ברייטע פּחדן'ישע ליפּען.

און כלומרשט־קלוגשאַפט: אַזוי רופט זי אָן אַלץ, וואָס קנעכט

און זקנים קליגלען אויס; און בפרט די גאַנצע שלעכטע איבער־געקליגעלטע און אויבער־געקליגעלטע פריעסטער־טפשות!

די כלומרשט־חכמים אָבער, אַלע אָט די פריעסטער, וועלט־מיעדע, און וועמעס נשמה איז פון אַ ווייבערשען און קנעכטישען מין, אַ ווי האָט איהר שפּיעל פון תמיד־אָן שארען געבראַכט דער זעלבסטזוכט!

און דאָס גראַד האָט געזאָלט זיין טוגענד און זיך רופען טוגענד, מען זאָל שארען טאָן דער זעלבסטזוכט. און „בטול היש" — דאָס האָבען זיי זיך גופא געוואונשען מיט אגוטען גרונט אָט די אַלע וועלט־מיעדע פחדנים און צלם־שפינען!

אָבער אויף זיי, אויף אַלעמען קומט איצטער דער טאָג, דער איבערבייט, דער שווערד פון משפּט, ד ע ר ג ר ו י ס ע ר ה א ל־ב ע ר ט אָ ג: אַ סך זאַכען זאָלען דאָ אנטפּלעקט ווערען!

און ווער עס דערקלערט דעם „איך" פאַר געזונט און הייליג און די זעלבסטזוכט פאַר גליק־געבענשט, באמת, יענער רעדט ארויס ווי אַ נביא, וואָס ער וויים: „זעה, ער קומט, ער איז נאָהענט ד ע ר ג ר ו י ס ע ר ה א ל ב ע ר־ט אָ ג!"

אזוי האָט גערעדט זאראַטוסטראַ.

* *

*

# דער גייסט פון שווערקייט.

## 1.

מיין התוך הדבור איז דעם פאָלק׳ס: פאַר די זיידענע האָזען רייד איך צו גראָב און הארציג, און נאָך פרעמדער קלינגט מיין וואָרט פאַר אַלע נישט־פיש און פעדער־פיקס.

מיין האַנט איז אַ נאַרען־האַנט: וועה צו אַלע טישען און ווענט און אַלץ, וואָס האָט נאָך פּלאַץ פאַר׳ן נאַרען־ציערעכץ, נאַרען־שמיערעכץ.

מיין פוס — איז ווי אַ פוס פון אַ פערד. מיט דעם שפּרינג איך און טראָג מיך איבער העלצער און שטיינער, איבער׳ן פעלד אַהין־און־צוריק, אין דער ברייט און אין דער לענג, און בין לוסטיג ווי אַ טייוועל ביי יעדען שנעלען לויפען.

מיין מאָגען — משמעות אַן אָדלער׳ס מאָגען? ווייל מעהר פאַר אַלץ האָט ער האָלד שעפּסען־פלייש. בלי ספק איז ער אָבער אַ פויגעלשער מאָגען.

גענעהרט פון אומשולדיגע זאַכען און פון ווייניגס, אָנגעגרייט און אומגעדולדיג צו פליהען, אוועקצופליהען, — אָט דאָס איז מיין נאַטור: ווי זאָל אין דעם ניט זיין עפּעס פון דער פויגעל־נאַטור!

און דער עיקר איז, וואָס איך האָב פיינט דעם גייסט פון שווערקייט, דאָס איז פויגעל־נאַטור: און אין דער אמת׳ן, טויט־פיינט, ערץ־פיינט, אור־פיינט. אָ, וואוהין איז שוין ניט געפלויגען און האָט זיך ניט פארפלויגען מיין פיינדשאַפט!

וועגען דעם וואָלט איך שוין געקאָנט אַ ליעד זינגען — — און וועל דאָס זינגען, הגם איך בין איינער אַליין אין אַ ליידיגער הויז און מוז דאָס זינגען פאַר מיינע אייגענע אויערען.

עס זיינען דאָ, אמת, אַנדערע זינגער. ביי יענע מאַכט ערשט

א פולע הויז ווייך זייער האלז, בערעדעוודיג זייער האנט, אויס־דרוקספול זייער אויג, אויפגעוואכט זייער הארץ: איך בין ניט, ווי יענע. —

2.

ווער עס האָט די מענשען אמאָל פליעהען געלערנט, דער האָט איבערגערוקט אלע גרענעץ־שטיינער; אלע גרענעץ־שטיינער גופא וועלען איהם אין דער לופטען פליהען, דער ערד וועט ער א נייעם נאָמען געבען — די „גרינגע".

דער שטרויס־פויגעל לויפט שנעלער, איידער דאָס שנעלסטע פערד, אָבער אויך ער פארשטעקט נאָך שווער דעם קאָפּ אין שווע־רער ערד: אזוי טוט אויך דער מענש, וואָס קאָן נאָך ניט פליהען.

שווער זיינען פאר איהם ערד און לעבען; און אזוי ו ו י ל דאָס דער גייסט פון שווערקייט! ווער עס וויל אָבער ווערען גרינג און א פויגעל, יענער מוז זיך אליין ליעבען: — אזוי־אָ לערען א י ך.

געוויס ניט מיט דער ליעבע פון די בענקליכע און ליידענדע: ווייל ביי זיי שטינקט אויך די ליעבע צו זיך!

מען מוז זיך אויסלערנען ליעבען זיך אליין — אזוי לערען איך — מיט א גאנצער און געזונטער ליעבע: מען זאָל קאָנען אויס־האלטען צו זיין ביי זיך גופא און ניט ארומשמייען.

אזא ארומשמייען גיט זיך א נאָמען „ברודער־ליעבע": מיט אָט דעם וואָרט האָט מען ביז אהער בעסער פאר אלץ געלאיגט און זיך געמאסקירט, און בפרט מצד יענע, וואָס זיינען געפאלען ווי א שווערע לאסט אויף אלעמען.

און באמת, דאָס איז ניט קיין געבאָט פאר היינט און פאר מאָרגען, זיך א ו י ס ל ע ר נ ע ן צו ליעבען זיך אליין. גיכער איז דאָס די פיינסטע, שלאנגען־קליגסטע, לעצטע און געדולדזאמס־טע פון אלע קונסטען.

מחמת פאר דעם באזיצער איז זיין גאנצער באזיץ גוט פאר־שטעקט און פון אלע אוצרות ווערט דער אייגענער שפעטער פאר

אלץ אויסגעגראָבען, — אזוי בעשאפט דאָס דער נייסט פון שווער־קייט.

כמעט שוין אין דער וויעג גיט מען אונז אין נדן שווערע ווער־טער און ווערטען: „גוט" און „שלעכט" — אזוי רופט זיך יענער נדן. צוליעב זייערט־ווילען פארגיט מען אונז, וואָס מיר לעבען.

און צוליעב דעם לאָזט מען צו זיך די קינדערלעך קומען, כדי מען זאָל זיי בעצייטענס פארוועהרען ליעבען זיך אליין: אזוי בע־שאפט דאָס דער גייסט פון שווערקייט.

און מיר — מיר שלעפען געטריי, וואָס מען גיט אונז, אויף הארטע אקסלען און איבער שטיינערנע בערג! און ווען מיר שוו־־צען זאָגט מען אונז: „יע, עס איז שווער צו טראָגען דאָס לעבען!"

אָבער דעם מענשען איז שווער צו טראָגען נאָר זיך אליין. די מעשה דערפון איז — ער שלעפט צו פיעל פרעמדע זאכען אויף זיינע אקסלען. ווי א קעמעל, לאָזט ער זיך אראָפ אויף די קניע, און לאָזט זיך גוט אָנלאָדען.

דערהויפט דער שטארקער, דער לאסט־טראָגערישער מענש, וואָס האָט יראת הכבוד אין זיך: צו פיעל פ ר ע מ ד ע שווערע ווערטער און ווערטען לאָדט ער אויף זיך אָן, איז — דוכט איהם דאָס לעבען ווי א מדבר!

און אין דער אמת'ן! ניט ווענינ אייגענע זאכען זיינען אויך שווער צו טראָגען. און א סך זאכען אינווענינ אין דעם מענשען זיינען ווי אן אויסטער, כלאמר, עקעלדיג און גליטשיג און שווער צו באַ־נעמען, —

— אזוי אז איידעלע שאָלכלעך מיט איידעלער באציער...: מוזען דאָ זיין דער מליץ־יושר. אָבער אויך אָט די קונסט מוז מען לערנען: ה אָ ב ע ן שאָלעכץ און א שעהנעם אָנבליק און קלוגע בלינדקייט!

און ווידער ווערט מען נענארט אין ניט ווענינ זאכען ביים מענשען, ווייל ניט איין שאָלעכץ איז שפל און טרויעריג און שוין צו פיעל שאָלעכץ. פיעל פארבאָרגענע גוטסקייט און קראפט ווערט

קיינמאָל נים דערשפירט. די טייערסטע נאָשערייען געפינען ניט, ווער עס זאָל זיי אין מויל נעמען!

די פרויען ווייסען דאָס, די ליעבליכסטע: אַ ביסעל פעטער, אַ ביסעל מאָגערער, אָ וויפיעל שיקזאַל ליעגט אין אַזאַ ביסעל!

עס איז שווער צו ענטדעקען דעם מענשען, און שווער צו פאַר אַלץ — זיך אַליין; אָפט לאַיגט דער גייסט וועגען דער נשמה. אַזוי בעשאַפט דאָס דער גייסט פון שווערקייט.

יענער אָבער האָט זיך אַליין ענטדעקט, וואָס זאָגט: דאָס איז מ י י ן גוט און שלעכט: דערמיט האָט ער דעם מויל־וואורף און דעם קאַרליק געמאַכט שטומען, וואָס זאָגט „גוט פאַר אַלעמען, שלעכט פאַר אַלעמען".

באמת, איך האָב אויך יענע ניט האָלט, וועמען יעטוועדע זאַך איז גוט און אָט די וועלט ווערט אָנגערופען די בעסטע. אַזוינע רוף איך אָן די מיט־אַלץ־צופרידענע.

די מיט־אַלץ־צופרידענקייט, וואָס קאָן אַלץ אין מויל נעמען: דאָס איז ניט דער בעסטער געשמאַק! איך האַלט עהרליך די ווידער־שפּענסטיגע, אויסקלויבערישע צינגער און מאָגענס, וואָס האָבען זיך אויסגעלערנט צו זאָגען: „איך" און „יע" און „ניין".

אָבער אַלץ קייען און איבערקאָכען, דאָס איז פונקט מעשה חזיר!

כסדר זאָגען י־אָ, דאָס האָט זיך נאָר דער אייזעל אויס־געלערנט און די וואָר האָבען זיין שכל! —

טיעפע געל און הייסע רויט: אַזוי וויל דאָס מ י י ן גע־שמאַק, — ער מישט אריין בלוט אין אַלע פאַרבען. ווער עס פאַרבט אָבער אָפּ זיין הויז אין ווייסען, דער פאַר'מסר'ט מיר אַ ווייס געפאַרבטע נשמה.

די איינע זיינען פאַרליעבט אין מומיעס, די אַנדערע אין גע־שפּענסטער און ביידע זיינען זיי גלייך פיינדליך צו אַל' דאָס פלייש און בלוט. אָ, ווי ביידע זיינען צוואווידער מיין געשמאַק! ווייל איך ליעב בלוט.

און דאַרטען וויל איך ניט וואוינען און זיך אויפהאַלטען, וואו יעדערער מייקענט און שפייט: דאָס איז שוין מ י י ן גע־שמאַק, — ליעבערשט וואָלט איך נאָך געלעבט צווישען גנבים און פאַלש־שווערער. קיינער טראָגט ניט קיין גאָלד אין מויל.

נאָך מעהר צואווידער זיינען מיר אָבער אַלע טעלער־לעקער, און די צואווידערינגסטע בריאה פון א מענשען, וואָס איך האָב גע־פונען, האָב איך א נאָמען געגעבען פאַראַזיט: ליעבע האָט זי ניט געוואָלט, און פאַרט לעבען פון ליעבע.

גליק־פאַרשאַלטען רוף איך אָן יעדען, וואָס האָט נאָר איין ברירה: צו ווערען אָדער א בייזע חיה, אָדער א חיה־באַצווינגער. צווישען אזעלכע וועל איך מיר ניט בויען קיין ביידלעך.

גליק־פאַרשאַלטען רוף איך אָן אויך די, וואָס מוזען תמיד ס א ר ו ו ע ר ע ן, — זיי זיינען צואווידער מיין געשמאַק: אַלע אָט די מוכסים און קרעמער און מלכים און אנדערע לענדער־ און קראָמען־היטער.

באמת, איך האָב מיך אויסגעלערנט אויך, ווי צו סארווערען און פון גרונט־אויס, — אָבער נאָר צו סארווערען ביי ז י ך. ועל כולם האָב איך מיך אויסגעלערנט שטעהן און געהן און לויפען און שפרינגען און קלעטערען און טאַנצען.

דאָס איז אָבער מיין לערנונג: ווער עס וויל א מאָל זיך אויס־לערנען פליהען, דער מוז זיך פריהער אויסלערנען שטעהן און געהן און לויפען און קלעטערען און טאַנצען: מען פליהט ניט אַרויף מיט א מאָל צו דעם פליהען.

איך האָב מיך אויסגעלערנט מיט שטריק־לייטערס אַרויפצו־קלעטערען אויף ניט איין פענסטער, מיט פלינקע פיס האָב איך מיך אויף הויכע מאַסט־בוימער אַרויפגעדראַפעט: זיצען אויף די הויכע מאַסט־בוימער פון דער דערקענטניס איז פאַר מיר געווען ניט קיין קליינע גליק־בענשונג, —

— גלימצערען ווי קליינע פלאַמען אויף הויכע מאַסט־בוימער: א קליין ליכט, בלי־ספק, אָבער פאַרט א גרויסע טרויסט פאַר די

שיפער און די שיף־געבראָכענע, וואָס זיינען פארשלאָגען געוואָרען פון זייער וועג!

אויף פיעלערליי וועגען און אופנים בין איך צו מיין אמת געקומען, ניט אויף איין לייטער בין איך ארויף צו דער הויך, וואו מיין אויג וואָגעלט אום אין מיין ווייט.

און גאָר אָהן חשק האָב איך אלע מאָל געפרעגט דעם וועג, — דאָס איז מיר תמיד געווען ווידער מיין געשמאַק! איך האָב ליעבערשט געפרעגט ביי די וועגען גופא און האָב זיי געפּרואווט.

א פּרואווען און פרעגען איז געווען מיין גאנצער געהן: — און באמת, מען מוז זיך אויסלערנען, ווי צו ענטפערען אויף אזא פרעגען! דאָס אָבער — איז מיין געשמאַק:

— ניט קיין גוטער, ניט קיין שלעכטער, אָבער מ י י ן געשמאַק, מיט וועלכען איך שעם זיך ניט און וועלכען איך בעהאלט ניט.

„אָט דאָס־אָ איז מ י י ן וועג, — וואו איז אייערער?" אזוי האָב איך געענטפערט יענע, וואָס האָבען ביי מיר „דעם וועג" געפרעגט. מחמת „ד ע ם ו ו ע ג", — דאָס איז ניטאָ אין א מציאות.

אזוי האָט גערעדט זאראטוסטרא.

*    *



# אלטע און נייע לוחות.

1.

אַט דאָ זיץ איך און וואַרט, אַרום מיר — אַלטע צובראָכענע לוחות און אויך נייע לוחות, האַלב באַשריבענע. ווען קומט מיין שעה?

—די שעה פון מיין אַראָפּגאַנג, פון מיין אונטערגעהן: ווייל איך וויל נאָך אַ מאָל געהן צו די מענשען.

איצט וואַרט איך דערויף: ווייל פריהער מוזען צו מיר קומען די סימנים, אַז דאָס איז מ י י ן שעה, — איך מיין דעם לאַכענדען לייב מיט דער מחנה טויבען.

בינו לבינו רייד איך צו זיך גופא, ווי איינער, וואָס האָט צייט. קיינער דערצעהלט מיר ניט קיין נייעס. איז — דערצעהל איך מיר מיך גופא.

*   *

*

2.

אַז איך בין געקומען צו די מענשען, האָב איך זיי געפונען זי־צענדיג אויף אַן אַלטען איינגלויב אין זיך אַליין. זיי אַלע האָבען זיך איינגעגלויבט, זיי ווייסען שוין פון לאַנג אָן, וואָס עס איז פאַר דעם מענשען גוט און שלעכט.

אַן אַלטער, איינגעמאַטערטער ענין, האָט זיך איהם געדוכט, איז יעדער ריידען וועגען רעכטשאַפענקייט; און דער וואָס האָט געוואָלט גוט שלאָפען, יענער האָט גערעדט וועגען „גוט" און „שלעכט" פאַר'ן שלאָפען־געהן.

אַט די שלעפעריי האָב איך צושטערט, בשעת איך האָב גע־לערנט: וואָס גוט און שלעכט איז, דאָס ווייס נאָך קיינער ניט: — סיידען דער באַשאַפער!

— און דאָס איז יענער, וואָס בעשאפט דעם מענשענס ציעל און גיט דער ערד איהר זין און איהר צוקונפט: אָט דער ערשט ב ע־ ש א פ ט, אז עפּעס זאָל זיין גוט אָדער שלעכט.

און איך האָב זיי געהייסען, זיי זאָלען איבערקערען אלע זייערע קאטעדרעס און אלץ, וואו נאָר דער אלטער איינגלויב איז געזעסען; איך האָב זיי געהייסען לאַכען פון זייערע גרויסע מאָראל־לעהרער און היילינע און פּאָעטען און וועלט־אויסלייזער.

פון זייערע פינסטערע חכמים האָב איך זיי געהייסען לאַכען און פון יעדוועדען איינעם, וואָס איז ווען עס איז ווי א פוינעל־שרעק געזעסען אויף דעם בוים פון דעם לעבען און האָט געוואָרענט.

אויף זייער גרויסער קברים־גאַס האָב איך מיך אנידערגעזעצט, גראָד לעבען דעם פגר און די קאָרשונעס — און איך האָב געלאַכט פון זייער גאנצען אמאָל און זיין צואווייכטע פארפאלענע פּרעכ־טינקייט.

באמת, פונקט ווי א פרומער מגיד און א שוטה האָב איך וועה־געשריען אין צער און צאָרן אויף גאָר זייער גרויס און קליין; אז זייער בעסט איז נאָר אזוי קליין! אז זייער ערגסט איז גאָר אזוי קליין! — אזוי־אָ האָב איך געלאַכט פון זיי.

מיין קלוגשאפענע בענקשאפט, פון די בערג א געבירטינע, האָט אזוי־אָ געשריען און געלאַכט פון מיר ארויס, — א ווילדע קלוגשאפענקייט — באמת! — מיין גרויסע, מיט־די־פליגלען־ברויזענדע בענקשאפט.

און אָפט פלעגט זיך מיך אין מיטען לאַכען א ריס טאָן ארויס און ארויף און אוועק: פלעג איך פליהען אין שוידער, ווי א פייל, דורך זון־בא׳שיכור׳טען תענוג:

— ארויס אין די ווייטע צוקונפטען, וואָס קיין חלום האָט נאָך ניט געזעהען, אין א הייסערען דרום, איידער די קינסטלער האָבען ווען געטרוימט: אהין, וואו די געטער אין זייער טאנץ שעמען זיך פאר זייער זיין־אָנגעטאָן: —

— **איך מיין, וואָס איך רייד נאָך אין משלים און הינק און** שטאַמעל, ווי אַ דיכטער: און באמת איך שעם זיך, וואָס איך מוז נאָך זיין אַ דיכטער! —

וואו יעדער ווערן האָט מיר אויסגעדוכט אַ געטער־טאַנץ און אַ געטער־שטיפעריי, און די וועלט — פרייגעלאָזען און צולאָזען און געפלויגען צוריק צו זיך אליין:

— ווי אַן אייביגער פון־זיך־פליהען און זיך־וויעדער־זוכען פון אַ סך געטער, ווי דאָס גליק־געבענשטע זיך־ווידעראַנאַנדזיין, זיך וויעדער־הערען און זיך וויעדער־געהערען פון אַ סך געטער: —

וואו יעדע צייט האָט מיר אויסגעדוכט ווי אַ גליק־געבענשטער חוזק אויף די הרף־עין׳ס, וואו די נויטווענדיגקייט איז געווען די פרייהייט גופא, וואָס האָט זיך גליק־געבענשט געשפּיעלט מיט דער פרייהייט׳ס שטעכיגען אַנטרייב:

וואו איך האָב אויך מיין אַלטען טייוועל און דעם אויבער־פיינט וויעדער־געפונען, דעם גייסט פון שווערקייט, און אַלץ, וואָס ער האָט בעשאַפען: צוואַנג, דינים, נויט און פועל־יוצא און צוועק און ווילען און גוט און שלעכט: —

ווייל מוז דען ניט זיין דאָ אַזוינס, וואָס זאָל אַריבער גע־טאַנצט, אַוועק־געטאַנצט ווערען? מוזען ניט צוליעב די גרינגע, די גרינגסטע זיין דאָ די מויל־וואורפען און די שווערע קאַרלי־קעס? —

*      *
*

3.

דאָרטען איז דאָס אויך געווען, וואו איך האָב דאָס וואָרט „אויבער־מענש" פון דעם וועג אויפגעהויבען, און אַז דער מענש איז עפּעס אַזוינס, וואָס מוז אַריבערגעשטיגען ווערען,

— אַז דער מענש איז אַ בריק און ניט קיין צוועק: אין גליק־געבענשטען לויב־געזאַנג אויף זיין מיטען העלען טאָג און זיין אָווענט, ווי אַ וועג צו נייע פריה־מאָרגען־רויטען:

— דאָס זאַראַטוסטראַ־וואָרט פון דער גרויסער מיטטאָג־צייט און אַלע אַנדערע זאַכען, וואָס איך האָב אויפגעהאַנגען איבער דעם מענשען, ווי אַ פורפעלנע צווייטע אָוועגט־רויט.

בנאמנות, אויך נייע שטערען מיט נייע נעכט האָב איך זיי געלאָזט זעהן; און דאָס לאַכען האָב איך אויסגעשפּרייט ווי אַ פיעל־פאַרביג געצעלט איבער וואָלקען און טאָג און נאַכט.

איך האָב זיי אויסגעלערנט מ י י ן גאַנצען דיכטען און טראַכטען: אין איינס צו דיכטען און צונויפצוטראָגען אַלץ וואָס עס איז אין דעם מענשען אַ שערבעל און אַ רעטעניש און אַ גרויליגע סבה. —

ווי אַ דיכטער, אַ רעטעניש־טרעפער און אויסלייזער פון דעם צופאַל, האָב איך זיי געלערנט, זיי זאָלען בעשאַפען דעם צופאַל, און אַלץ וואָס עס איז דאָ, — בעשאַפענד אויסצולייזען.

דעם עבר דעם מענשענס אויסצולייזען און יעדען „עס איז געווען“ איבערצושאַפען, ביז דער ווילען וועט זאָגען: „אָבער אַזוי האָב איך דאָס געוואָלט! אַזוי וועל איך דאָס וועלען — “

— אָט דאָס האָב איך זיי אָנגערופען אויסלייזונג, דאָס אַליין, האָב איך זיי געלערנט, זאָלען זיי רופען אויסלייזונג. — —

איצטער וואַרט איך אויף מ י י ן אויסלייזונג, — איך זאָל געהן צו זיי צום לעצטען מאָל.

ווייל איך וויל נאָך אַ מאָל צו די מענשען: צווישען זיי וויל איך פאַרגעהן, שטאַרבענדיג וועל איך זיי געבען מיין רייכסטע מתנה.

פון דער זון האָב איך דאָס אָפּגעלערנט, ווען זי פאַרגעהט, די איבער־רייכע: גאָלד שיט זי יעמאָלט אין ים פון אַ ניט אויס־צו־שעפּענדען רייכטום, —

— אַזוי, אַז אפילו דער אָרעמסטער פישער־מאַן רודערט מיט אַ גילדערנעם רודער! מחמת דאָס האָב איך אַמאָל געזעהען און האָב מיך ניט געקאָנט זאַט אָנוויינען ביים צוקוקען. — —

זאראטוסטרא וויל אויך פארגעהן, ווי די זון: איז — זיצט ער דאָ און ווארט, אלטע צובראָכענע לוחות ארום איהם און אויך נייע טאָוולען, — האלב באשריבענע.

*   *
*

4.

זעה, אָט איז א נייע טאָוועל: אָבער וואו זיינען מיינע ברי־דער, וואָס זאָלען זי מיט מיר טראָגען צום טאָל און אין די פליי־שערנע הערצער אריין? —

אזוי פאָדערט דאָס מיין גרויסע ליעבע צו די ווייטסטע: שאנעווע ניט דיין נאָהענטסטען. דער מענש איז עפּעס אזוינס, וואָס מוז אריבערגעשטיגען ווערען.

עס זיינען דאָ פיעלערליי וועגען און אופנים, ווי איהם גובר צו זיין: דאָס דארפסט דו שוין זעהען! אָבער נאָר א קלאָון טראכט: „דער מענש קאָן אויך אריבערגעשפרונגען ווערען“.

זיי גובר דיך אליין אפילו אין דיין נאָהענטסטען: און א רעכט, וואָס דו קאָנסט רויבען פאר זיך, זאָלסטו זיך ניט לאָזען געבען.

וואָס דו טהוסט, דאָס קאָן דיר קיינער ניט ווידער טאָן. זעה, עס איז ניטאָ קיין שכר ועונש.

ווער עס קאָן זיך ניט באפעהלען, דער זאָל טאָן פאָלגען. און איינער קאָן זיך באפעהלען, אָבער דאָ פעהלט נאָך א סך, אז ער זאָל זיך אליין טאָן פאָלגען.

*   *
*

5.

אזוי וויל דאָס די טבע פון איידעלע נשמות: זיי ווילען קיין זאך ניט האָבען אומזיסט, וועניגער פאר אלץ דאָס לעבען.

דער וואָס איז פון דעם המון, יענער וויל לעבען אומזיסט;
אָבער מיר אנדערע, וועמען דאָס לעבען האָט זיך געגעבען, —
מיר קלעהרען תמיד וועגען דעם, וואָס מיר זאָלען דאָס בעסטע
צוריקגעבען ד ע ר פ א ר.

און באמת, עס זיינען נאָבעלע רייד, וועלכע זאָגען: „וואָס
דאָס לעבען האָט א ו נ ז צוגעזאָגט, דאָס ווילען מ י ר דעם לע־
בען מקיים זיין.“

מען זאָל ניט וועלען הנאה האָבען, וואו מען גיט ניט קיין
הנאה. און — מען זאָל הנאה האָבען ניט ו ו ע ל ע ן!

מחמת הנאה און אומשולד זיינען די שעמעוודיגסטע זאכען:
ביידע ווילען ניט, מען זאָל זיי זוכען. מען זאָל זיי ה אָ ב ע ן,—
— אָבער ז ו כ ע ן זאָל מען שוין גלייכער שולדינקייט און צער! —

* *

*

6.

אָ, מיינע ברידער, ווער עס איז א בכור, יענער ווערט תמיד
געבראכט פאר א קרבן. מיר אָבער זיינען דאָך בכורים.

מיר אלע בלוטיגען אויף פארבאָרגענע מזבחות; מיר אלע
ברענען און בראָטען זיך צוליעב דעם כבוד פון אלטע עבודה־זרה׳ס.

אונזער בעסט איז נאָך יונג: דאָס רייצט די אלטע גומענס.
אונזער פלייש איז צאַרט, אונזער פעל איז נאָר א לאַם־פעל: —
ווי זאָלען מיר ניט אויפרייצען די אלע כהנים פון די אָפּגעטער!

אין אונז גופא וואוינט ער נאָך, דער אלטער כהן פון דעם
אָפּגאָט, וואָס בראָט אונזער בעסט פאר זיין סעודה. אך, מיינע
ברידער, ווי קאָנען בכורים ניט זיין קיין קרבנות.

אָבער אזוי וויל דאָס אונזער טבע; און איך ליעב יענע, וואָס
ווילען ניט אָפּהיטען זיך. די וואָס געהען־אונטער ליעב איך מיט
מיין גאנצער ליעבע: ווייל זיי געהען אריבער.

* *

*

7.

זיין אמת'דיג — דאָס קאָנען ווענינ מענשען! און ווער עס קאָן דאָס, יענער וויל דאָס נאָך ניט! ווענינער פאַר אַלעמען קאָנען דאָס אָבער די גוטע.

אָ, אָט די גוטע! גוטע מענשען זאָגען קיינמאָל ניט דעם אמת; אויף אזא'ן אופן איז גוט־זיין א קראַנקהייט פאַר דעם גייסט.

זיי גיבען־נאָך, יענע גוטע, זיי גיבען זיך איבער, זייער הארץ זאָגט נאָך, דער גרונט זייערער טוט פאָלגען: ווער עס פאָלגט אָבער, יענער הערט זיך אליין ניט!

אלץ, וואָס די גוטע רופען שלעכט, מוז צונויפקומען אין איינעם, כדי אן אמת זאָל געבאָרען ווערען: אָ, מיינע ברידער, זייט איהר גענוג שלעכט פאַר אָט דעם אמת?

א דערוועגענער זיך־דערוועגען, א לאנגער חשד, אן אכזריות'־שער ניין, א דערעסענקייט, א שניידען אין לעבעדיגען פלייש — ווי זעלטען קומט דאָס זיך צונויף! אָבער פון אזא זריעה ווערט — אמת געפּרוכפּערט!

נעבען דעם שלעכטען געוויסען איז ביז אהער געוואקסען יעדער וויסען! צוברעכט, צוברעכט מיר, איהר דערקענענדע, די אַלטע לוחות!

* *

*

8.

ווען איבער דעם וואסער ליגען באַלקענס, ווען שטעג און פּאַרענץ שפּאַנען אריבער דעם שטראָם: בנאמנות, דאָ וועט קיינער ניט גלויבען, ווען מען זאָגט איהם: „אלץ איז אין שטראָם".

נייערט אפילו די שוטים זיינען איהם סותר. „וואָס? זאָגען די שוטים, אלץ איז אין שטראָם? באַלקענס און פּאַרענץ זיינען דאָך איבער דעם שטראָם!"

„א י ב ע ר דעם שטראָם איז אַל׳דאָס דינג פעסט, אַלע ווער־טען פון די זאַכען, די בריקען, די באַגריפען, דאָס גאַנצע „גוט" און „שלעכט": דאָס אַלץ איז פ ע ס ט!" —

און קומט גאָר דער האַרטער ווינטער, דער שטראָם־באַצוווינ־גער: יעמאָלט הויבען־אָן אויך די שאַרפסטע קעפּ חושד צו זיין; און בנאמנות, ניט נאָר די שוטים זאָגען יעמאָלט: „ש ט ע ה ט ד ע ן נ י ט ש ט י ל אַל׳־דאָס־דינג?"

„אין גרונט שטעהט אַל׳־דאָס־דינג שטיל," — דאָס איז אַ רעכטע ווינטער־תורה, אַ גוטע זאַך פאַר אַן אומפּרוכפּערער צייט, אַ גוטע טרייסט פאַר ווינטער־שלאָפער און הינטערן־אויווען־זיצער.

„אין גרונט שטעהט אַל׳־דאָס־דינג שטיל" —: אָבער דעם היפך דערצו פּריידיגט דער טוי־ווינט.

דער טוי־ווינט, אַ יונגער אָקס, וואָס געהט ניט אין אַקער־שפּאַן, אַ צאָרענדיגער אָקס, אַ צושטערער, וואָס ברעכט דעם אייז מיט־ זיינע צאָרענדיגע הערנער! דער אייז אָבער — צ ו־ ב ר ע כ ט ד י ש ט ע ג ע ן.

אָ מיינע ברידער, איז א י צ ט ע ר ניט אַלץ אין שטראָם? זיינען ניט אַלע פאַרענצעס און שטעגען אין וואַסער אריין? ווער וועט זיך נאָך אָנהאַלטען אָן „גוט" און „שלעכט"?

„וועה צו אונז! וואויל צו אונז! דער טוי־ווינט וועהט!" — אזוי־אָ, מיינע ברידער, זאָלט איהר מיר פּריידיגען אין אַלע גאַסען!

* *
*

9.

עס איז דאָ אַן אַלטער שגעון, זיין נאָמען איז גוט און שלעכט. ארום וואָהר־זאָגער און שטערן־זעהער האָט זיך ביז אהער געדרעהט די ראָד פון יענעם שגעון.

אמאָל האָט מען ג ע ג ל ו י ב ט אין וואָהר־זאָגער און שטערן־זעהער: און ד ע ר י ב ע ר האָט מען געגלויבט „אַלץ איז שיקזאַל: דו זאָלסט, ווייל דו מוזט!"

דערנאָך ווידער האָט מען אויפגעהערט גלויבען אין אלע וואָהר־זאָגער און שטערן־זעהער: און ד ע ר י ב ע ר האָט מען נעגלויבט „אלץ איז פרייהייט: דו קאָנסט, ווייל דו ווילסט!“

אָ, מיינע ברידער, וועגען שטערן און צוקונפט האָט מען ביז אהער נאָר גע׳דמיון׳ט, אָבער ניט געוואוסט: און ד ע ר י ב ע ר איז וועגען גוט און שלעכט ביז אהער גע׳דמיון׳ט געוואָרען און ניט געוואוסט!



## 10.

„דו זאָלסט ניט גזלנ׳ען! דו זאָלסט ניט רצחנ׳ען!“ — אזעלכע ווערטער האָט מען אמאָל א נאָמען געגעבען היילינ; פאַר זיי האָט מען געבויגען קניע און קעפּ און אויסגעטאָן די שיך.

אָבער איך פרעג ביי אייך: וואו זיינען ווען געווען ערגערע גזלנים און רוצחים אין דער וועלט, איידער אזעלכע היילינע ווער־טער?

איז ניט אין יעדען לעבען גופא — גזילה און רציחה? און דורכדעם וואָס אזעלכע ווערטער האָט מען אָנגערופען היילינ איז ניט דער א מ ת גופא דערשלאָגען געוואָרען אויף טויט?

אָדער איז דאָס געווען א פּריידיגען דעם טויט, ווען מען האָט אָנגערופען היילינ אזוינס, וואָס איז סותר דעם לעבען און ראָט פון איהם אָפּ? — אָ, מיינע ברידער, צוברעכט, צוברעכט מיר די אלטע לוחות!



## 11.

אָט דאָס איז מיין רחמנות מיט יעדען עבר, וואָס איך זעה: ער איז א פּארקויפטער, —

— א פּארקויפטער צו דער גענאָד, דעם גייסט, דער משוגעת

פון יעדען דור, וואָס קומט און אַלץ, וואָס איז געווען, טייטש אוים ווי אַ בריק צו זיך!

אַ גרויסער געוואַלט־האַר האָט געקאָנט קומען, אַ שאַרפזיניגער אכזר, וואָס וואָלט מיט זיין גענאַד און אומגענאַד יעדען עבר געקאָנט צווינגען און האָט געצוואונגען אזוי לאַנג, ביז ער איז איהם געוואָרען אַ בריק און אַ פאַר־צייכען און אַן אויסרופער און אַ האָהן־געקרעה.

און אין דעם איז די אנדער געפאהר און מיין אנדער רחמנות: ווער עס איז פון דעם המון, יענעמס געדענקען געהט צוריק נאָר ביז צום זיידען, — מיט דעם זיידען אָבער הערט שוין אויף די צייט.

אזוי־אַ איז יעדער עבר אַ פאַרקויפטער: ווייל עס קאָן אַ מאָל קומען, אַז דער המון וועט ווערען דער האַר און וועט אין פלאַכע וואַסערען דערטרינקען יעדע צייט.

דעריבער, אָ מיינע ברידער, דאַרף מען האָבען אַ נ י י ע ם א ד ע ל, וואָס איז אַ שונא יעדען המון און יעדע געוואַלט־הערישקייט און וואָס שרייבט אויף נייע טאָוולען אויף'ם ניי דאָס וואָרט „איידעל".

מחמת מען דאַרף האָבען אַ סך איידעלע און פיעלערליי איידעלע, כ ד י ע ס ז אָ ל ק אָ נ ע ן ז י י ן א ן א ד ע ל! אָדער, ווי איך האָב דאָס אַמאָל געזאָגט אין אַ משל: „גראָד אין דעם באשטעהט די געטליכקייט, וואָס עס זיינען דאָ געטער, אָבער עס איז ניטאָ קיין גאָט!"

* *
*

## 12.

אָ מיינע ברידער, איך הייליג אייך און ווייז אייך אָן צו אַ נייעם אדעל: איהר זאָלט מיר ווערען ארויסברענגער און אויפציהער און זריעה־וואַרפער פון דער צוקונפט. —

— באמת, ניט צו אַן אדעל, וועלכען איהר וואָלט געקאָנט

קויפּען, ווי די קרעמער, און מיט קרעמער — גאָלד; ווייל ווענינ װערט האָט אַלץ, וואָס האָט זיין מקח.

פון איצט אָן זאָל אייער כבוד באשטעהן ניט אין דעם, פון וואַנען איהר קומט, נאָר אין דעם, וואוהין איהר געהט! אייער ווילען און אייער פוס, וואָס וויל איבער אייך גופא ארויסגעהן, — אין דערין זאָל באשטעהן אייער נייער כבוד.

באמת ניט אין דעם, וואָס איהר האָט געדיענט א פירסט — ווער טראַכט נאָך װעגען פירסטען! — אָדער אין דעם, וואָס איהר זייט געוועזען א שוץ-וואַנט פאַר עפּעס, וואָס שטעהט, כדי עס זאָל נאָך פעסטער שטעהן!

ניט אין דעם, וואָס אייער משפחה איז געוואָרען הויפיש אין די הויפען און איהר האָט זיך אויסגעלערנט — פיעלפארביג ווי א פלאַמינגאָ צו שטעהן לאַנגע שעה'ן אין פלאַכע וואסערען:

ווייל — ק אָ נ ע ן שטעהן איז ביי די הויף-לייט א פאַר-דיענסט; און אַלע הויף-לייט גלויבען, אז צו דער גליק-געבענשט-קייט נאָך דעם טויט געהערט — דאָס מ ע ג ע ן זיצען! —

אויך ניט אין דעם, וואָס א גייסט, וועלכען זיי רופען א היילינען, האָט אייערע אבות געפיהרט אין צוגעזאָגטע און געלויב-טע לענדער, וועלכע איך לויב ניט: ווייל דאָרטען, וואו עס איז אויסגעוואַקסען דער ערגסטער פון אַלע בוימער, דער צלם, — אין יענעם לאַנד איז גאָרנישט פאראַן וואָס צו לויבען! —

און באמת, וואוהין אָט דער הייליגער גייסט זאָל ניט האָבען געפיהרט זיינע ריטערס-לייט, תמיד זיינען ביי אזעלכע צוגען פ אָ ר א ו י ס ג ע ל אָ פ ע ן — ציעגען און גענז און צלם-קעפּ און פאַרדרעהטע מוחות!

מיינע ברידער, ניט אויף צוריק זאָל קוקען אייער אדעל, נאָר אויף פאָראויס! פאַרטריבענע זאָלט איהר זיין פון אַלע פאָטער-לענדער און אור-פאַטער-לענדער!

אייער ק י נ ד ע ר - ל א נ ד זאָלט איהר ליעבען: אָט די ליעבע זאָל אייער נייער יחוס זיין, — דאָס ניט-אנטדעקטע, אין

דעם ווייטסטען ים! אַט דאָס צו זוכען און זוכען הייס איך אייערע שיף-לייוועגטען.

אויף אייערע קינדער זאָלט איהר פאַרריכטען דעם פעהלער, וואָס איהר זייט קינדער פון אייערע פאָטערס: דעם גאַנצען עבר זאָלט איהר אזוי אויסלייזען! אַט די נייע טאָוועל שטעל איך אוועק איבער אייך!

*     *
*

## 13.

„צוליעב וואָס לעבען? אַלץ איז נישטיג! לעבען — דאָס איז דרעשען שטרוי; לעבען — דאָס איז זיך פאַרברענען און פאָרט ניט ווערען וואַרעם.“ —

אזא אַלט-געבאַקענער געפּלאַפּעל געהט נאָך אַלץ אַרום ווי „קלוגשאַפט“; וואָס ער איז אָבער אַלט און האָט אַ דומפּען ריח, דערפאַר ווערט ער נאָך העכער געעהרט. אויך פאַרשימעלטקייט אַדעלט. —

קינדער האָבען געמעגט אזוי ריידען: זיי האָבען מורא פאַר פייער, ווייל עס האָט זיי געברענט! עס איז אַ סך קינדעריי אין די אַלטע ביכער פון קלוגשאַפט.

און ווער עס מוט כסדר „דרעשען שטרוי“, ווי אזוי טאָר אזא לעסטערען דאָס דרעשען! אזא נאַר האָט מען געדאַרפט פאַר-בינדען דאָס מויל!

אַזוינע זעצען זיך צום טיש און ברענגען גאָרנישט ניט מיט זיך, אפילו ניט דעם גוטען הונגער: און נו — לעסטערען זיי „אַלץ איז נישטיג!“

אָבער גוט עסען און טרינקען, אַ מיינע ברידער, איז בנאמנות גיט קיין נישטיגע קונסט! צוברעכט, צוברעכט מיר די לוחות פון די קיינמאָל-ניט-פריידיגע!

*     *
*

## 14.

„פאַר דעם ריינעם איז אַלץ ריין“ — אַזוי זאָגט דאָס פֿאָלק.
איך אָבער זאָג אייך: „פאַר די שווייַנען איז אַלץ שווייַן!“

דעריבער פריידיגען די פאַר׳חלום׳טע און די קאָפּ־הייַנגער, ביי וועמען אויך דאָס האַרץ הענגט אַראָפּ: „די וועלט גופא איז אַ קויטיגע בריאה משונה“.

ווייל אַט די אַלע זייַנען פון אַן אומציכטיגען גייסט; בפרט אָבער יענע, וועלכע קאָנען ניט איינרוהען, ביז זיי זעהען ניט די וועלט פון הינטען — די הינטערוועלטלער!

זיי אין פנים אַריין זאָג איך, הגם עס קלינגט ניט ליעבליך: די וועלט איז אין דעם געגליכען צו אַ מענשען, וואָס זי האָט אַ הינטער־חלק, — אויף אַ ז ו י ־ פ י ע ל איז דאָס אמת!

עס איז דאָ אין דער וועלט אַ סך טנופ: א ו י ף א ז ו י ־ פ י ע ל איז דאָס אמת! אָבער דעריבער איז די וועלט גופא נאָך ווייט ניט קיין קויטיגע בריאה משונה!

עס ליעגט פיעל קלוגשאַפט דערין, וואָס אַ סך זאַכען אין דער וועלט האָבען אַ שלעכטען ריח: די חלשות גופא בעשאַפט פליגלען און קוואַלען־שפּירענדע קרעפטען!

אין דעם בעסטען איז נאָך עפּעס דאָ חלשות׳דיגס; און דער בעסטער איז נאָך עפּעס אַזוינס, וואָס דאַרף אַריבערגעשטיגען ווערען! —

אָ, מיינע ברידער, עס ליעגט פיעל קלוגשאַפט דערין, וואָס ס׳איז דאָ אַ סך קויט אין דער וועלט! —

*　　*
*

## 15.

איך האָב געהערט, ווי די פרומע הינטערוועלטלער האָבען גערעדט צו זייער געוויסען אַזעלכע דבורים און, בנאמנות, אָהן

שלעכטיגקייט און פאַלשקייט, — הגם עס קאָן שוין ניט זיין אין דער וועלט אַ פאַלשערע זאַך, אָדער אַן ערגערע:

„לאָז דאָך די וועלט זיין ווי זי איז! הויב ניט אויף אַנט־קעגען איהר אפילו אַ פינגער!"

„זאָל, ווער עס וויל, ווערגען די מענשען־קינדער און שטע־כען און שינדען און שאָבען: אפילו אַ פינגער הויב ניט אויף אַנטקעגען דעם. דערפון וועלען זיי זיך אויסלערנען ווי זיך אָפּ־צוזאָגען פון דער וועלט".

„און דיין אייגענעם שכל — איהם זאָלסטו אליין כאַפּען פאַר'ן גאָרגעל און ווערגען; ווייל ער איז אַ שכל פון ד ע ר וועלט, — דערפון וועסטו זיך אליין אויסלערנען, ווי זיך אָפּצוזאָגען פון דער וועלט". —

— צוברעכט, צוברעכט מיר די דבורים פון די וועלט־פאַר־שווארצער.

* *
*

## 16.

„ווער עס לערנט אַ סך, יענער פאַרגעסט אלע העפטיגע באַ־געהרען" — דאס סוד'עט היינט איינער דעם אנדערן אין אלע טונ־קעלע גאַסען.

„קלוגשאַפט מאַטערט אויס; קיין זאַך לוינט זיך ניט; דו זאָלסט ניט באַגעהרען!" — אָט די נייע טאָוועל האָב איך געפונען הענגענדיג אפילו אויף אָפענע מארק־פּלעצער.

צוברעכט מיר, אָ מיינע ברידער, צוברעכט מיר אויך אָט די נ י י ע טאָוועל! די וועלט־מיעדע האָבען זי אויפגעהאנגען, און די פּריידיגער פון טויט און אויך די תפיסה־שומרים: ווייל זעהט, דאָס איז אויך אַ פּריידיגער פון קנעכטשאַפט:

ווייל זיי האָבען שלעכט געלערנט און ניט דאָס בעסטע, און אלץ צו פריה און אלץ צו געשווינד: ווייל זיי האָבען שלעכט געגעסען דעריבער האָבען זיי באַקומען יענעם פאַרדאָרבענעם מאָגען, —

מחמת א פארדארבענער מאגען איז זייער גייסט: א ט ע ר עצה'ט דאס דעם טויט! ווייל בנאמנות, מיינע ברידער, דער גייסט א י ז א מאגען!

דאס לעבען איז א ברונען פון לוסט: אבער פון וועמען עס רעדט א פארדארבענער מאגען, דער פאטער פון מרה־שחורה, ביי יענעם זיינען אלע קוואלען פארגיפטעט.

דערקענען: דאס איז א ל ו ס ט פאר דעם מאן מיט דעם ווילען פון א לייב! אבער ווער עס איז איינגעמאטערט געווארען, יענער ווערט אליין נאר „געוואלט", מיט יענעם שפיעלען אלע וואלען.

און אזוי איז תמיד די טבע פון שוואכע מענשען: זיי פארלירען זיך אויף זייערע וועגען. און לסוף פרעגט נאך זייער מאט־קייט: „צוליעב וואס זיינען מיר לכתחילה ארוים אין די וועגען! אלץ איז אלץ־איינס!"

אט זיי קלינגט דאס ליעבליך אין די אויערען, ווען עס ווערט געפריידיגט: „קיין זאך לוינט זיך ניט! איהר זאלט ניט וועלען!" דאס אבער איז די פריידיגונג פון קנעכטשאפט.

א, מיינע ברידער, ווי א פרישער ברויז־ווינט קומט זאראַ־טוסטרא פאר אלע וועג־אויסגעמאטערטע; א סך נעז וועט ער נאך מאכען צו ניעסען!

אויף דורך מויער־ווענט בלאזט מיין פרייער אטעם, און אין תפיסות אריין און אין געפאנגענע גייסטער!

וועלען—באפרייט: ווייל וועלען איז שאפען: אזוי לערן איך. און נ א ר צוליעב שאפען זאלט איהר לערנען!

און אויף דעם ענין פון לערנען זאלט איהר ערשט פון מיר ל ע ר נ ע ן, יעם ענין פון גוט־לערנען! — ווער עס האט אויערען זאל הערען!

* *

*

## 17.

דאָ שטעהט דאָס רודער־שיפעל, — דאָרטען, אויף יענער זייט, פיהרט דאָס אפשר אין דאָס גרויסע גאָרנישט. — אָבער ווער וויל אריינשטייגען אין אָט דעם „אפשר“?

קיינער פון אייך וויל ניט אריינשטייגען אין דער שיף פון טויט! היינט ווי ווילט איהר דען זיין וועלט־מיעד?

וועלט־מיעד! און אפילו ניט קיין ערד־אנטלאָפענע זייט איהר געוואָרען! תאוה־לוסטיג נאָך דער ערד האָב איך אייך תמיד געפ נען, פארליעבט אין דער אייגענער ערד־מיעדקייט!

ניט אומזיסט הענגט אראָפּ ביי אייך די ליפּ: א קליינער ערד ען־וואונש זיצט נאָך אויף דעראויף! און אינ׳ם אויג — שווימט דאָרטען ניט א וואָלקענדעל פון אומפארגעסענע ערדען־לוסט?

עס זיינען דאָ אויף דער וועלט א סך גוטע ערפינדונגען, איינע ניצליך, די אנדערע אנגענעם: צוליעב זיי דארף מען ליעבען די ערד.

און עס זיינען דאָ ניט ווענינ אזוי גוט ערפונענע זאכען, וואָס זיינען ווי דער בוזים פון א ווייבס־פּארשוין: ניצליך און אנגענעם אין דער זעלביגער צייט.

אָבער איהר וועלט־מיעדע! איהר ערד־פוילע! אייך זאָל מען מיט ריטער שמייסען! מיט ריטער־שמיץ זאָל מען ווידער מונטער מאכען אייערע פּיס.

ווייל: אויב איהר זייט ניט קיין קראנקע און אָפּגעלעבטע בעל־עבירה׳ס וואָס די ערד איז פון אייך מיעד געוואָרען, יעמאָלט זייט איהר פוקסען־קלוגע פויל־חיות און נאשערישע פארקראָכענע לוסט־קעץ. און אויב ווילט ניט ווידער לוסטיג לויפען, איז זאָלט איהר זיך — אריבערפעקלען!

מען זאָל ניט וועלען זיין קיין רופא פאר די וואָס קאָנען ניט געהיילט ווערען: אזוי לערנט זאראטוסטרא: איז — זאָלט איהר זיך אריבערפּעקלען!

אָבער עס פאָדערט זיך א סך מעהר מוּט, צו מאכען א סוֹף, איידער צו מאכען א נייעם פערז: דאָס וויסען אלע רופאים און אלע דיכטער.

* *
*

18.

אָ, מיינע ברידער, עס זיינען דאָ לוחות, וואָס די איינגעמאַ־טערטקייט האָט בעשאַפען, און לוחות וואָס קומען פון פוילקייט, דער צוגעפוילטער: הגם זיי ביידע ריידען גלייכע רייד, ווילען זיי דאָך באַזונדער געהערט זיין. —

זעהט דאָרטען יענעם פארשמאַכטען! נאָר א שפּאַן די ווייט איז ער פון זיין ציעל, אָבער פון מיעדקייט האָט ער זיך פאַר־עקשן'ט און זיך דאָ אין שטויב אוועקגעליינט: אָט דער מוט־שאַפענער!

פאַר מיעדקייט געניצט ער אויף דעם וועג, דער ערד, דעם ציעל און אויף זיך אליין: קיין איין טראָט וויל ער ווייטער ניט מאַכען, — אָט דער מוטשאַפענער!

איז — גליהט די זון אויף איהם און די הינט לעקען זיין שוויים: אָבער ער ליעגט דאָ אין זיין עקשנות און וויל בעסער פאַר־שמאַכטען: —

— א שפּאַן ווייט פון זיין ציעל פארשמאַכטען! בנאמנות, איהר וועט איהם נאָך דאַרפען פאַר די האָר ארויפציהען אין זיין הימעל, — אָט דעם העלד!

איז בעסער, לאָזט איהם ליעגען, וואו ער ליעגט, זאָל דער שלאָף אויף איהם קומען, דער טרויסטער, מיט א קיהלענדען רויש־רעגען:

לאָזט איהם ליעגען, ביז ער וועט זיך אליין אויפכאַפּען, ביז ער וועט אליין אָפּלייקענען זיין גאַנצע מיעדקייט און אלץ וואָס זיין מיעדקייט האָט דורך איהם געלערנט.

נאָר די הינט, מײַנע ברידער, זאָלט איהר פון איהם אוועק־
טרייבען, אַט דעם גאַנצען שוויבלענדען ווערים־קנויל: —

— דעם גאַנצען שוויבלענדען ווערים־קנויל פון די „געבילדע־
טע“, וואָס זיינען זיך מתענג מיט דעם שוויס פון יעדען העלד! —

*       *

*

19.

איך שליס קרייזען ארום מיר און הייליגע גרעניצען: אלץ
וועניגערע שטייגען מיט מיר אויף אלץ העכערע בערג: איך בוי
א געבירג פון אלץ הייליגערע בערג.

וואוהין איהר זאָלט אָבער מיט מיר ניט שטייגען, אָ, מײַנע
ברידער, זעהט, אז א פ א ר א ז י ט זאָל ניט שטייגען מיט
אייך!

א פאראזיט: דאָס איז א וואָרים א קריעכיגס, א בויגיגס,
וואָס וויל פעט ווערען פון אייערע קראַנקע, ווינדע ווינקלען.

און דאָס איז זיין קונץ, וואָס ער דערשפירט וואו די שטייי־
גענדע נשמות ווערען מיעד: אין אייער צער און אומעט, אין
אייער צאַרטער פאַרשעמטקייט בויט ער זיין עקעלהאַפטען נעסט.

וואו דער שטאַרקער איז שוואַך, וואו דער איידעלער איז
צופיעל מילד, דאָרטען בויט ער זיין עקעלהאַפטען נעסט אריין:
דער פאראזיט וואוינט, וואו דער גרויסער האָט קליינע ווינדע
ווינקלען.

וואָס איז דער העכסטער מין פון אלץ וואָס עקזיסטירט און
וואָס איז דער שפל׳סטער? דער פאראזיט איז דער שפל׳סטער
מין; דער אָבער, וואָס איז פון דעם העכסטען מין, יענער דער־
נעהרט די מעהרסטע פאראזיטען.

גראָד אזא נשמה, וואָס האָט די לאַנגסטע לייטער און קאָן
ארונטער ביז צו טיעפסט: ווי זאָלען דאָ אויף איהר ניט זיצען די
מעהרסטע פאראזיטען? —

— די ניט איינצופאַנגענע נשמה, וואָס קאָן אין זיך אריינ־

לויפען אין די ווייטסטע ווייט און ארומוואקלען און זיך ארומטראָ־
גען; די נויטווענדיגסטע, וואָס ווארפט זיך אריין אין דעם צופאל
אוים לוסט: —

— די נשמה — א זיין, וואָס טונקט זיך אין א ווערן; א
האָבען, וואָס וויל אריבער אין א וועלען און א פארלאנגען: —

— וואָס אנטלויפט פון זיך אליין און יאָגט אָן זיך אליין
אין דעם ווייטעסטען קרייז; די קלוגשאפענסטע נשמה, וועמען די
נארישקייט רעדט אזוי זים:

— די ליעבע־פולסטע צו זיך אליין, אין וועלכע אלע זאכען
האָבען זייער שטראָמען און אנטקעגען־שטראָמען און אָפפלוס און
צופלוס: — אָ, ווי זאָל די העכסטע נשמה ניט האָבען די ערגסטע
פאראזיטען?

* *
*

20.

אָ, מיינע ברידער, בין איך דען אָן אכזר? אָבער איך זאָג:
וואָס עס פאלט, דאָס זאָל מען נאָך א שטויס טאָן!

דאָס אלץ פון היינט — דאָס פאלט, דאָס ווערט צופאלען:
ווער וואָלט נאָך געוואָלט דאָס אונטערהאלטען! אָבער איך —
איך וויל דאָס נאָך שטויסען!

איז אייך בעקאנט דער תענוג, וואָס שליידערט שטיינער אין
דער שארף־משופע׳נער טיעף?—אָט די מענשען פון היינט, טוט נאָר
א קוק, ווי זיי קייקלען זיך אראָפּ אין מיינע טיפעניסען!

א פאָרשפּיעל בין איך פאר בעסערע שפּיעלער, אָ מיינע ברי־
דער! אביישפּיעל! טוט לויט מיין ביישפּיעל!

און וועמען איהר קאָנט ניט אויסלערנען פליהען, יענעם
לערנט — שנעלער פאלען! —

* *
*

## 21.

איך ליעב די מוטשאפענדרע: אָבער עס איז ניט גענוג צו זיין א שלאָג־שווערד, — מען מוז אויך געדענקען דעם כלל: „שלאָג— זעה — ווערען“.

און אָפט איז מעהר מוטשאפענקייט אין דעם, וואָס איינער האלט זיך איין און געהט פארביי: כדי ער זאָל זיין אָנגעגרייט פאר א חשוב׳ערען שונא!

איהר זאָלט האָבען שונאים, וואָס צום האסען, אָבער ניט שונאים צום פאראכטען: איהר דארפט זיין שטאָלץ אויף אייער פיינד: אזוי האָב איך דאָס שוין אמאָל געלערנט.

פאר דעם חשוב׳ערען פיינד זאָלט איהר, א מיינע פריינד, זיך האלטען אָנגעגרייט: דעריבער מוזט איהר פארביי א סך זאכען פארבייגעהן, —

בפרט פארביי א סך ערב־רב, וואָס ליארעמט אייך אין די אויערען וועגען פאָלק און פעלקער.

האלט ריין אייער אויג פון זייער פ א ר און געגען. עס איז דאָרטען פיעל רעכט, פיעל אומרעכט: ווער עס קוקט זיך צו, ווערט אין כעס.

אריינגעקוקט, אריינגעשלאָגען — דאָס איז דאָרטען איינס: דעריבער געהט אוועק אין די וועלדער און לייגט אנידער שלאָפען אייער שווערד!

געהט אין א י י ע ר ע וועגען! און זאָלען פאָלק און פעלקער געהן אין זייערע! — טונקעלע וועגען, אמת, אויף וועלכע קיין איין־איינציגע האָפענונג בליצט מעהר ניט אויף!

זאָל הערשען דער קרעמער דאָרטען, וואו אלץ, וואָס האָט נאָך א גלאנץ, איז קרעמער־גאָלד! עס איז שוין ניט מעהר די צייט פון מלכים: וואָס היינטיגע צייטען א פאָלק איז, פארדיענט ניט קיין מלכים.

קוקט דאָך צו, ווי אָט די פעלקער טוען איצטער אליין פונקט

ווי די קרעמער: זיי הויבען אויף פאר זיך די קלענסטע פּאָרטיילען פון יערען מיסט!

זיי לויערען איינס אויף דעם אנדערען, זיי לויערען עפּעס אָפּ איינס פון דעם אנדערען, — דאָס רופען זיי „גוטע שכנות“. אָ, די גליק־געבענשטע ווייטע צייט, ווען איין פאָלק האָט צו זיך געזאָגט: „איך וויל זיין איבער פעלקער — ד ע ר ה א ר!“

ווייל, מיינע ברידער: דאָס בעסט זאָל הערשען, דאָס בעסט ו ו י ל אויך הערשען! און וואו די לעהרע קלינגט אנדערש, דאָרטען פ ע ה ל ט איהר — דאָס בעסטע.

*　*

*

## 22.

ווען י ע נ ע זאָלען האָבען אומזיסט ברויט, וועה געשריען! וועגען וואָס וועלען י ע נ ע נאָך שרייען! זייער חיונה איז זייער נאַנצער חיות; און זאָל זיי דאָס שווער אָנקומען!

רויב־חיות זייענען דאָס: אין זייער „ארבייטען“ ליעגט נאָך א רויבען, אין זייער „פארדיענען“ ליעגט אן איבער־פוקסען! דעריי־בער זאָל זיי דאָס אָנקומען שווער!

אזוי־אָ זאָלען זיי ווערען בעסערע רויב־חיות, פיינערע קליגערע, מ ע נ ש ע ן ־ ע ה נ ל י כ ע ר ע: מחמת דער מענש איז די בעסטע רויב־חיה.

ביי אַלע חיות האָט שוין דער מענש זייערע טוגענדען אוועק־גערויבט: דאָס קומט דערפון, וואָס פון אַלע חיות איז דעם מענ־שען געווען שווערער פאר אַלעמען.

מעהר נישט די פויגלעך זיינען איבער איהם. און ווען דער מענש וועט זיך נאָך אויסלערנען פליהען, וועה איז מיר! ו ו א ו־ ה י ן — וועט זיין רויב־לוסט ארויספליהען!

*　*

*

## 23.

אזוי־אַ וויל איך האָבען מאַן און ווייב: אַ בריה אין קריעג דעם איינעם, אַ בריה אין געבוירען די אַנדערע, ביידע אָבער בריה׳ס אין טאַנצען מיט קאָפּ און פיס.

און פאַרלאָרען זאָל פאַר אונז זיין דער טאָג, אין וועלכען מען האָט קיין איין מאָל ניט געטאַנצט! און פאַלש זאָל אונז זיין יעדער אמת, ביי וועלכען עס איז ניט געוועזן קיין איין געלעכטער!

*　　*

*

## 24.

אייער שליסען אַ חופּה־בונד: גיט אַכטונג, אַז דאָס זאָל ניט זיין אַ שלעכטער ש ל ו ס! איהר האָט געצויגען דעם שלוס צו שנעל: איז דער פּועל־יוצא דערפון — טרייקייט־ברוך!

און שוין בעסער טרייקייט־ברעכען, איידער טרייקייט־בויגען, טרייקייט־לאַיגען. — אַ פרוי האָט צו מיר אזוי געזאָגט: „ס׳איז אמת, איך האָב געבראָכען דעם חופּה־בונד, אָבער פריהער האָט דער חופּה־בונד געבראָכען — מיך!“

די שלעכט־געפּאָרטע, האָב איך געפונען, זיינען תמיד פול מיט נקמה: זיי רעכענען זיך אָפּ מיט דער גאַנצער וועלט, פאַר וואָס זיי קאָנען ניט מעהר לויפען איינציגווייז.

מהאַי טעמא וויל איך, אַז די אָרענטליכע זאָלען זאָגען איינס דעם אַנדערען: „מיר ליעבען זיך: לאָמיר זעהען, אַז אונזער ליעבע זאָל זיך האַלטען! אָדער — זאָל אונזער פאַרשפּרעך זיין אַ פאַר־זעה?“

— „לאָמיר אונז געבען אַ צייט און אַ קליינעם חופּה־בונד, כדי צו זעהען, צי מיר טויגען פאַר דעם גרויסען חופּה־בונד! עס איז אַ הארבער ענין, כסדר צו זיין זאַלבענאַנד!“

אַזוי איז מיין עצה פאַר אַלע אָרענטליכע; און וואָס וואָלט דען

געוועזן מיין גאנצע ליעבע צו דעם אויבער־מענשען און צו אלץ, וואס דארף קומען, זוען איך וואלט אנדערש געראט און גערעדט!

ניט נאר זיך פארפלאנצען ווייטער, נייערט א ר ו י ף — דערצו, א מיינע ברידער, זאל אייך העלפען דער פרוכט־גארטען פון דעם חופה־בונד!



## 25.

ווער עס איז קלוג געווארען מכח די אלטע אורשפרונגען, זעה, יענער וועט לסוף זוכען די קוואלען פון דער צוקונפט און די נייע אורשפרונגען. —

א, מיינע ברידער, עס וועט ניט נעמען לאנג, און נייע פעלקער וועלען ארויסשפרינגען און נייע קוואלען וועלען אראפ־רוישען אין נייע טיעפען.

מחמת די ערד־ציטערניש — זי פארשיט א סך ברונענס, זי בעשאפט א סך פארשמאכטע: זי ברענגט אבער אויך ארויף אויף דער ליכטיגער שיין אינוועניגסטע קרעפטען און פארבארגענקייטען.

די ערד־ציטערניש מאכט אנטפלעקען נייע קוואלען. אין דער ערד־ציטערניש פון אלטע פעלקער רייסען זיך ארוים נייע קוואלען.

און ווער עס רופט ארוים: „זעהט, אט איז א ברונען פאר א סך דארשטיגע, א הארץ פאר א סך פארבענקטע, א ווילען פאר א סך ווערק־געצייג": — ארום יענעם קלייבט זיך צונויף א פ א ל ק, דאס הייסט א סך אויספרואווער.

ווער קאן דא באפעהלען, ווער מוז דא טאן פאלגען — אט דאס ווערט דא אויסגעפרואווט! אך, מיט וואס פאר א לאנגען זוכען און וועלען־טרעפען און ניט טרעפען און לערנען און איבער׳ס־נייפרואווען!

די מענשען־געזעלשאפט: דאס איז אן אויספרואוו, אזוי לערן איך דאס, — א לאנגער זוכען: זוכען — זוכט זי אבער דעם באפעהלער! —

— אן אויספּרואוו, אָ מיינע ברידער! און נ י ט ק י י ן „אַפּמאַך“! צוברעכט, צוברעכט מיר אזא וואָרט פון די ווייכהאַר־צינע און האַלב־אויף־האַלבע!

*    *
*

26.

אָ, מיינע ברידער! ביי וועמען ליעגט דאָך די גרעסטע גע־פאהר פאר דער גאנצער מענשען־צוקונפט? אפשר ניט ביי די גוטע און גערעכטע? —

— אפשר ניט ביי יענע, וואָס ריידען און פיהלען אין זייער הארצען: „מיר ווייסען שוין, וואָס גוט איז און גערעכט, מיר האָבען דאָס אויך; וועה צו די, וואָס זוכען נאָך דאָ!“

און וואָס פאר א שאָדען די רשעים זאָלען ניט אָנטאָן: דער שאָדען פון די גוטע איז דער שעדליכסטער שאָדען!

און וואָס פאר א שאָדען די וועלט־פארשווארצער זאָלען ניט אָנטאָן: דער שאָדען פון די גוטע איז דער שעדליכסטער שאָדען.

אָ, מיינע ברידער, איינער האָט אמאָל די גוטע און גערעכטע צריינגעקוקט אין הארצען, — אָט דער, וואָס האָט געזאָגט: „זיי זיינען פאריסעער“. אָבער מען האָט איהם ניט פארשטאַנען.

די גוטע און גערעכטע גופא האָבען איהם ניט געטאָרט פאר־שטעהן: זייער גייסט איז אריינגעפאנגען אין זייער גוטען געוויי־סען. די נארישקייט פון די גוטע איז אומדערגרינטליך קלוג.

אָט דאָס איז אָבער דער אמת: די גוטע מוזען זיין פארי־סעער, — זיי האָבען ניט קיין אנדער ברירה!

די גוטע מ ו ז ע ן צושלאָגען צו א צלם־האָלץ יענעם, וואָס געפינט אוים זיין אייגענע טוגענד! אָט דאָס איז דער אמת.

דער צווייטער אָבער, וואָס האָט זייער לאנד ענטדעקט, לאנד, הארץ און פלאנץ־ערד פון די גוטע און גערעכטע: דאָס איז געוועזן דער, וואָס האָט געפרעגט: „וועמען האסען זיי מעהר פאר אלץ?“

דעם בעשאפענדען האָבען זיי מעהר פאר אַלץ פיינט: דעם, וואָס ברעכט די לוחות און אַלטע ווערטען, דעם ברעכער, — איהם רופען זיי פאַרברעכער.

מחמת די גוטע — זיי ק אָ נ ע ן ניט שאפען: זיי זיינען תמיד דער אָנהויב פונ׳ם סוף: —

— זיי שלאָגען־צו צום צלם יענעם, וואָס שרייבט נייע ווער־טען אויף נייע טאָוולען, זיי ברענגען ז י ך די צוקונפט פאר אַ קרבן, — זיי שלאָגען־צו צום צלם די גאַנצע מענשען־צוקונפט!

די גוטע — זיי זיינען אַלע מאָל געווען דער אָנהויב פונ׳ם סוף. —



## 27.

אָ, מיינע ברידער, האָט איהר פארשטאַנען אויך אָט דאָס וואָרט? און וואָס איך האָב אמאָל געזאָגט וועגען דעם „לעצטען מענשען?“ — —

ביי וועמען ליעגט די גרעסטע געפאהר פאר דער גאַנצער מענשען־צוקונפט? אפשר ניט ביי די גוטע און גערעכטע?

צ ו ב ר ע כ ט, צ ו ב ר ע כ ט מ י ר ד י ג ו ט ע א ו ן ג ע ר ע כ ט ע! —

אָ, מיינע ברידער, האָט איהר אויך דאָס וואָרט פארשטאַנען?



## 28.

איהר אַנטלויפט פון מיר? איהר האָט זיך דערשראָקען? איהר ציטערט פאר יענעם וואָרט?

אָ, מיינע ברידער, אַז איך האָב אייך געהייסען צוברעכען

די גוטע און די לוחות פון די גוטע, — אַט יעמאָלט ערשט האָב איך דעם מענשען איינגעשיפּט אויף זיין אויפגעשטורעמטען ים.

און איצטער ערשט קומט אויף איהם די גרויסע אימה, דער גרויסער זיך־ארום־זעהן, די גרויסע חלאת, די גרויסע חלשות, די גרויסע ים־קראַנקהייט.

פאַלשע ברעגען און פאַלשע זיכערקייטען האָבען אייך געלערנט די גוטע; אין דעם שקר פון די גוטע זייט איהר געבאָרען געוואָרען און געהיט געוואָרען. אַלץ איז ביז'ן גרונט פאַרלייגט און פאַרבויגט געוואָרען דורך די גוטע.

אָבער ווער עס האָט ענטדעקט דאָס לאַנד „מענש", האָט אויך ענטדעקט דאָס לאַנד „מענשען־צוקונפט". נו — זאָלט איהר מיר ים־פאָהרער זיין, בראַווע, געדולדיגע!

נעהט מיר בייצייטענס האָפּערדיג, אָ מיינע ברידער. לערנט זיך צו געהן האָפּערדיג! דער ים שטורעמט: אַ סך ווילען דורך אייך ווידער אויפגעריכט ווערען.

דער ים שטורעמט. עס איז אַלץ אין'ם ים. מוטיג! מיט גליק! איהר אַלטע מאַטראָסען־הערצער!

וואָס — פאָטערלאַנד! אַ ה י ן וויל אונזער רודער, וואו עס איז אונזער ק י נ ד ע ר־ל אַ נ ד! אהין ארוים שטורעמט אונזער גרויסע בענקשאַפט נאָך שטורעמדיגער איידער דער ים! —

* *

*

## 29.

„פאַרוואָס אזוי האַרט! האָט צום דימענט אַמאָל געזאָגט די אויוועןקויל; זיינען מיר דען ניט נאָהענטע קרובים?" —

פאַרוואָס אזוי ווייך? אָ, מיינע ברידער, אזוי טו א י ך איך פרעגען: זייט איהר דען ניט — מיינע ברידער?

פאַר וואָס אזוי ווייך, אזוי אויסווייכענד און נאָכגיעביג? פאַרוואָס איז אַזוי פיעל לייקענונג, פאַרלייקענונג אין אייער האַרצען? אזוי ווענינג שיקזאַל אין אייער בליק?

און אויב איהר ווילט ניט זיין קיין שיקזאל און קיין אומדער־בעטענע: ווי קאָנט איהר מיט מיר — מנצח זיין?

און אויב אייער הארטקייט וויל ניט בליצען און צושיידען און צושניידען, ווי קאָנט איהר ווען מיט מיר אינאיינעם — שאַפען?

מחמת די שאַפענדע זיינען הארט. און גליק־געבענשטקייט מוז אייך דוכטען, אייער האַנט אויף יאָהר־טויזענדער ארויפצודריקען, ווי אויף וואקס. —

— אַ גליק־געבענשטקייט, אויף דעם ווילען פון יאָהר־טויזענדער צו שרייבען ווי אויף בראָנז, — הארטער איידער בראָנז, איידעלער איידער בראָנז. גאַנץ הארט איז נאָר דאָס איידעלסטע.

אָט די נייע טאָוועל, אָ מיינע ברידער, שטעל איך אויף איבער אייך: ווערט הארט! —

* *

*

30.

אָ, דו מיין ווילען! דו קעהר־און־ווענד פון יעדער נויט, דו מיין נויטווענדיגקייט! היט מיך אָפּ פון אַלע קליינע נצחונות!

דו אָנשיקונג פון מיין נשמה, וואָס איך רוף שיקזאַל! דו אין־מיר! איבער־מיר! היט מיך אָפּ און האַלט מיך גרייט פאר איין גרויסען שיקזאַל!

און דיין לעצטע גרויס, מיין ווילען, היט דיר אָפּ פאר דיין לעצט, — אַז דו זאָלסט זיין אומדערבעטען א י ן דיין נצחון! אַך, ווער האָט ניט דורכגעלעבט קיין מפּלה אין זיין נצחון!

אַך, וועמעס אויג האָט ניט געטונקעלט אין יענעם שכור'ען בין־השמשות! אַך, וועמעס פוס איז ניט צוטומעלט געוואָרען און האָט אין נצחון פארגעסען — ווי צו שטעהן!

— כדי איך זאָל אַמאָל זיין אָנגעגרייט און צייטיג אין דעם

גרויסען העלען טאָג: אָנגעגרייט און צייטיג ווי אַן אָנגעגליהטער מע־
טאַל, אַ בליץ־שוואַנגערער וואָלקען און אָנגעגאָסענע מילך־אייטער.

— אָנגעגרייט פאַר מיר גופא און פאַר מיין פאַרבאָרגענסטען
ווילען : אַ בויגען, וואָס געהט אויס אין תשוקה נאָך זיין פייל, אַ
פייל, וואָס געהט אויס אין תשוקה נאָך זיין שטערען : —

— אַ שטערען, אָנגעגרייט און צייטיג אין זיין מיטען העלען
טאָג, אָנגעגליהט, דורכגעלעכערט גליק־אָנגעזאָפּט פון צושטערענדע
זון־פיילען :—

— אַ זון גופא און אַן אומדערבעטענער זון־ווילען, אָנגעגרייט
צו צושטערען אין נצחון !

אָ, ווילען, קעהר־און־ווענד פון יעדער נויט, דו מיין נויט־
ווענדיגקייט ! האַלט מיך גרייט פאַר איין גרויסען זיעג ! — —

אזוי האָט גערעדט זאַראַטוסטראַ.

*　*
*

# דער גענעזענדער. 

## 1.

איין מאָל אין דער פריה, ניט לאַנג נאָך דעם, ווי ער איז צו־ריקגעקומען אין זיין הייהל, איז זאַראַטוסטראַ אויפגעשפּרונגען פון זיין געלעגער, ווי אַ משוגע'נער האָט ער געגומען שרייען מיט אַ שרעקליכען קול און האָט זיך אויפגעפיהרט, אַקוראַט ווי נאָך איי־נער וואָלט געלעגען אויפ'ן געלעגער און וויל ניט אויפשטעהן; און זאַראַטוסטראַ'ס קול האָט געהילכט אַזוי, אַז זיינע חיות זיינען צוגעגאַנגען דערשראָקענע און אַז פון אַלע הייהלען און פאַרקריך־ווינקלען, וואָס זיינען געווען אין שכינות פון זאַראַטוסטראַ'ס הייהל, זיינען אַלע חיות אַנטלאָפען געוואָרען, — פליהענדיג, פלאַטערנ־דיג, קריכענדיג, שפּרינגענדיג, ווי איינעם'ס טבע איז געווען אין פוס און פליגלען. זאַראַטוסטראַ אָבער האָט אָט די רייד גערעדט:

אַרויף, אָפּגרונטיגער געדאַנק, פון מיין טיעף! איך בין דיין האָהן און גראָהער פריה־מאָרגען, דו פאַרשלאָפענער וואָרים: אויפ־שטעהן! אויפשטעהן! מיין קול וועט דיך שוין אויפקרעהען!

בינד פאַנאַנדער די קניפּלען פון דיינע אויערען: הער זיך איין! ווייל איך וויל דיך הערען! אויפשטעהן! אויפשטעהן! דאָ איז פאַראַן גענוג דונערס, אַז אויך די קברים זאָלען זיך אויסלערנען, ווי איינצוהערען זיך!

און וויש אָפּ דעם שלאָף און גאָר די טונקעלקייט און גאָר די בלינדקייט פון דיינע אויגען! הער מיך אויך מיט דיינע אויגען: מיין קול איז אַ רפואה אפילו פאַר בלינד־געבאָרענע.

און קוים ביסטו וואַך, זאָלסטו מיר אייביג פאַרבלייבען וואַך. עס איז ניט מ י י ן שטייגער, אויפצואוועקען אור־באָבעס פון דעם שלאָף און זיי הייסען — ווייטער שלאָפען!

דו ריהרסט זיך, ציהסט זיך, כאָרכעלסט? שטעה אויף! ניט כאָרכלען — ריידען זאָלסטו מיר! — זאראַטוסטרא רופט דיך, דער כופר בעיקר!

איך, זאראַטוסטרא, דער מליץ־יושר פון דעם לעבען, דער מליץ־יושר פון יסורים, דער מליץ־יושר פון דעם קרייז, — דיך רוף איך, מיין אָפּגרונטיגען געדאַנק!

וואויל צו מיר! דו קומסט, — איך הער דיך! מיין אָפּגרונט ר ע ד ט, מיין לעצטע טיעף האָב איך ארויפגעקערט אויף דעם ליכט־שיין!

וואויל צו מיר! קום אהער! גיב די האַנט — — הא! לאָז אָפּ! האהא — — חלשות, חלשות, חלשות — — וועה צו מיר!

* *
*

## 2.

קוים אָבער האָט זאראַטוסטרא ארויסגערעדט די דאָזיגע ווערטער, איז ער אַנידערגעפאַלען, ווי טויט, און איז לאַנג געבליבען ליגען ווי א מת. אז ער איז אָבער ווידער געקומען צו זיך, איז ער געווען בלייך און האָט געציטערט און איז געבליבען ליגען און האָט א לאַנגע צייט ניט געוואָלט עסען און טרינקען. אזא מעמד האָט ביי איהם געדויערט זיעבען טעג; זיינע חיות אָבער האָבען איהם ניט פאַרלאָזען בייטאָג און ביינאַכט, סיידען ווען דער אָדלער איז ארויסגעפלויגען קריגען שפּייז. און וואָס ער האָט צונויפגעקליבען און צונויפגערויבט, דאָס פלעגט ער אַנידערלייגען אויף זאַראַטוסטרא'ס געלעגער: אַזוי אז לסוף איז זאראַטוסטרא געלעגען אונטער געלע און רויטע ווינפּערלעך, וויינטרויבען, רויזען־עפּעל, וואויל־שמעקענדע קרייטעכער און טענען־צאַפּענס. צו זיין צופוסענס אָבער זיינען געווען אויסגעשפּרייט צוויי לעמער, וואָס דער אָדלער האָט מיט מיה אוועקגערויבט פון זייערע פּאַסטעכער.

נאָך זיעבען טעג האָט זיך זאראַטוסטרא לסוף אויפגעהויבען

אויף זיין געלעגער, האָט גענומען א רויזען־עפּעל אין דער הצנט, האָט אריינגעצווינגען זיין ריח און האָט דעם ריח געפונען ליעבליך. האָבען זיינע חיות געמיינט, עס איז געקומען די צייט, צו ריידען מיט איהם.

„אָ, זאראטוסטרא, האָבען זיי געזאָגט, איצט איז שוין זיעבען טעג ווי דו ליגסט אזוי, מיט שווערע אויגען: ווילסטו ניט אמאָל זיך ווידער שטעלען אויף דיינע פיס?

טרעט ארויס פון דיין הייהל: די וועלט וואַרט אויף דיר, ווי א גאָרטען. דער ווינט שפּיעלט מיט שווערע וואויל־גערוכען, וואָס ווילען צו דיר; און אַלע טייכלעך וואָלטען וועלען נאָכלויפען נאָך דיר.

אַל־דאָס־דינג בענקט נאָך דיר, אין דער צייט, וואָס דו ביזט זיעבען טעג געבליבען אליין, — טרעט ארויס פון דיין הייהל! אַל־דאָס־דינג וויל דיין רופא זיין!

איז משמעות א נייע דערקענטניס געקומען צו דיר, א זויערע, שווערע? ווי איינגעזייערטע טייג ביזטו געלעגען, דיין נשמה איז אויפגעגאַנגען און האָט זיך אָנגעגאָסען ביז איבער אַלע איהרע רענדער —“

— אָ, מיינע חיות, האָט זאראטוסטרא געענטפערט, פּלאַפּעלט אזוי ווייטער און לאָזט מיך צוהערען! עס דערקוויקט מיך אזוי וואָס איהר פּלאַפּעלט: וואו עס ווערט געפּלאַפּעלט, דאָרטען ליגט שוין פאר מיר די וועלט, ווי א גאָרטען.

ווי ליעב עס איז, וואָס עס זיינען דאָ טענער און ווערטער: זיינען ניט טענער און ווערטער רעגענבויגענס און דמיון־בריקען צווישען אייביג־צושיידענעם?

צו יעדער נשמה געהערט אן אנדער וועלט; פאר יעדער נשמה איז יעדע אנדער נשמה א הינטערוועלט.

גראָד צווישען דעם עהנליכסטען לאַיגט דער דמיון שענער פאר אַלץ; ווייל איבער דעם קלענסטען תהום איז שווערער פאר אַלץ צו בויען א בריק.

ביי מיר — ווי קאָן דאָ זיין אַ דרויסען־פון־מיר? ניטאָ קיין דרויסען! אָבער דאָס פאַרגעסען מיר ביי אַלע טענער; ווי ליעב־ליך דאָס איז, וואָס מיר פאַרגעסען!

האָט מען ניט געשענקט נעמען און טענער די זאַכען, כדי דער מענש זאָל זיך דערקוויקען מיט די זאַכען? עס איז אַ שעה־נער אָפּנאַר — דאָס ריידען: דערמיט טאַנצט דער מענש איבער אַלע זאַכען.

ווי ליעבליך איז אַל׳ דאָס ריידען און יעדער שקר פון די טע־נער! מיט טענער טאַנצט אונזער ליעבע אויף פיעל־פאַרביגע רעגענבויגענס. —

— „אָ, זאַראַטוסטראַ, האָבען דערויף געזאָגט די חיות, פאַר אַזוינע, וואָס דענקען ווי מיר, טאַנצען אַלע זאַכען גופא. דאָס קומט צוגעהן, און גיט זיך די הענט, און לאַכט און אַנטלויפט — און קומט צוריק.

אַלץ געהט אַוועק, אַלץ קומט צוריק; אייביג קייקעלט זיך די ראָד פון דעם זיין. אַלץ שטאַרבט, אַלץ בליהט ווידער אויף; אייביג לויפט דער יאָהר פונ׳ם זיין.

אַלץ צוברעכט, אַלץ ווערט אויפ׳ס ניי באַהעפּט; אייביג בויט זיך דאָס גלייכע הויז פונ׳ם זיין. אַלץ צושיידט זיך, אַלץ גריסט זיך ווידער; אייביג בלייבט זיך טריי דער רינג פון דעם זיין.

אין יעדער רגע הויבט זיך אָן דאָס זיין; ארום יעדען „דאָ" קייקעלט זיך דער כדור „דאָרטען". דער מיטען איז אומעטום. קרום איז דער שטעג פון דער אייביגקייט." —

— אָ, איהר קאַטאָוועס־טרייבער און דרעה־אָרגלען! האָט זאַראַטוסטראַ געענטפערט און האָט ווידער געשמייכעלט, ווי גוט פאַרשטעהט איהר, וואָס עס האָט געמוזט מקוים ווערען אין זיעבען טעג: —

— און ווי יענע בריאה משונה איז מיר אין גאָרגעל אריינ־געקראָכען און האָט מיך געוואָרגען! אָבער איך האָב איהר דעם קאָפּ אָפּגעביסען און פון מיר אַוועקגעשפּיגען.

און איהר, — איהר מאכט שוין א גאסען־ליעדעל דערפון? איצט אָבער ליג איך דאָ, נאָך א מיעדער פון יענעם בייסען און אוועקשפייען, נאָך א קראַנקער פון דער אייגענער אויסלייזונג.—

און איהר האָט צו דעם אלץ צוגע־קוקט? אָ, מיינע חיות, זייט איהר אויך אכזר׳יש? האָט איהר געוואָלט צוקוקען צו מיין גרויסען צער, ווי דאָס טוען די מענשען? מחמת דער מענש איז די אכזר׳ישעסטע חיה.

ביי טרויער־שפּיעלען, אָקסען־קעמפּען און תליות האָט ער זיך ביז אהער דער גליקליכסטער געפיהלט אויף דער ערד; און אז ער האָט זיך אויסגעטראַכט דעם גיהנום, ערשט זעה, דאָס איז געווען זיין הימעל אויף דער ערד.

ווען דער גרויסער מענש שרייט —: טוז! — לויפט דער קליינער מענש צו. און די צונג הייגגט ביי איהם ארויס פונ׳ם האַלז אויס געלוסטיגקייט. ער אָבער רופט דאָס זיין „רחמנות“.

דער קליינער מענש, בפרט דער פּאָעט — מיט וואָס פאר א התמדה ער קלאָגט אָן דאָס לעבען אין ווערטער! הערט צו, אָבער פאַרפעהלט מיר ניט צו הערען די לוסט, וואָס ליגט אין אלע יענע קלאָגען!

אזוינע אָנקלאָגען פון דעם לעבען, זיי קומט ביי דאָס לעבען מיט איין פינטעל מיט׳ן אויג. „דו ליעבסט מיך? זאָגט די העזה׳ניצע; ווארט נאָך א ביסעל, איך האָב נאָך קיין צייט ניט פאר דיר“.

דער מענש איז צו זיך גופא די אכזר׳ישעסטע חיה; און ביי אלע מענער, וואָס רופען זיך „זינדיגע“, „צלם־טרעגער“ און „בעלי־תשובה׳ס“, פאַרפעהלט מיר ניט צו הערען די תאוה־לוסט, וואָס ליגט אין אָט די קלאגען און אָנקלאַגען.

און איך אליין — וויל איך דען דערמיט זיין דער אָנקלעגער פון דעם מענשען? אך, מיינע חיות, נאָר דאָס האָב איך ביז אהער געלערענט, אז דעם מענשען איז זיין בייזעסט נויטיג צוליעב זיין בעסט, —

— אז אַל׳ דאָס בייזעסטע איז זיין בעסטע  ק ר אַ פ ט  און דער הארטסטער שטיין פאַר דעם העכסטען שאַפער; און אז דער מענש דאַרף ווערען בעסער און בייזער:

ניט צו אָט  ד ע ם  מאַטער־האָלץ בין איך צוגעבונדען געוואָרען, וואָס איך וויים: דער מענש איז בייז, — גייערט איך האָב געשריען, וואָס קיינער האָט נאָך ניט געשריען:

אַך, פאַרוואָס איז זיין בייזעסט גאָר אזוי קליין! אַך, פאַרוואָס איז זיין בעסט גאָר אזוי קליין!"

— די גרויסע איבערדריסיגקייט מיט דעם מענשען — אָט ד אָ ס האָט מיך געוואָרגען און איז מיר אין גאָרגעל אריינגעקראָכען: און וואָס דער וואָהרזאָגער האָט געוואָהרזאָגט: „אַלץ איז אַלץ איינס, עס לוינט זיך גאָרנישט ניט, וויסען ווערגט".

א לאַנגער בין־השמשות האָט פאַראויס געהינקט פאַר מיר, א טויט־מאַטע, טויט־אָנגעטרונקענע טרויעריגקייט, וואָס האָט גערעדט מיט א געגעצענדען מויל.

„אייביג קומט ער ווידער צוריק, דער מענש, וואָס דו קאָנסט איהם ניט אויסשטעהן, דער קליינער מענש" — אזוי האָט גענעצט מיין טרויעריגקייט און האָט געשלעפּט איהרע פיס און האָט ניט געקאָנט איינשלאָפען.

די מענשען־ערד האָט זיך פאַרוואַנדעלט פאַר מיר אין א הייהל, איהר ברוסט איז איינגעפאַלען, אַלץ, וואָס האָט געלעבט, איז פאַר מיר געוואָרען מענשען־שטויב און ביינער און צופוילטע פאַרגאַנגענהייט.

מיין זיפצען איז געזעסען אויף אַלע מענשען־קברים און האָט מעהר ניט געקאָנט אויפשטעהן; מיין זיפצען און פרעגען האָט געקוואַקעט און געוואָרגען און גענאָגט און געקלאָגט בייטאָג און ביינאַכט:

— „אַך, דער מענש קומט אייביג ווידער צוריק! דאָס קליין מענשעלע קומט אייביג ווידער צוריק!" —

א מאָל האָב איך זיי ביידען געזעהן נאַקעטע, דעם גרעסטען

מענשען און דעם קלענסטען מענשען: צו פיעל עהנליך איינער דעם אנדערען, — צו פיעל מענשליך אויך נאָך דער גרעסטער!

צו פיעל קליין דער גרעסטער! דאָס איז געוועזן מיין אי־בערדריסיגקייט מיט דעם מענשען! און דער אייביגער ווידער־קום אויך פון דעם קלענסטען! — דאָס איז געוועזן מיין דרעסענ־קייט מיט יעדען זיין!

אַך, חלשות! חלשות! חלשות! — — אזוי האָט גערעדט זאראַטוסטרא און האָט געזיפצט און געשוידערט; ווייל ער האָט זיך דערמאָנט אָן זיין קראַנקהייט. דאָ אָבער האָבען איהם זיינע חיות ניט געלאָזט ווייטערריידען.

„רייד ניט ווייטער, דו געזונט־ווערענדער! אזוי האָבען איהם געענטפערט זיינע שטוב־חיות, נייערט געה ארויס אהין, וואו די וועלט ווארט אויף דיך, ווי א גאָרטען.

געה ארויס צו די רויזען און ביענען און מחנות טויבען! דער עיקר אָבער צו די זינג־פויגלען: כדי דו זאָלסט זיך פון זיי אויס־לערנען ז י נ ג ע ן!

מחמת זינגען איז גוט פאר געזונט־ווערענדע; דער געזונטער קאָן ריידען. און ווען אויך דער געזונטער וויל הערען ליעדער, וויל ער דאָך אנדערע ליעדער, איידער דער געזונט־ווערענדער.“

אָ, איהר חוזק־מאכער און דרעה־אָרגלען, איז — שווייגט דאָך! האָט זאראַטוסטרא געענטפערט און געשמייכעלט צו זיינע חיות, ווי גוט איהר ווייסט, וועלכע טרויסט איך האָב מיר אליין אויס־געפונען אין די זיבען טעג!

אז איך מוז ווידער זינגען, — אָ ט  ד ע ם  טרויסט האָב איך מיר אויסגעפונען און אָ ט  ד י  געזונט־ווערונג: ווילט איהר תיכף אויך דערפון ווידער מאכען א גאסען־ליעדעל?“

— „רייד ניט מעהר, האָבען איהם נאָכאמאָל געענטפערט

זיינע חיות; קודם מאַך דיר בעסער; אָ, געזונט־ווערענדער, א לירע, א נייע לירע!

ווייל זעהסטו דאָך, אָ, זאראַטוסטראַ, צו דיינע נייע ליעדער דאַרף מען א נייע לירע.

זינג און ברויז אריבער, אָ, זאראַטוסטראַ, הייל מיט נייע ליעדער דיין נשמה: כדי דו זאָלסט קאָנען טראָגען דיין גרויסען שיקזאַל, וואָס איז נאָך קיין איין מענשען׳ס שיקזאַל ניט געווען!

ווייל דיינע חיות ווייסען גאַנץ גוט, אָ, זאראַטוסטראַ, ווער דו ביזט און ווער דו מוזט ווערען: ז ע ה, ד ו ב י ז ט ד ע ר נ ב י א פ ו ן ד ע ם א י י ב י ג ע ן ו ו י ע ד ע ר ק ו ם —, דאָס איז שוין ד י י ן שיקזאַל!

וואָס דו האָסט דער ערשטער געמוזט לערנען אָט די לעהרע, — ווי זאָל אָט דער גרויסער שיקזאַל ניט זיין אויך דיין גרעסטע סכנה און קראַנקהייט!

זעה, מיר ווייסען וואָס דו לערנסט: אז אל׳־דאָס־דינג קעהרט זיך אייביג אום צוריק און מיר גופא מיט זיי, און אז מיר זיינען שוין אייביגע מאָל דאָ געווען, און אל׳־דאָס־דינג מיט אונז.

דו לערנסט, אז עס איז דאָ א גרויסער יאָהר פון ווערען, אַן אומגעהויער פון א גרויסען יאָהר: ער מוז זיך, ווי א זאמד־זייגער תמיד אויף דאָס ניי ווידער אומדרעהען, כדי ער זאָל אויפ׳ס ניי אָפּלויפען און אויסגעהן: —

— אזוי אז אלע יענע יאָהרען זיינען גלייך צו זיך אליין אין גרעסט ווי אין קלענסט, — אזוי, אז אויך מיר גופא זיינען אין יעדען גרויסען יאָהר גלייך צו זיך גופא אין גרעסט ווי אויך אין קלענסט.

און אויב דו וואָלסט איצטער געוואָלט שטארבען, אָ, זאראַ־טוסטראַ: זעה, מיר ווייסען אויך, ווי דו וואָלסט יעמאָלט גערעדט צו זיך: — אָבער דיינע חיות בעטען דיך, דו זאָלסט נאָך ניט שטארבען.

דו וואָלסט גערעדט און אָהן ציטערן, ניכער אָפּאָטעמענדיג

אין גליק־נעבענשטקייט: ווייל א גרויסע משא און דאגה וואָלט פון דיר אוועקגענומען געוואָרען, דו געדולדיגסטער! —

„איצט שטאַרב איך און פאַרשווינד, וואָלסטו געזעדט, און אין א רגע בין איך גאָרנישט. די נשמות זיינען אקורצט אזוי שטאַרבליך ווי די גופים.

„אָבער עס קעהרט זיך אום דער קנויט פון אורזאַכען, אין וועלכען איך בין איינגעפלאָכטען, — ער וועט מיך ווידער באַשאַפען! איך גופא געהער צו די אורזאַכען פון דעם אייביגען וויעדערקום.

איך קום ווידער אָט מיט דער זון, מיט אָט דער ערד, מיט אָט דעם אָדלער, מיט אָט דער שלאַנג — ניט צו א נייעם לעבען אדער בעסערען לעבען אָדער אַן עהנליכען לעבען:

— איך קום אייביג ווידער צו אָט דעם גלייכען, און דעמזעלבינען לעבען, אין גרעסט ווי אויך אין קלענסט, כדי איך זאָל ווידער לערנען דעם אייביגען ווידערקום פון אלע זאַכען, —

— כדי איך זאָל ווידער רעדען דאָס וואָרט פון דעם גרויסען העלען טאָג פאַר ערד און מענשען, כדי איך זאָל די מענשען ווידער אָנזאָגען די בשורה וועגען דעם אויבערמענש.

איך האָב מיין וואָרט געזאָגט, איך ווער צובראָכען אַן מיין וואָרט: אזוי וויל דאָס מיין אייביגער גורל, — ווי אַן אָנזאָגער געה איך צו גרונט!

די שעה איז שוין געקומען, אז דער פאַרגעהענדער זאָל זיך אליין בענשען. אזוי, — אָ — ע נ ד י ג ט ז י ך זאראַטוסטראַ'ס אונטערגעהן." — —

ווען די חיות האָבען אָט די ווערטער אַרויסגערעדט, האָבען זיי געשווינגען און געוואַרט, אז זאראַטוסטראַ זאָל עפּעס צו זיי זאָגען: אָבער זאראַטוסטראַ האָט ניט געהערט זייער שווייגען. ער איז גאָר געלעגען שטיל מיט פאַרמאַכטע אויגען, ווי אין שלאָף, הגם ער האָט ניט געשלאָפען: ווייל ער האָט זיך גראָד דורכגעשמועסט מיט זיין נשמה. די שלאַנג אָבער און דער אָדלער, אַז

זיי האָבען איהם דערזעהן אזא שוויינעדיגען, האָבען אָפּגעגעבען כבוד דער גרויסער שטיל אָרום איהם און זיינען אָפּגעהיט צרוים.

* *

*

## די גרויסע בענקשאַפט.

אָ, מיין נשמה, איך האָב דיך געלערנט צו זאָגען „היינט“ ווי „שפּעטער־אַ־מאָל“ און „פריהער־אַ־מאָל“ און אוועקטאַנצען דיין ראָד איבער יעדען „היע“ און „דאָ“ און „דאָרטען“.

אָ, מיין נשמה, איך לעיז דיך אויס פון אַלע ווינקלען, און האָב אויסגעקערט פון דיר דעם שטויב, די שפּינען און דעם בין־השמשות.

א, מיין נשמה, איך האָב אָראָפּגעוואַשען פון דיר די קליינע בושה און די ווינקעל־טוגענד און האָב דיך איינגערעדט צו שטעהן אַ נאַקעטע אַנטקעגען דער זון.

מיט דעם שטורעם, וואָס רופט זיך „גייסט“, האָב איך גע־בלאָזען איבער דיין וואַלענדען ים; אַלע וואָלקענס האָב איך אַוועק־געבלאָזען פון דאָרט, איך האָב דערוואָרגען די ווערגערין נופא, וואָס רופט זיך „זינד“.

אָ, מיין נשמה, איך האָב דיר געגעבען דאָס רעכט צו זאָגען „ניין“, ווי דער שטורעם, און צו זאָגען „יע“, ווי דער אָפענער הימעל זאָגט „יע“: דו שטעהסט שטיל ווי דער ליכט־שיין און איצט געהסטו דורך פאַרניינענדע שטורעמס.

אָ, מיין נשמה, איך האָב דיר די פרייהייט צוריקגעגעבען איבער בעשאַפענעס און אומבעשאַפענעס: און ווער קען, ווי דו קענסט איהם, דעם תענוג פון דער צוקונפט?

אָ, מיין נשמה, איך האָב דיך געלערנט אַ פאַראַכטען, וואָס קומט ניט ווי אַ פרעסען פון אַ וואָרים, דאָס גרויסע, דאָס ליע־בענדע פאַראַכטען, וואָס ליעבט מעהר פאַר אַלץ, וואו עס פאַר־אַכט מעהר פאַר אַלץ.

אָ, מיין נשמה, איך האָב דיך אויסגעלערנט אזוי איינצורייַ־דען, אז דו רעדסט איין צו זיך די גרונטען גופא: פונקט ווי די זון, וואָס רערט איין דעם ים צו איהר הויך.

אָ, מיין נשמה, איך האָב אוועקגענומען פון דיר אַל׳־דאָס פּאָלגען, קניע־בויגען און זאָגען: „האר“; דיך גופא האָב איך א נאָמען געגעבען „קעהר און ווענד פון דער נויט“ און „שיקזאַל“.

אָ, מיין נשמה, איך האָב דיר געגעבען נייע נעמען און פיעל־פאַרביגע שפּיעל־נעצייג, איך האָב דיך אָנגעדופען „שיקזאַל“ און „ארומנעם פון די ארומנעמען“ און די „נאָפּעל־שנור פון דער צייט“ און די „אזורענע גלאָק“.

אָ, מיין נשמה, דיין פלאַנץ־ערד האָב איך געגעבען טרינקען יעדע קלוגשאפט, אַלע נייע וויינען און אויך אַלע ניט־צו־געדענקען־ווי אַלטע שטארקע וויינען פון דער קלוגשאפט.

אָ, מיין נשמה, יעדע זון האָב איך אויסגעגאָסען אויף דיר און יעדע נאכט און יעדען שווייגען און יעדע בענקשאפט: — ביזטו מיר דאָ אויסגעוואקסען ווי א וויינשטאָק.

אָ, מיין נשמה, איבער־רייך און שווער שטעהסטו איצט דאָ, א וויינשטאָק מיט אָנגעגאָסענע אייטערס און מיט ענג צונויפגע־רוקטע ברוינע גאָלד־וויינטרויבען: —

— ענג צונויפגערוקט און געדריקט פון דיין גליק, אין וואר־טען פון פיעל שפע און פארשעהמט נאָך פון דיין ווארטען.

אָ, מיין נשמה, עס איז ערגעץ ניטאָ א נשמה, וואָס זאָל מעהר ליעבען און זיין מעהר ארומנעהמענד און מעהר אויסגעשפרייט! וואו זיינען עתיד און עבר נעהענטער אין איינעם, איידער ביי דיר?

אָ, מיין נשמה, איך האָב דיר אַלץ אוועקגעגעבען און אַלע מיינע הענט זיינען אָן דיר ליידיג געוואָרען: — און איצט! איצט זינגסטו מיר שמייכלענדיג און פול מיט שווער־נעמיט: „ווער פון אונז דארף דאנקען? —

— דארף ניט דאנקען דער געבער, וואָס דער נעמער האָט

נענומען? איז שענקען ניט א נויט־באדערפעניש? איז נעמען ניט — דערבארעמען זיך?

אָ, מיין נשמה, איז פארשטעה דעם שמייכעל פון דיין שווער־נעמיט: דיין איבער־רייכטום גופא שטרעקט איצטער אויס זיינע בענקענדע הענט!

דיין שפע בליקט אהין איבער אויפגעברויזטע ים'ען און זוכט, און ווארט; די בענקשאפט פון דיין איבער־פול בליקט פון דיין שמייכלענדען אויגען־הימעל!

און באמת, אָ, מיין נשמה! ווער קאָן זעהן דיין שמייכלען און ניט צוגעהן אין טרערען? אפילו די מלאכים ווערען צוגאנגען אין טרערען דורך דער איבער־גוטסקייט פון דיין שמייכלען.

דיין גוטסקייט און איבער־גוטסקייט, זיי זיינען דאָס, וואָס ווילען ניט קלאָגען און וויינען: און פון דעסטוועגען, אָ, מיין נשמה, בענקט דיין שמייכלען נאָך טרערען און דיין ציטערענדער מויל נאָך שלוכצען.

„איז יעדער וויינען ניט א קלאָגען? און יעדער קלאָגען ניט אן אָנקלאָג?" אזוי רעדסטו צו זיך אליין און דעריבער ווילסטו, אָ, מיין נשמה, ליעבערשט שמייכלען, איידער אויסגיסען דיין לייד.

— אין שטירצענדע טרערען אויסגיסען גאָר דיין לייד איבער דיין שפע און איבער דער גרויסער תשוקה פון דעם ווינשטאָק צו דעם וויינגערטנער און דעם וויינטרויב־מעסער!

נאָר אויב דו ווילסט ניט וויינען, ניט אויסוויינען דיין פורפעלנעם שווער־געמיט, איז וועסטו מוזען ז י נ ג ע ן, אָ, מיין נשמה! — זעה, איך אליין שמייכעל, ווען איך זאָג דיר אזוינס פאָראויס:

— זינגען מיט א ברויזענדען געזאנג, ביז אלע ים'ען ווערען שטיל, כדי איינצוהערען זיך אין דיין בענקשאפט, —

— ביז עס שוועבט איבער שטילע פארבענקטע ים'ען דאָס רודער־שיפעל, דער גילדערנער וואונדער, ארום וועמעס גאָלד עס שפרינגען ארום אלע גוטע שלעכטע וואונדערליכע זאכען:—

— אויף א סך גרויסע און קליינע חיות און אלץ, וואס האט גרינגע וואונדערליכע פיס, כדי צו קאנען לויפען אויף פיאליעט־בלאהע שטעגען, —

— אהין, צו דעם גילדערנעם וואונדער, דעם פרייוויליגען רודער־שיף און צו זיין האר: דאס איז אבער דער וויינגערטנער, וואס ווארט מיט א דימענטענעם ווינטרויב־מעסער, —

— דיין גרויסער באפרייער, א, מיין נשמה, דער אהן־א־נא־מען — — פאר וועמען די געזאנגען פון דער צוקונפט וועלען ערשט א נאמען געפינען! און באמת, דיין אטעם דופטעט שוין מיט צוקינפטיגע געזאנגען, —

— שוין גליהסטו און טרוימסט, שוין טרינקסטו דארשטיג פון אלע טיעפע קלינגענדע טרויסט־ברונענס, שוין רוהט דיין שווער־נעמיט אין דער גליק־געבענשטקייט פון צוקונפטיגע געזאנ־גען! — —

א, מיין נשמה, שוין האב איך דיר אלץ אוועקגעגעבען און אויך מיין לעצט, און אלע הענט מיינע זיינען אן דירליידיג גע־ווארען: — וואס איך האב דיר געהייסען זינגען, זעהסט, אט דאס איז געווען מיין לעצט!

וואס איך האב דיר געהייסען זינגען, זאג איצטער, זאג: ווער פון אונז האט איצט צו דאנקען? — אבער נאך בעסער: זינג מיר, זינג, א מיין נשמה! און לאז מיך דאנקען! —

אזוי האט גערעדט זאראטוסטרא.

*　*

*

# דאָס אַנדער טאַנץ־ליעד.

1.

אין דיין אויג אריין האָב איך ניט לאַנג אריינגעקוקט, אָ לעבען: גאָלד האָב איך געזעהן פינקלען אין דיין נאַכט־אויג, — ס'איז מיין הארץ געשטאַנען שטיל פון אָט דעם תענוג:

א גילדערנעם רודער־שיפעל האָב איך געזעהן פינקלען אויף נאַכטיגע וואסערען, א זינקענדען, טרינקענדען, ווידער וויג־קענדען גילדערנעם שאָקעל־שיפעל.

אויף מיין פוס, וואָס האָט זיך געריסען צום טאַנץ, האָסטו געוואָרפען דיין בליק, צ לאַכענדען, פרעגענדען, שמעלצענדען שאָקעל־בליק:

צוויי מאָל נאָר האָסטו א ריהר געטאָן דיינע קלאַפּערס מיט קליינע הענט — און שוין האָט מיין פוס זיך געשאָקעלט פון ברענענדער תשוקה צום טאַנץ.—

מיינע פוס־טרעטען האָבען זיך געבוימט, מיינע פוס־פינגער האָבען זיך איינגעהערט, דיך צו פארשטעהן: טראָגט דאָך דער טענצער זיין אויער — אין זיינע פינגער פון פוס!

צו דיר צו טו איך א שפרונג: אנטלויפסטו צוריק פון מיין שפרונג; און פון דיינע לויפענדע, פליהענדע האָר זיך צינגעלט צו מיר נאָר א צונג!

אַוועקגעשפרונגען בין איך פון דיר און פון דיינע שלאַנגען: ביזטו געשטאַנען שוין האַלב צוגעקערט, דאָס אויג פול פארלאַנגען.

מיט קרומע בליקען — לערנסטו מיך קרומע וועגען; אויף וועגען קרומע לערנט מיין פוס — ממזר'ייען.

כ'האָב מורא פאַר דיר נאָהענט, איך ליעב דיך אין דער ווייט,

דיין אנטרינגען ציהט מיך, דיין מיך־זוכען פריהרט מיך:—איך לייד נאָר וואָס וואָלט איך גריילעך פאַר דיר ניט געליטען!

ווּעמעס קעלט עס צינדט, וועמעס האַס עס פאַרפיהרט, ווע־מעס אנטרינגען עס בינדט, וועמעס שפּאָט — עס ריהרט:

— ווער האָט דיך ניט פיינט געהאַט, דיך, גרויסע בינדערין, ארומוואַנדערין, אויספּרואווערין, זוכערין, געפינגערין! ווער האָט דיך ניט האָלט געהאַט, דיך, דו אומשולדיגע, דיך, אומגעדולדיגע, ווי אַ ווינט איילינגע, קינדער־אויגיגע זינדערין!

וואוהין ציעהסטו מיך איצט, דו וואונדער, דו צולאָזענע מויד?

איצט וויעדער לויפסטו פון מיר, דו זיסער ווילד־שפרונג און אומדאנק!

איך טאַנץ דיר נאָך, איך געה דיר נאָך אויף אַ שוואַכער שפור. וואו ביזטו? גיב מיר די האַנט! אָדער אַ פינגער נאָר!

דאָ זיינען הייהלען און געדריכטעניש. מיר וועלען דאָ פאַר־בלאָנדזיען אומעטום.—שטעה! בלייב שטיל! זעהסט דען ניט ווי אוהו'ס און פלעדערמייז פליהען דאָ ארום?

דו אוהו, דו פלעדערמויז! ווילסט מיר אַ שפיצעל שפּיעלען? וואו זיינען מיר? פון הינט האָסטו געלערנט דאָס וואויען, דאָס בילען.

ליעבליך ווייזטו מיר דיינע ווייסע צייהנדעלעך, פון דיינע לאַ־כען שפרינגען אויף מיר דיינע בייזע אויגעלעך!

דאָס איז אַ טאַנץ איבער האָלץ און שטיין: איך בין דער יעגער, — ווילסטו מיין הונט אָדער מיין געמזע זיין?

איצט נעבען מיר! און געשווינט, דו בייזהאפטע שפּרינגערין. ארויף! און אריבער אהין! — וועה! דאָ בין איך אין שפּרינגען אנידערגעפאַלען אליין!

אָ זעה, ווי איך ליג, דו איבערמוט, און בעט דיין גענאָד! גריילעך וואָלט איך מיט דיר געגאַנגען אין אַ ליעבליכערען סאַד!

— אין דעם סאָד פון ליעבע דורך שטילע פיעל־פאַרבינע בוימ־לעך, אָדער דאָרטען ביים ברעג פונ'ם וואסער: וואו'ס שווימען און טאַנצען די גילדערנע פישלעך.

דו ביזט איצטער מיעד? אויף יענער זייט זיינען שעפּסען און אָווענט־רויטען: איז דאָס דען ניט שעהן, צו שלאָפען, ווען פּאסטוכער פלויטען?

ביזטו דען מיעד אזוי שטארק? איך טראָג דיך אהין, לאָז די אָרעמס נאָר זינקען! און טאָמער ביזטו דורשטיג—האָב איך שוין וואָס, נאָר דיין מויל וועט ניט וועלען דאָס טרינקען!—

— אָ, דו פאַרשאָלטענע פלינקע און בויגינע שלאַנג, דו מכשפה! וואו ביזטו פארשוואונדען? אָבער אין פּנים פיהל איך פון דיין האנט צוויי רויטע פליאמעס און וואונדען.

איך בין בנאמנות שוין מאט, כסדר דיין שעפּסענער פאסטעך צו זיין! מכשפה, האָב איך ביז אהער רק געזונגען פאר דיר, איצט וועסטו ביי מיר נעמען שרייען!

נאָך דעם טאקט פון מיין בייטש זאָלסטו מיר טאַנצען און שרייען! איך האָב דאָך די בייטש ניט פארגעסען? אָ, ניין! —

*     *
*

## 2.

האָט מיר דאָס לעבען דערויף אזוי געענטפערט און — האָט זיך דערביי איהרע שעהנינקע אויערען צוגעהאלטען:

„אָ זאראטוסטרא! קנאַק דאָך ניט אזוי אימה'דיג מיט דיין בייטש! דו ווייסט עס דאָך: דער ליארעם טויט אוועק געדאנקען,

— און גראָד איצט קומען צו מיר אזעלכע צערטליכע געדאנקען.

מיר זיינעןביידע צוויי עכטע טו־ניט־גוטע און טו־ניט־שלעכטע. פון יענער זייט גוט און שלעכט האָבען מיר געפונען

אונזער אינזעל און אונזער גרינע לאנע — מיר צוויי אליין! דע־ריבער מוזען מיר מיטאנאנדער גוט זיין!

און אויב אפילו מיר ליעבען זיך ניט פון גאנצען הארצען, — איז—מוז מען דען זיין ברוגז, ווען מען ליעבט זיך ניט פון גאנצען הארצען?

און אז איך בין גוט צו דיר און אפטמאל צו גוט, דאס ווייסטו: און דער טעם איז, ווייל איך בין אייפערזיכטיג אויף דיין קלונ־שאפט! אך, אט די משוגענע אלטע טפשה קלוגשאפט!

זאל דיין קלוגשאפט א מאל אוועקלויפען פון דיר, אך! דע־מאלט וועט אויך מיין ליעבע שנעל אנטלויפען פון דיר.״ —

דערנאך האט דאס לעבען געדאנקען־פול א קוק געטאן אהינ־טער זיך און ארום זיך און האט געזאגט שטילערהייד: „א זארא־טוסטרא, דו ביזט מיר ניט גענוג טריי!

דו ליעבסט מיך נאך גאר ניט אזוי שטארק, ווי דו זאגסט; איך וויים, דו קלעהרסט מיך באלד צו פארלאזען.

עס איז פאראן אן אלטע שווערע ברום־גלאק: זי ברומט ביי־נאכט ביז צו דיין הייהל ארויף:—

הערסטו אט די גלאק שלאגען האלבע נאכט, דעמאלט קלעהרסטו צווישען איינס און צוועלף —

— דו קלעהרסט וועגען דעם, א זאראטוסטרא, איך וויים דאס, אז דו ווילסט מיך באלד פארלאזען"! —

„יע, האב איך געענטפערט איינגעהאלטען, אבער דו ווייסט דאך אויך—“ און איך האב איהר עפעס געזאגט אין אויער אריין, אין מיטען צווישען איהרע פארווירטע געלע נארישע האר־קאל־טענס.

„דו ווייסט דאס, א זאראטוסטרא? דאס וויים קיינער נים. — — “

און מיר האבען געקוקט איינס אויף דעם אנדערען, און גע־בליקט אויף דער גרינער לאנע, איבער וועלכער דער קיהלער אוונט

איז גראָד געפאַלען און האָבען אין איינעם געוויינט. — דעמאָלט אָבער איז מיר מיין לעבען געווען ליעבער ווי ווען עס איז מיין קלונשאַפט. —

אזוי האָט גערעדט זאַראַטוסטראַ.

*     *

*

3.

איינס!

אַ מענש! גיב אכט!

צוויי!

וואָס רעדט די טיעפע האַלבע נאַכט?

דריי!

„מיין שלאָף האָט לאַנג געוועהרט, —

פיער!

„בין אויפגעוואַכט פון טיעפען טרוים: —

פינף!

די וועלט — אַ טיעפער תהום,

זעקס!

„נאָך טיעפער, איידער ס'האָט דער טאָג געקלעהרט.

זיעבען!

„טיעף איז איהר וועה —,

אכט!

„די לוסט — נאָך טיעפער איידער האַרצענס-לייד:

נייען!

„וועה זאָגט: פאַרגעה!

צעהן!

„נאַר יערע לוסט וויל אייבינקייט—,

עלף!

„—וויל טיעפע, טיעפע אייבינקייט!“

צוועלף! *)



*) אַנמערקונג פון דעם איבערזעצער. דער ערשטער אָפּשניט פון „דעם אַנדערען טאַנץ־ליעד“ איז געשריבען אין האַלב־פּראָזע, האַלב־שיר מיט אַ סך גראַמען. די ענגלישע און העברעאישע איבערזעצער האָבען גע־מוזט — ווי דאָס ווערט געטאָן כמעט ביי י ע ד ע ר איבערזעצונג פון אַ שיר — אַרויסוואַרפען, צושטעלען און פאַרענדערען ווערטער, כדי אויך די איבערזעצונג זאָל אַרויסקומען געגראַמט.

מיר האָבען אונז אַזאַ פריהייט מיט ניעטצשע'ס וואָרט ניט געקאָנט אין גאַנצען ערלויבען און האָבען — וואו מיר האָבען קיין בעסערס ניט געקאָנט — בעסער געאָפּפערט דעם גראַם, איידער דעם טעקסט.

און אויסנאָם האָבען מיר געמוזט מאַכען צוליעב דעם ד ר י ט ע ן אָפּשניט פון דעמזעלביגען טאַנץ־ליעד, ווייל ער איז אויך לויט זיין אויסערער פאָרם געשריבען ווי אַ שיר. דאָ האָבען מיר לייכט פאַרענדערט צוויי שורות. „מיין שלאָף האָט לאַנג געוועהרט“ איז ביי ניעטצשע'ן: „איך שליעף, איך שליעף“ און „די וועלט — אַ טיעפער תהום“ איז ביי איהם: „די וועלט איז טיעף“.

# די זיעבען חתימות

(אָדער: דאָס ליעד פון יע און אמן)

1.

אויב איך בין אַ וואַהרזאָגער און פול פון יענעם וואַהרזאָגע־רישען גייסט, וואָס וואַנדערט אויף דעם הויכען בארג־רוקען — צווישען צוויי ים'ען, —

וואַנדערט ווי אַ שווערער וואָלקען צווישען עבר און עתיד, — אַ פיינד פון שטיקענד־הייסע ניעדערונגען און פון אַלץ, וואָס איז איינגעמאַטערט און וואָס קאָן ניט: ניט שטאַרבען און ניט לעבען:

אָנגעגרייט צו דעם בליץ אין דעם טונקעלען בוזים און צו דעם אויסלייזענדען ליכט־שטראַל, שוואַנגער פון בליצען, וואָס זאָגען יע!, לאַכען יע! צו די וואַהרזאָגערישע בליץ־שטראַלען: —

גליק־געבענשט אָבער איז דער, וואָס איז שוואַנגער אַזוי! און באמת, לאַנג מוז הענגען אויף דעם בארג יענער, ווער עס זאָל אַמאָל אָנצינדען דאָס ליכט פון דער צוקונפט! —

אָ, ווי זאָל איך ניט ברענען אין תשוקה נאָך דער אייביגקייט און נאָך דעם קידושין־רינג פון אַלע רינגען, — דעם רינג פון ווידערקום?

איך האָב נאָך קיין מאָל ניט געפונען אַ ווייב, וואָס פון איהר וואָלט איך וועלען האָבען קינדער, אחוץ אָט דאָס ווייב, וואָס איך ליעב: ווייל איך ליעב דיך, אַ אייביגקייט!

**ווייל איך ליעב דיך, אַ אייביגקייט!**

* *

*

2.

אויב מיין צאָרן האָט ווען קברים געבראָכען, גרעניץ־שטיינער אריבערגערוקט און אַלטע טאָוולען אראָפּגעקאָלערט, צובראָכענע, אין שארף־כּישופע'ינע טיעפען:

אויב מיין חוזק האָט ווען צובלאָזען פארפוילטע ווערטער און איך בין ווי א בעזים געקומען פאר די צלם־שפּיגען און ווי א רייניגענדער ווינט פאר אלטע פארדומפּענע קברים־הייזלעך:

אויב איך בין אין שמחה געזעסען, וואו אלע געטער ליעגען באגראָבען, בענשענדיג די וועלט, ליעבענדיג די וועלט נעבען די מצבות פון אלטע וועלט־פארשווארצער: —

מחמת איך האָב ליעב אפילו קלויסטערס און געטער־קברים האָב איך ליעב, ווען נאָר דער הימעל קוקט אריין מיט ריינע אויגען דורך זייערע צובראָכענע דעכער; גריילעך זיץ איך, ווי גראָז און רויטער מאָהן, אויף צובראָכענע קלויסטערס —

אָ, ווי זאָל איך ניט ברענען אין תשוקה נאָך דער אייבינקייט און נאָך דעם קידושין־רינג פון אלע רינגען — דעם רינג פון דעם ווידערקום?

איך האָב נאָך קיינמאָל ניט געפונען א ווייב, וואָס פון איהר וואָלט איך וועלען האָבען קינדער, אחוץ אָט דאָס ווייב, וואָס איך ליעב: ווייל איך ליעב דיך, אָ אייבינקייט!

ווייל איך ליעב דיך, אָ אייבינקייט!

* *

*

3.

אויב אָן אָטעם איז געקומען צו מיר פון יענעם בעשאפערישען אָטעם און פון יענער הימעלשער נויט, וואָס צווינגט אפילו די צופאלען, זיי זאָלען טאנצען א שטערען־ראָד:

אויב איך האָב ווען געלאכט א לאכען פון א בעשאפערישען בליץ, וואָס נאָך איהם טוט דער לאנגער דונער פון דער טאט רונז'דיג אָבער פאָלגענדיג נאָכגעהן:

אויב איך האָב ווען אויף דעם געטער־טיש פון דער ערד מיט געטער איןביינדלעך געשפּיעלט, אז די ערד האָט געציטערט און זיך געשפּאָלטען, און האָט פייער־שטראָמען ארויסגעפּרייכט:

מחמת די ערד איז א געטער־טיש, און זי ציטערט פון בעשצ־
פערישע נייעווערטער און געטער־וואָרפען: —

אָ, ווי זאָל איך ניט ברענען אין תשוקה נאָך דער אייביגקייט
און נאָך דעם קידושין־רינג פון אַלע רינגען, — דעם רינג פון
דעם ווידערקום?

איך האָב נאָך קיינמאָל ניט געפונען א ווייב, וואָס פון איהר
וואָלט איך וועלען האָבען קינדער, א־חוץ אָט דאָס ווייב, וואָס איך
ליעב: ווייל איך ליעב דיך, אָ אייביגקייט!

ווייל איך ליעב דיך, אָ אייביגקייט!

* *
*

4.

אויב איך האָב ווען מיט פולען שלונג געטרונקען פון יענעם
שוימענדען געווירץ־ און מיש־קרוג, אין וועלכען אַלע זאַכען זיינען
געמישט:

אויב מיין האַנט האָט ווען אריינגעגאָסען די ווייטסטע ווייט
אין דער נאָהענט, און פייער אין דעם גייסט, און לוסט אין דער
פיין, און דאָס ערגסטע אין דאָס גיטיגסטע:

אויב איך גופא בין א קערענדעל פון יענעם אויסלייזענדען
זאַלץ, וואָס מאַכט, אַלע זאַכען זאָלען זיך גוט אויסמישען אין
דעם מיש־קרוג: —

מחמת עס איז פאַראַן א זאַלץ, וואָס באַהעפט גוטס מיט
שלעכטס, און אויך די גרעסטע בייז איז חשוב צו זיין א געווירץ
און צוליעב דעם לעצטען אריבערשוים: —

אָ, ווי זאָל איך ניט ברענען אין תשוקה נאָך דער אייביגקייט
און נאָך דעם קידושין־רינג פון אַלע רינגען, — דעם רינג פון דעם
ווידערקום?

נאָך קיינמאָל האָב איך ניט געפונען קיין ווייב, וואָס פון איהר וואָלט איך וועלען האָבען קינדער, אַחוץ אָט דאָס ווייב, וואָס איך ליעב: ווייל איך ליעב דיך, אָ אייביגקייט!

ווייל איך ליעב דיך, אָ אייבינקייט!

* *

*

5.

אויב איך האָב האָלד דעם ים און אַלץ וואָס איז פון דעם ים'ס טבע, און נאָך העלטער דעמאָלט, ווען ער רעדט מיר אנטקעגען אין צאָרן:

אויב אין מיר איז פאראַן יענע זוכענדע לוסט, וואָס טרייבט מיינע שיף־לייוועגטען צו דעם נאָך ניט־ענטדעקטען, אויב אָ ים־פאָהרער־לוסט איז פאראַן אין מיין לוסט:

אויב מיין ווירבעל־פרייד האָט ווען אויסגערופען: „דער ברעג איז פארשוואונדען—איצט איז אראָפּגעפאַלען פון מיר די לעצטע קייט —

דער אָהן־אַ־גרענעץ ברויזט ארום מיר, ווייט ארויס גלאַנצט פאַר מיר דער חלל און די צייט, מוטיג! מיט גליק! דו אַלטע האַרץ!" —

אָ, ווי זאָל איך ניט ברענען אין תשוקה נאָך דער אייבינקייט און נאָך דעם קידושין־רינג פון אַלע ריגגען, דעם רינג פון דעם וויעדערקום?

איך האָב נאָך קיינמאָל ניט געפונען אַ ווייב, וואָס פון איהר וואָלט איך קינדער האָבען געוואָלט, אַחוץ אָט דאָס ווייב, וואָס איך ליעב: ווייל איך ליעב דיך, אָ אייביגקייט!

ווייל איך ליעב דיך, אָ אייבינקייט!

* *

*

6.

אויב מיין טוגענד איז די טוגענד פון א טענצער און איך האָב אָפּט מיטביידע פיס פריידיג געשפּרונגען אין א גאָלד־סמאַ־ראַגדענעם עקסטאַז:

אויב מיין רשעות איז א לאַכענדע רשעות, און איהר היים איז צווישען רויזען־צווייגען און ליליען־בייטען:

מחמת אין דעם לאַכען איז אַל׳־דאָס־בייז אין איינעם, נאָר געהייליגט און גערייניגט דורך זיין אייגענער גליק־געבענשט־קייט: —

אויב דאָס איז מיין אַלף און תיו, אַז יעדע שווערקייט זאָל ווערען גרינג און יעדער גוף — א טענצער, און יעדער גייסט — א פויגעל: און באמת, דאָס איז מיין אַלף און תיו! —

אָ, ווי זאָל איך ניט ברענען אין תשוקה נאָך דער אייביגקייט און נאָך דעם קידושין רינג פון אַלע רינגען, — דעם רינג פון דעם ווידערקום?

איך האָב נאָך קיינמאָל ניט געפונען א ווייב, וואָס פון איהר וואָלט איך געוואָלט האָבען קינדער א־חוץ אָט דאָס ווייב, וואָס איך ליעב: ווייל איך ליעב דיך, אָ אייביגקייט!

ווייל איך ליעב דיך, אָ אייביגקייט!

* *

*

7.

אויב איך האָב ווען איבער מיר שטילע הימלען פאַנאַנדער־געשפּרייט און בין מיט אייגענע פליגלען אין אייגענע הימלען גע־פלויגען:

אויב איך בין שפּיעלענדיג אין טיעפע ליכט־ווייטען ארום־געשוואומען און צו מיין פרייהייט און פויגעל־קלוגשאַפט געקו־מען —

די פויגעל־קלוגשאַפט רעדט אָבער אַזוי: „זעה, עס איז ניטאָ

קיין אויבען און קיין אונטען! וואַרף דיך אַרום, אַרויס, צוריק, דו גרינגער! זינג! רייד ניט מעהר!

— „זיינען דען ניט אַלע ווערטער געמאַכט געוואָרען פאַר די שווערע? לאיגען דען ניט אַלע ווערטער דעם גרינגען? זינג! רייד ניט מעהר!“ —

אָ, ווי זאָל איך ניט ברענען אין תשוקה נאָך דער אייביגקייט און נאָך דעם קידושין־רינג פון אַלע רינגען, — דעם רינג פון דעם ווידערקום?

איך האָב נאָך קיין מאָל ניט געפונען אַ ווייב, וואָס פון איהר וואָלט איך געוואָלט האָבען קינדער, אַ־חוץ אָט דאָס ווייב, וואָס איך ליעב: ווייל איך ליעב דיך, אָ אייבינגקייט!

**ווייל איך ליעב דיך, אָ אייביגקייט!**

*　*

*

# אזוי האט גערעדט זאראטוסטרא

## פיערטער און לעצטער טייל.

אַך, וואו אין דער וועלט האָבען פּאַסירט גרעסע־רע נאַרישקייטען ווי ביי די בעלי־רחמים? און וואָס אין דער וועלט האָט אָנגעטאָן מעהר יסורים איידער די טפּשות פון די בעלי רחמים?

וועה צו אַלע לעבעדיגע, וואָס האָבען נאָך ניט דערגרייכט צו אַ הויך, וואָס שטעהט איבער זייער רחמנות.

אַזוי האָט צו מיר אַמאָל געזאָגט דער טייוועל: „אויך גאָט האָט זיין גיהנום: דאָס איז זיין ליעבע צו די מענשען".

און אַנומעלט האָב איך איהם געהערט זאָגען אָט די ווערטער: „גאָט איז טויט; פון זיין מיטלייד מיט די מענשען איז גאָט געשטאָרבען". —

(אַזוי האָט גערעדט זאַראַטוסטראַ, II, ז. 117.)

# דער האָניג־קרבן.

— און ווידער זיינען פאַרבייגעלאָפען חדשים און יאָהרען אי־בער זאַראַטוסטראַ׳ס נשמה, און ער האָט ניט געטראַכט וועגען דעם; זיינע האָר אָבער זיינען ווייס געוואָרען. איין מאָל, אַז ער איז געזעסען אויף אַ שטיין פאַר זיין הייהל און האָט שטיל נע־קוקט אין דער ווייט — מען קוקט אָבער פון דאָרטען אַרויס אויפ׳ן ים און ווייטער איבער געשלענגעלטע אָפּגרונטען, — זיינען די שטוב־חיות זיינען אַרומגעגאַנגען פאַרטראַכט אַרום איהם און האָבען זיך לסוף אַוועקגעשטעלט פאַר איהם.

„אָ, זאַראַטוסטראַ, האָבען זיי געזאָגט, דו קוקסט מסתמא אַרויס אויף דיין גליק?“ — „וואָס פאַר אַ באַטרעף האָט דאָס גליק! האָט ער געענטפערט, איך טראַכט שוין לאַנג ניט מעהר וועגען גליק, איך טראַכט וועגען מיין ווערק“. — „אָ, זאַראַ־טוסטראַ, האָבען די חיות נאָך אַמאָל געזאָגט, דאָס רעדסטו, ווי איינער, וואָס איהם איז צו גוט. ליעגסטו ניט אין אַ הימעל־בלויען ים פון גליק?“ — „איהר חוזק־טרייבער, האָט זאַראַטוסטראַ געענטפערט און געשמייכעלט, ווי גוט האָט איהר אויסגעקליבען אייער פאַרגלייך! אָבער איהר ווייסט אויך, אַז מיין גליק איז שווער און ניט ווי אַ פליסיגע וואַסער־אינד: עס דריקט מיך און וויל ניט אַוועק פון מיר, און פיהרט זיך אויף, ווי נעשמאָלצענע פעך“. —

זיינען די חיות ווידער אַרומגעגאַנגען פאַרטראַכט אַרום איהם און האָבען זיך אָבער־אַ־מאָל אַוועקגעשטעלט פאַר איהם. „אָ, זאַראַטוסטראַ, האָבען זיי געזאָגט, ד ע ר פ ו ן, הייסט עס, קומט דאָס, וואָס דו גופא ווערסט אַלץ געלער און טונקעלער, הגם דיינע האָר זעהען אויס ווייס ווי פלאַקס? זעה אָקאָרשט, דו זיצסט אין דיין פעך!“ — „וואָס רעדט איהר דאָ אַזוינס, מיינע חיות, האָט זאַראַטוסטראַ געזאָגט און געלאַכט דערביי, באמת, איך האָב גע־

לעסטערט, ווען איך האָב גערעדט וועגן פּעך. וואָס עס געשעהט מיט מיר, אַזוי קומט דאָס פּאָר מיט אַלע פּירות, וואָס ווערען צייטיג. דער ה אָ נ י ג אין מיינע אָדערען מאַכט דאָס מיין בלוט־דיקער און מיין נשמה שטילער". — „הפּנים ס'איז אַזוי, זאַראַטוסטראַ, האָבען די חיות געענטפערט און זיך גערריקט אַרום איהם; ווילסטו אָבער היינט ניט אַרויפשטייגען אויף אַ הויכען באַרג? די לופט איז ריין און מען זעהט היינט מעהר פון דער וועלט איידער ווען אַן אַנדערס מאָל." — „יע, מיינע חיות, האָט ער געענטפערט, אייער עצה איז אויסטערליש און מיר צום האַר־צען: איך וועל היינט אַרויפשטייגען אויף אַ הויכען באַרג! אָבער זעהט, אַז דאָרטען זאָל מיר האָניג זיין ביי דער האַנט, געלער, ווייסער, גוטער, אייז־פרישער, גאָלדיגער וואָפעל־האָניג, ווייל זייט ווייסען, איך וויל דאָרטען אויבען מקריב זיין אַ האָניג־קרבן". —

אַז זאַראַטוסטראַ איז אָבער געווען אויבען אויף דער הויך, האָט ער אַוועקגעשיקט אַהיים די חיות וואָס האָבען איהם באַגלייט, און האָט דערזעהען, אַז ער איז שוין אַליין: — האָט ער געלאַכט פון גאַנצען האַרצען, האָט זיך אַרומגעקוקט און האָט אַזוי גערעדט:

וואָס איך האָב גערעדט וועגן קרבנות און האָניג־קרבנות, דאָס איז נאָר געווען אַ שפּיצעל פון מיינע רייד און, בנאמנות, אַ ניצ־ליכע שטות! דאָ אויבען מעג איך שוין ריידען פרייער, איידער פאַר די מתבודד־הייהלען און פאַר די שטוב־חיות פון אַ מתבודד.

וואָס מיר קרבנות! איך פאַרשווענד, וואָס מען האָט מיר געשענקט, איך, דער פאַרשווענדער מיט טויזענד הענט: ווי טאָר איך דאָס נאָך אָנרופען אַ קרבן!

און ווען איך האָב געבעטען האָניג, האָב איך נאָר געבעטען אַ רוף־שפּייז, זיסע לאַקרעץ און מעד, וואָס נאָך זיי לעקען די ליפּען אַפילו די ברום־בערען און די וואונדערליכע, פאַרברוגז'טע בייזע פויגלען:

די בעסטע ציעה־שפּייז, ווי די וואָס די יעגער און די פישער דאַרפען זי. ווייל אויב די וועלט איז אַ פינסטערער וואַלד מיט

חיות און פאר אַלע ווילדע יעגער אַ לוסט־גאָרטען, דוכט זיך מיר ליעבערשט, אַז זי איז נאָך מעהר אַן אָפּגרונט־טיעפער, רייכער ים,

— אַ ים פול פיעלפאַרביגע פיש און קרעבסען, וואָס אפילו נעטער וואָלטען וועלען ווערען זיינע פישער און נעצען־אויסשפּרייטער: אַזוי רייך איז די וועלט אין וואונדערליכע זאַכען, גרויסע און קליינע!

בפרט די מענשען־וועלט, דער מענשען־ים: אין א י ה ם פאַרוואַרף איך מיין גילדערנע פאַנג־רוט און זאָג: עפען זיך, דו מענשען־אָפּגרונט!

עפען זיך און וואַרף מיר צו דיינע פיש און גלימצער־קרעבסען! מיט מיין ציעה־שפּייז ציעה איך מיר היינט צו די וואונדערליכסטע מענשען־פיש!

— מיין גליק גופא וואַרף איך אויס אין אַלע ברייטען און וויטען, צווישען מזרח, דרום און מערב, אפשר וועלען אַ סך מענשען־פיש זיך אויסלערנען צו צופען און צו צאַפּלען זיך,

ביז זיי וועלען זיך אָנבייסען אָן מיינע שפּיציגע פאַרבאָרגענע העקלעך און וועלען מוזען ארויף צו מ י י ן הויך, די פיעל־פאַרבינגסטע אָפּגרונט־גרונט־פיש צו דעם בייזהאַפּטינגסטען פון אַלע מענשען־פישער.

מחמת אָט ד אָ ס בין איך פון גרונט אויס און פון אָנהויב אָן, אַ ציהענדער, צוציהענדער, ארויפציהענדער און ארויסציהענדער, אַ ציעהער, ערציהער און אויפציה־מייסטער, וואָס האָט ניט אומזיסט אמאָל געזאָגט צו זיך: „ווער דאָס, וואָס דו ביסט!“

אויף אַזאַ'ן אופן זאָלען איצט די מענשען א ר ו י ף קומען צו מיר: ווייל איך וואַרט נאָך אויף די סימנים, אַז עס איז געקומען די צייט פון מיין אַראָפּגאַנג; איך גופא געה נאָך ניט אונטער צווישען מענשען, ווי איך מוז.

אָט דערויף וואַרט איך דאָ, פוקסענקלוג און שפּאָטיש, אויף די הויכע בערג, ניט קיין אומגעדולדיגער, ניט קיין געדולדיגער,

נייערט איינער, וואָס האָט אויך פארגעסען די נעדולה, — ווייל ער טוט מעהר ניט „דולדען“.

מחמת מיין שיקזאל לאָזט מיר צייט: ער האָט משמעות מיך פארגעסען? אָדער זיצט ער אין שאָטען הינטער א שטיין און כאַפּט פליגען?

און בנאמנות, איך בין מיט איהם גוט־פריינד, מיט מיין אייביגען שיקזאל, דערהפאר, וואָס ער יאָגט מיך ניט און שטעהט ניט צו און גיט מיר צייט פאר שפּאַסען און רשעות'ען: איז — בין איך היינט ארויף אויף אָט דעם הויכען בארג צו כאַפּען פיש.

האָט הפּנים א מענש ווען פיש געכאַפּט אויף הויכע בערג?

און ווען אפילו עס איז א נארישקייט, וואָס איך וויל טאָן דאָ אויבען: אלץ בעסער, איידער דאָרטען אונטען ווערען שטייף־ערנסט איבער'ן ווארטען און גרין און געל —

— א צאָרן־פרייכער אויף שטעלצעס — איבער'ן ווארטען; א הייליגער קלאַנג־שטורעם פון די בערג, אן אומגעדולדיגער, וואָס דופט אראָפּ אין די טאָלען: „הערט זיך איין, אז ניט שמייס איך איך מיט גאָט'ס בייטש!“

אויף די צאָרענדינע בין איך חלילה ניט בייז דערפאר! זיי זיינען מיר גענוג גוט צום לאַכען! זיי מוזען שוין זיין אומגע־דולדיג יענע גרויסע ליארעם־בארא באנעס, וואָס מוזען האָבען א וואָרט דוקא היינט אָדער קיינמאָל ניט!

איך אָבער און מיין שיקזאל — מיר ריידען ניט צו דעם היינט, מיר ריידען אויך ניט צו דעם קיינמאָל־ניט: מיר האָבען שוין צום ריידען געדולד און צייט און איבער־צייט. ווייל ווען עס איז מוז ער דאָך קומען און טאָר ניט פארבייגעהן.

ווער מוז ווען עס איז קומען און טאָר ניט פארבייגעהן? אונ־זער גרויסער האזאר*), דאָס איז די גרויסע ווייטע מענשען ממשלה, די זאראטוסטרא־ממשלה פון טויזענט יאָהר — —

---

*) אַ פּערסיש וואָרט פאר דער טויזענט יעהריגער ממשלה: „האזא־רא“—טויזענט. — זש.

ווי ווייט קאָן זיין אזא „ווייט“? וואָס זאָל דאָס מיך ארען? אָבער פון דעסטוועגען איז דאָס ביי מיר ניט וועניגער פעסט, — מיט ביידע פיס שטעה איך זיכער אָט אויף דעם גרונט, —

אויף אַן אייביגען גרונט, אויף הארטע אור־שטיינער, אָט אויף דעם העכסטען, הארטעסטען אור־בארג, וואָס צו איהם קומען אַלע ווינטען, ווי צו א שטורעם־פאנאנדערשייד, און פרעגען מכח וואו? און פון וואַנען? און וואוהין?

אָט דאָ לאַך, לאַך, מיין העלע, געזונטע בייזקייט! פון הויכע בערג ווארף אראָפּ דיין גלימצערנדען שפּאָט־געלעכטער! ציה מיר צו מיט דיין גלימצערן די שענסטע מענשען־פיש!

און וואָס עס געהערט מ י ר אין אַלע ים'ען, מיין אין־און־פאר־מיר־גופא אין אַלע זאכען — אָט ד אָ ס פיש מיר ארויס, דאָס פיהר צו מיר ארויף: דערויף ווארט איך, דער בייז־האַפטיגסטער פון אַלע פיש־פאנגערס.

ארויס, ארויס, מיין פאנג־העקעל! אריין, אראָפּ, רוף־שפּייז פון מיין גליק! ביים זיך אריין, מיין פאנג־העקעל, אין דעם בויך פון גאָר דעם שווארצען אומעט!

קוק ארויס, קוק ארויס מיין אויג, אָ, וואָס פאר פולע ים'ען ווי א רינג ארום מיר, וואָס פאר אויפבאַגינענדע מענשען־צוקונפ־טען! און איבער מיר — וואָס פאר א רויזענרויטע שמילקייט! וואָס פאר א שוויינען אָהן וואָלקענס!

*  *



## א געשריי אין נויט.

אויף מאָרגען איז זאראטוסטרא ווידער געזעסען אויף זיין שטיין, בעת די חיות האָבען זיך ארומגעטראָגען דרויסען אין דער וועלט, כדי צו ברענגען נייע חיונה אהיים, — אויך נייען האָניג: ווייל דעם אַלטען האָניג האָט זאראטוסטרא פארטאָן און פאר־שווענדט ביז צום לעצטען טראָפּען. ווי ער איז אָבער אזוי גע־זעסען, מיט א שטעקען אין דער האנד און נאָכגעצייכענט אויף

דער ערד דעם שאָטען פון זיין געשטאַלט, פאַרטיעפט אין געדאַנק;
און בנאמנות! ניט וועגען זיך און זיין שאָטען — ערשט פּלוצים
האָט ער זיך דערשראָקען און איז פאַרציטערט געוואָרען: ווייל
ער האָט נעבען זיין שאָטען דערזעהן נאָך אַן אַנדער שאָטען. און
אַז ער האָט שנעל אַ קוק געטאָן ארום זיך און איז אויפגעשטאַנען,
ערשט נעבען איהם איז געשטאַנען דער וואָהרזאָגער, דער איינענער,
וועמען ער האָט אַמאָל געגעבען ביי זיין טיש שפּייז און גע־
טראַנק, דער אָנזאָגער פון דער גרויסער מאַטקייט, וואָס האָט גע־
לערנט: „אַלץ איז אַלץ־איינס, קיין זאַך לוינט זיך ניט, וועלט איז
אָהן אַ זין, וויסען ווערגט“. אָבער זיין פּנים איז מיט דער צייט
געוואָרען אַן אַנדערער; און אַז זאַראַטוסטראַ האָט איהם אריינ־
געקוקט אין די אויגען, איז זיין הארץ ווידער־אַ־מאָל דערשראָ־
קען געוואָרען: אַזוי פיעל שלעכטע בשורות און אַש־גראָהע בליצען
זיינען דורכגעלאָפען איבער זיין פּנים.

וואָהרגעוואָרען וואָס עס קומט פאָר אין זאַראַטוסטראַ׳ס
נשמה, האָט דער וואָהרזאָגער זיך אַ וויש געטאָן זיין פּנים מיט
דער האַנט, פונקט ווי ער וואָלט געוואָלט איהם אָוועקווישען; אויך
זאַראַטוסטראַ האָט געטאָן דאָס איינענע. און אַזביידע האָבען
אַזוי געשוויגען, זיך געשטאַרקט און צו זיך געקומען, האָבען זיי
זיך געגעבען די הענט, ווי אַ סימן, אַז זיי ווילען ווידער זיין
בעקאַנט איינער מיט דעם אַנדערען.

„ברוך הבא, דו וואָהרזאָגער פון דער גרויסער מאַטקייט, האָט
זאַראַטוסטראַ געזאָגט, ניט אומזיסט ביסטו אַמאָל שוין געווען מיין
אורח און טיש־פריינד. עס און טרינק אויך היינט ביי מיר און נעם
ניט פאַר אומגוט, וואָס אַן אַלטער פאַרגעניגטער מאַן זיצט מיט
דיר ביים טיש!“ — „אַ פאַרגעניגטער אַלטער מאַן?“ האָט גע־
ענטפערט דער וואָהרזאָגער און האָט געשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ: ווער
אָבער דו זאָלסט אָדער ווילסט ניט זיין, אָ זאַראַטוסטראַ, דאָ
אויבען ביסטו געווען שוין צו לאַנג, — דיין שיפעל זאָל אין גיכען
ניט מעהר ליעגען אויף דער יבשה.“ — „זיץ איך דען אויף דער

יבשה?" — האָט זאראַטוסטראַ געפרעגט מיט אַ געלעכטער. — „די וואלען ארום דיין בארג, האָט דער וואָהרזאָגער געענטפערט, שטייגען און שטייגען, די וואלען פון גרויסער נויט און אומעט: זיי וועלען באלד אויך דיין שיפעל אויפהויבען און דיך אוועקטראַ־גען פון דאנען". — האָט זאראַטוסטראַ געשוויגען און זיך געוואונ־דערט. — „הערסטו נאָך גאָרנישט? האָט דער וואָהרזאָגער וויי־טער גערעדט: רוישט־און־ברויזט עס ניט אַרויף פון דער טיעף?"— זאראַטוסטראַ האָט ווידער געשוויגען און האָט זיך צוגעהערט: האָט ער דערהערט אַ לאַנגען, לאַנגען געשריי, וואָס די אָפּגרונטען האָבען געוואָרפען איינער צו דעם אַנדערען און וויטער געגעבען, ווייל קיינער האָט איהם ניט געוואָלט האלטען: אזוי ביטער איז געווען זיין קלאַנג.

„דו שלימער אָנזאָגער, האָט זאראַטוסטראַ געזאָגט לסוף, דאָס איז אַ נויט־געשריי און דער געשריי פון אַ מענשען; ער קומט משמעות פון אַ שווארצען ים. אָבער וואָס זאָל מיך אהרען מענשען־נויט! מיין לעצטע זינד, וואָס איז פאַר מיר געבליבען אָנגעגרייט, ווייסטו, הפּנים, ווי מען רופט זי?"

— „ר ח מ נ ו ת ה אָ ב ע ן! האָט דער וואָהרזאָגער גע־ענטפערט פון אַן איבער־שטראָמענדען הארצען און האָט אויפגע־הויבעןביידע הענט אין דער הויך — אָ, זאראַטוסטראַ, איך בין געקומען, דיך צו דיין לעצטער זינד צו פארפיהרען!" —

און קוים האָט ער ארויסגערעדט אָט די ווערטער, ערשט דער געשריי האָט זיך ווידער דערהערט, נאָך לענגער און אימה'דיגער, איידער פריהער, און אויך שוין פיעל נעהענטער.

„הערסטו? הערסטו? אָ זאראַטוסטראַ, האָט דער וואָהרזאָגער אויסגערופען, צו דיר איז דער געשריי, דיך רופט ער: קום, קום, קום, עס איז צייט, עס איז די העכסטע צייט!" —

דאָ האָט זאראַטוסטראַ געשוויגען, אַ מבולבל'ער, און אַן אויפ־געגערודערטער; לסוף האָט ער געפרעגט, ווי איינער, וואָס שלאָגט זיך מיט דער דעה: „און ווער איז דאָס דאָרטען, וואָס רופט מיך?"

„אָבער דו ווייסט עס דאָך, האָט דער וואָהרזאָגער היציג גע־ענטפערט, וואָס באהאַלטסטו זיך? ד ע ר ה ע כ ע ר ע ר מ ע נ ש, ער שרייט צו דיר!"

„דער העכערער מענש, האָט זאַראַטוסטרא אויסגעשריען, ארומגענומען מיט פּחד: וואָס וויל ד ע ר? וואָס וויל ד ע ר? דער העכערער מענש! וואָס דאַרף ער דאָ?" — און זיין הויט האָט זיך באַדעקט מיט שוויים.

דער וואָהרזאָגער האָט אָבער ניט געענטפערט אויף זאַראַטוס־טראַ'ס אימה, נייערט זיך איינגעהערט און איינגעהערט אין דער טיעף. נאָר אַ לאַנגע צייט איז דאָרטען געבליבען שטיל, האָט ער זיין בליק געווענדעט אויף צוריק און האָט געזעהען, ווי זאַראַטוס־טרא שטעהט און ציטערט.

„אָ, זאַראַטוסטרא, האָט ער אָנגעהויבען מיט אַ טרויעריגען קול, דו שטעהסט דאָ ניט, ווי איינער, וועמען דער גליק מאַכט, ער זאָל זיך דרעהען: דו וועסט אָבער מוזען טאַנצען, כדי דו זאָלסט ניט אַנידערפאַלען!

אָבער ווען אפילו דו זאָלסט טאַנצען פאַר מיר און שפּרינגען אַלע דיינע זייטיגע שפּרונגען: קיינער זאָל מיר ניט טאָרען זאָגען: „זעה, אָט טאַנצט דער לעצטער פרעהליכער מענש!"

אומזיסט וואָלט איינער געקומען אהער, אויף אָט דער הויך, וואָס זאָל א י ה ם זוכען: הייהלען וואָלט ער שוין יע געפינען און הינטער־הייהלען, פאַרשטעקעניסען אויף פאַרשטעקעניסען, אָבער ניט גליק־שאַכטעס און שאַץ־קאַמערען און נייע גליק־גאָלד־אָדערען.

גליק — ווי קאָן מען משמעות געפינען גליק ביי אַזוינע פאַר־גראָבענע און מתבודדים! מוז איך נאָך זוכען דעם לעצטען גליק אויף די גליקליכע אינזלען און ווייט צווישען פאַרגעסענע ים'ען?

אָבער אַלץ איז אַלץ־איינס, קיין זאַך לוינט זיך ניט, עס זיינען אויך ניטאָ מעהר קיין גליקליכע אינזלען!" — —

אזוי האָט געזיפצט דער וואָהרזאָגער; ביי זיין לעצטען זיפץ

איז אָבער זאַראַטוסטראַ ווידער ליכטיג געוואָרען און זיכער, פונקט ווי איינער, וואָס איז פון אַ טיעפען תהום אַרויף אויף דער ליכטיגער שיין. „ניין! ניין! דריי מאָל ניין! האָט ער אויסגערופען מיט אַ שטאַרקער שטים און האָט זיך אַ גלעט געטאָן די באָרד — ד אָ ס ווייס איך בעסער! עס זיינען נאָך דאָ גליקליכע אינזלען! רייד ניט ו ו ע ג ע ן ד ע ם, דו זיפציגער טרויערזאַק!

הער אויף צו פּליעטשען, דו רעגענוואָלקען פון פאַר האַלבען טאָג! שטעה איך שוין ניט דאָ, אַ נאַסער פון דיין אומעט און באַגאָסען ווי אַ הונט?

וועל איך מיך אָפּטרייסלען און פון דיר אַנטלויפען, איך זאָל ווידער טרוקען ווערען: דערויף זאָלסטו זיך ניט וואונדערען! ווייז איך דיר ניט אויס שטאַטיג? אָבער דאָ איז מ י י ן שטאָט.

נאָר וואָס איז שייך דיין העכערען מענשען: זאָל זיין! איך וועל איהם תיכף זוכען אין יענע וועלדער: פ ו ן ד אָ ר ט ע ן איז זיין געשריי געקומען. אפשר איז אַ חיה רעה אויף איהם אָנגעפאַלען.

ער איז אין מ י י ן ממשלה: עס זאָל איהם דאָ גאָרנישט ניט שאַטען! און באמת, עס זיינען דאָ אַ סך בייזע חיות ביי מיר.“ —

מיט אָט די ווערטער האָט זיך זאַראַטוסטראַ געווענדעט צו געהן. האָט דער וואָהרזאָגער געזאָגט: „אָ, זאַראַטוסטראַ, ביסט אַ ממזר!

איך פאַרשטעה שוין: דו ווילסט פון מיר פּטור ווערען! ליע־בערשט לויפסטו אין די וועלדער און לויערסט אויף בייזע חיות!

אָבער וואָס איז דיר די פּעולה? אין אָוועגט וועסטו דאָך מיך ווידער האָבען; אין דיין אייגענער הייהל וועל איך זיצען, געדולדיג און שווער ווי אַ קלאָץ — און וואַרטען אויף דיר!“

„אדרבה! האָט זאַראַטוסטראַ צוריק אַרויסגערופען בשעת׳ן אַוועקגעהן: און אַלץ, וואָס איז אין מיין הייהל, געהערט אויף דיר, מיין גאַסט־פריינד!

זאָלסטו אָבער דאָרטען נאָך האָניג געפינען, איז מה טוב! לעק איהם נאָר אויס, דו ברום־בער, און פאַרזיס דיין נשמה! מחמת אין אָווענט וועלען מיר ביידע זיין אויפגעראַמט,

— אויפגעראַמט און פרעהליך, וואָס אַט דער טאָג איז שוין אַריבער! און דו נוּבּא זאָלסט צו מיינע ליעדער טאַנצען, ווי מיין טאַנץ־בער.

דו גלויבסט ניט אין דעם? שאָקעלסט מיט׳ן קאָפּ? מילא! מיט גליק! אַלטער בער! אָבער אויך איך — בין אַ וואָהרזאָגער.״

אַזוי האָט גערעדט זאַראַטוסטרא.

* *

*

## א געשפרעך מיט די מלכים.

### 1.

זאראטוסטרא איז נאך ניט אבגעגאנגען קיין שעה אין זיינע בערג און וועלדער, ערשט מיט א מאל האט ער דערזעהען א חדוש'־דיגע פראצעסיע. גראד אויף דעם וועג, אויף וועלכען ער האט גע־וואלט אראפנידערען, זיינען געגאנגען צוויי מלכים, באציערט מיט קרוינען און פורפור־גארטלען און פיעל־פארביג ווי די פלאמינגא־פויגלען: זיי האבען געטריבען פאראויס אן אנגעלאדענעם אייזעל. „וואס דארפען די מלכים אין מיין ממשלה?" האט זאראטוסטרא זיך געוואונדערט אין זיין הארצען און האט זיך געשווינד באהאל־טען הינטער א קוסט. אז די מלכים זיינען אבער דערגאנגען ביז צו איהם, האט ער געזאגט האלב בלחש, ווי איינער, וואס רעדט צו זיך אליין: „א חדוש נפלא! ווי גראמט זיך דאס? צוויי מלכים זעה איך — און נאר איין אייזעל!"

האבען די ביידע מלכים זיך אפגעשטעלט, געשמייכעלט, א קוק געטאן אהין, פון וואנען דער קול איז געקומען, און דערנאך זיך א קוק געטאן אין די פנים'ער אריין. „אזוינע זאכען טראכט מען שוין יע צווישען אונז, האט געזאגט דער קעניג פון רעכטס, אבער מען זאגט דאס ניט ארויס."

דער קעניג פון לינקס אבער האט געקוועטשט מיט די אקסלען און האט געענטפערט: „משמעות, א ציעגען־פיטערער, אדער א מתבודד, וואס האט צו לאנג געלעבט צווישען פעלזען און ביימער. גאר קיין געזעלשאפט, ווייסט איהר, פארדארבט אויף די גוטע מדות".

„די גוטע מדות? האט דערווידערט דער אנדער קעניג אומ־וויליג און ביטער: פון וועמען אנטלויפען מיר דען? אפשר ניט פון די „גוטע מדות"? פון אונזער „גוטער געזעלשאפט"?

באמת, ליעבערשט לעבען צווישען מתבודדים און ציעגען־פּי־מערער, איידער מיט אונזער פארגילדערטען פאלשען איבערגעפּארב־טען המון, — הגם ער רופט זיך גאָר „גוטע געזעלשאפט“, —

— הגם ער רופט זיך גאָר אדעל. אָבער אלצדינג איז דאָר־טען פאלש און צופוילט, קודם דאָס בלוט, א דאנק די אלטע שלעכ־טע קראנקהייטען און ערגערע הייל־קינצלער.

דער בעסטער און ליעבסטער איז ביי מיר היינט א געזונטער פּויער, גראָב, פארשפּיצט, הארטנעקיג און לאנגאויסהאלטיג:

אָט דאָס איז היינט דער נאָבעלסטער מין.

דער פּויער איז היינט דער בעסטער; און דער פּויערים־מין האָט געדארפט זיין דער האר. אָבער עס איז די ממשלה פון דעם המון, — איך לאָז מיך ניט מעהר איינשמועסען. המון אָבער, איז דער טייטש: מישמאש.

ערב־רב־מישמאש: דאָ איז אלץ אין איינעם דורכגעמישט, היי־ליגער און שווינדלער, און יונקער און איד און כל המיני חיות פון נח׳ס תבה.

גוטע מדות! אלץ איז ביי אונז פאלש און צופוילט. קיינער וויים שוין ניט, וואָס הייסט עהרליך האלטען: אָט פון ד ע ם גראָד אנטלויפען מיר. דאָס זיינען זיסליכע, ניט אָפּצוטרייבענדע הינט, זיי פארגילדען פאלמען־בלעטער.

אָט דער עקעל ווערגט מיך, וואָס מיר, די מלכים גופא, זיינען געוואָרען פאלש, ארומגעהאנגען און פארקליידט מיט דעם אלטען, געל־געוואָרענעם פּאָמפּ פון די אבות, אויסשטעל־מטבעות פאר די טיפּשים און די רמאים און פאר אלעמען, וואָס שאכער־מאכערען מיט דער מאכט.

מיר ז י י נ ע ן נ י ט די פּני און מוזען דאָך דאָס ב אַ־ד י י ט ע ן: אָט די אָפּנארעריי האָט לסוף דערעסען און איז אונז נמאס געוואָרען.

פון דעם ערב־רב זיינען מיר אנטלאָפען, פון אלע יענע שריי־העלזער און שרייב־שמוץ־פליעגען, פון דעם קרעמער־געשטאנק, דעם

געצאפּעל פון כבוד־לוסט, דעם פאַר'אויר'טען אָטעם —: פע, צו ליעגען צווישען דעם ערב־רב, — פע, ביי דעם ערב־רב צו רעכענען זיך פאַר דעם ראש וראשון! אַך, חלשות! חלשות! חלשות! וואָס פאַר אַ באַדייט האָבען מיר נאָך, די מלכים!"

„דיין אַלטע חלאת באַפאַלט דיך, האָט דאָ געזאָגט דער קעניג פון לינקס, דער עקעל באַפאַלט דיך, מיין אָרעמער ברודער. אָבער דו ווייסט דאָך, איינער הערט אונז אונטער."

תיכף האָט זאַראַטוסטראַ, וואָס האָט געהערט די רייד מיט אָפענע אויערען און אויגען, זיך אויפגעהויבען פון זיין באַהעלטעניש, איז צוגעגאַנגען צו די מלכים און האָט אָנגעהויבען אַזוי:

„דער וואָס הערט אייך אונטער, דער וואָס הערט אייך גריילעך אונטער, איהר מלכים, רופט זיך זאַראַטוסטראַ.

איך בין זאַראַטוסטראַ, וואָס האָט אַמאָל געזאָגט: „וואָס פאַר אַ באַדייט האָבען די מלכים!"

דאָ אָבער איז מ י י ן ממשלה און מיין הארשאַפט: וואָס אַזוינס ווילט איהר זוכען אין מיין ממשלה? אָבער אפשר האָט איהר אונטערוועגענס ג ע פ ו נ ע ן, וואָס איך זוך: איך מיין, דעם העכערען מענשען?"

אַז די מלכים האָבען דאָס דערהערט, האָבען זיי זיך געשלאָגען אויף דער ברוסט און האָבען פּה אחד געזאָגט: „דו האָסט אונז דערקענט!

מיט דעם שווערד פון יענעם וואָרט האָסטו דורכגעהאַקט דעם געדיכטעסטען חושך פון אונזער האַרצען. דו האָסט אויפגעדעקט אונזער נויט, ווייל זעה! מיר זיינען אַרויס אין וועג, כדי צו געפינען דעם העכערען מענשען —

— דעם מענשען, וואָס איז העכער, איידער מיר: הגם מיר זיינען מלכים. פאַר איהם פיהרען מיר אָט דעם אייזעל. מחמת דער העכסטער מענש דאַרף אויך זיין דער העכסטער האַר אויף דער ערד.

עס איז ניטאָ קיין האַרטערער אומגליק אין דעם גאַנצען מענ־

שען־שיקזאל, איידער ווען די מעכטיגסטע פון דער ערד זיינען ניט אויף די ערשטע מענשען. דאָ ווערט אַלץ פאַלש און קרום און אומגעהויער.

און ווען זיי זיינען גאָר די לעצטע און מעהר פיה איידער מענש: דעמאָלט שטייגט און שטייגט דער מקח פון דעם ערב־רב און צום סוף זאָגט גאָר די טוגענד פון דעם המון: „זעה, נאָר איך אַליין בין די טוגענד!" —

וואָס האָב איך נאָר וואָס געהערט? האָט זאַראַטוסטראַ גע־ענטפערט; וואָס פאַר אַ קלוגשאַפט ביי מלכים! איך בין העכסט דערפרעהט, און בנאמנות, עס גלוסט זיך שוין מיר, אַ גראַם צו מאַכען אויף־דערויף: —

— אפילו ווען דאָס זאָל זיין אַ גראַם, וואָס טויג ניט פאַר יעדערענס אויערען. איך האָב שוין לאַנג פאַרגעסען צו האָבען אין זינען די לאַנגע אויערען. זאָל זיין! געגומען זיך!

(דאָ אָבער האָט פּאַסירט, אַז אויך דער אייזעל האָט באַקומען דאָס וואָרט: ער האָט אָבער געזאָגט דייטליך און מיט אַ בייזען ווילען: י — אַ.)

אַמאָל־אַמאָל — איך גלויב, אין איינטען יאָהר פון קריסט,
האָט די סיביל געזאָגט, אַ שכור'ע, נאָר ניט פון וויין:
„וועה, איצטער געהט עס ווינד און וויסט.
„אַלץ ניעדערט! אין אַ זומף, אַ טיעפען, איז די וועלט אריין!
„רוים איז אַ הור געוואָרען און זי זינגט אַ הורען־ליעד,
רוים'ס קיסר איז אַ פיך. גאָט גופא איז — אַ איד!" *)

* *
*

---

די פּראָזאַאישע איבערזעצונג פון זאַראַטוסטראַ'ס עפּיגראַם לויענט זיך אַזוי:

„פריהער אַ מאָל — איך גלויב, אין דעם יאָהר איינס פון דער ישועה — האָט די סיביל געזאָגט, אַ באַטרונקענע ניט פון וויין: „וועה, איצט

2.

די מלכים האבען געקליבען נחת פון אט די גראמען זאראַ־טוסטראַ׳ס; דער קעניג פון רעכטס אבער האט געזאגט: „אַ, זאַ־ראטוסטרא, ווי גוט האבען מיר געטאן, וואס מיר זיינען ארויסגע־צויגען, דיך צו זעהן!

מחמת די שונאים דיינע האבען אונז באוויזען דיין בילד אין זייער שפּיעגעל: דא האסטו אויסגעקוקט מיט דעם פּרצוף־פּנים פון א טייוועל און א חוזק־מאכער: אזוי אז מיר האבען זיך גע־שראקען פאר דיר.

אבער וואס איז געווען די פּעולה? כסדר האסטו אונז געשטאָ־כען אין אויער און הארץ מיט דיינע שפּרוכען. האבען מיר לסוף געזאגט: ווּעמעס דאגה, ווי ער זעהט אויס!

מיר מוזען איהם הערען, וואס לערענט: „איהר זאלט ליעבען דעם שלום, ווי א מיטעל צו נייע מלחמות און א קורצען שלום מעהר איידער א לאנגען!“

קיינער האט נאך ניט גערעדט אזעלכע קריעגערישע ווערטער: „וואס איז גוט? העלדיש־זיין איז גוט. דער גוטער קריעג איז דאס, וואס הייליגט יעדע זאך“.

אַ, זאראטוסטרא, דאס בלוט פון אונזערע אבות האט זיך ביי אזוינע ווערטער גערירט אין אונזער לייב: דאס איז געווען ווי די רעדע פון דעם פריהלינג צו אלטע וויין־פעסער.

ווען די שווערדען פלעגען לויפען איינער אין דעם אנדערן, ווי רויט־געפלעקטע שלאנגען, יעמאלט פלעגען אונזערע פאטערס פיה־לען דעם טעם פון לעבען; די זון פון יעדען פריעדען איז זיי אויס־

---

געהט עס משופּע! ניעדערפאל! ניעדערפאל! נאך קיינמאל איז די וועלט ניט געזונקען אזוי טיעף! רוים איז אראפּגעזונקען צו דער מדרגה פון א הור און פון א הורען־הייזעל, רוים׳ס צעזאר איז אראפּגעזונקען צו א פיך, גאט גופא איז — געווארען א איד!“ — דער איבערזעצער.

געקומען שלאף און לעבליך, א לאנגער שלום אָבער איז פאר זיי געוועזן א חרפּה.

ווי פלעגען זיי זיפצען, אונזערע אבות, ווען זיי האָבען אויף דער וואכר געזעהען די בליטץ־בלאנקע איינגעדארטע שווערדען! ווי יענע, האָבען אויף זיי געדאָרשט נאָך קריעג. א שווערד, ווייסט איהר, וויל טרינקען בלוט און פונקעלט פאר באגעהר.“ — —

— בשעת די מלכים האָבען אויף אזא'ן אופן מיט חשק גערעדט און געפּלאַפּלעט מכח דעם גליק פון זייערע אבות, האָט זאראטוסטרא געגומען פיהלען ניט קיין קליינע לוסט, צו שפּאָטען פון זייער חשק: וואָרים די מלכים, וואָס ער האָט געזעהען פאר זיך, זיינען געוועזן בעשיינפערליך זעהר פריעדליכע מלכים, מיט אלטע און איידעלע פּנים'ער. ער האָט זיך אָבער איינגעהאלטען. „איז גוט! האָט ער געזאָגט, אהינצו פיהרט דער וועג, דאָרטען ליעגט זאראטוסטרא'ס הייהל; און דער טאָג זאָל האָבען א לאנגען אָוועגט. איצטער אָבער רופט מיך געשווינד אוועק פון אייך א נויט־געשריי.

עס איז א כבוד פאר מיין הייהל, ווען מלכים וועלען זיצען אין איהר און ווארטען: אָבער, אמת, איהר וועט מוזען לאנג ווארטען!

נו, מילא! וואָס איז די בייז? וואו לערנט מען זיך היינט בעסער ווארטען איידער אין די הויפען? און די גאנצע רעכטשאַפענקייט פון די מלכים, וואָס איז נאָך געבליבען ביי זיי, — איז ניט היינט איהר נאָמען: ק אָ נ ע ן ווארטען?“

אזוי האָט גערעדט זאראטוסטרא.

*  *

*

## די פּיאווקע.

און זאראטוסטרא איז געגאנגען פארטראכטעהייט ווייטער און טיעפער, דורך וועלדער און פארביי זומפּיגע גרונטען; ווי עס טרעפט זיך אָבער מיט איטליכען, וואָס קלערט וועגען שווערע

ענינים, אזוי איז ער אויך דערבײַ אומגערן ארויפגעטרעטען אויף א מענשען. און תיכף האָט מיט אמאָל געגומען שפּריצען איהם אין פּנים אריין א וועה־געשריי און צוויי קללות און צוואנציג בייזע זידלערייען: אזוי אז ער האָט אין זיין שרעק אויפגעהויבען דעם שטעקען און האָט דעם געטראָטענעם נאָך אָנגעהויבען שלאָגען. באלד אָבער איז ער געקומען צום זינען; און זיין הארץ האָט גע־לאכט איבער דער נארישקייט וואָס ער האָט נאָר וואָס אָפּגעטאָן.

„זיי מיר מוחל, האָט ער געזאָגט צו דעם געטראָטענעם, וואָס האָט זיך אין כעס אויפגעהויבען און אוועקגעזעצט, זיי מיר מוחל און הער קודם כל א משל.

ווי א וואנדערער, וואָס טרוימט פון ווייטע זאכען אויף אן איינזאמער גאַס, שטויסט זיך אָן פארקוקטערהייט אָן א שלאָפענדען הונט, א הונט, וואָס ליעגט אין דער זון:

ווי אָט די ביידע צינדען זיך אָן און זידלען זיך, פונקט ווי שונאים אויף טויט, אָט די צוויי ביז אויף טויט איבערגעשראָקענע: אזוי איז דאָס אויך געשעהען מיט אונז.

און פונדעסטוועגען! און פונדעסטוועגען — ווי וועניג האָט געפעהלט, זיי זאָלען זיך האלזען, יענער הונט און יענער איינזא־מער! זיי זיינען דאָך ביידע — איינזאמע!“

— „ווער דו זאָלסט ניט זיין, האָט אַלץ נאָך אין כעס געזאָגט דער געטראָטענער, דו טרעטסט אויף מיר אויך מיט דיין משל, ניט נאָר מיט דיין פוס!

טו נאָר א קוק, בין איך דען א הונט?“ און דערבײַ האָט דער זיצענדער זיך אויפגעהויבען און האָט ארויסגעצויגען זיין נאקעטען אָרעם פון זומפּ. מחמת צוערשט איז ער געלעגען אויס־געשטרעקט אויף דער ערד, פארבאָרגען און אומקענטליך פונקט ווי די, וואָס לויערען אויף די ווילד־פויגלען פון דעם זומפּ.

„אָבער וואָס מאכסטו דאָ!“ האָט זאראטוסטרא אויסגערופען, א דערשראָקענער, ווייל ער האָט דערזעהען, אז א סך בלוט איז גע־פלאָסען איבער זיין נאקעטען אָרעם, — „וואָס פאר א סבה האָט

דיר געטראָפֿען? האָט דיך, שלים־מזל, אַ בייז באַשעפֿענים גע־ביסען?"

דער געבלוטיגטער האָט געלאַכט, אַלץ נאָך אין צאָרן. „וואָס איז דאָס דיין דאגה! האָט ער געזאָגט און געוואָלט אוועקגעהן. דאָ בין איך אין דערהיים און אין מיין ממשלה. זאָל מיך פֿרעגען ווער עס וויל: אַ שוטה אָבער וועל איך אסור ענטפֿערען."

„האָסט אַ טעות, האָט זאַראַטוסטראַ געזאָגט אין רחמנות און האָט איהם פֿעסט געהאַלטען, האָסט אַ טעות: דאָ ביסטו ניט ביי זיך, נייערט אין מיין ממשלה, און אין איהר זאָל מיר קיינער ניט קומען צו שאָדען.

רוף מיך פֿונדעסטוועגען ווי דו ווילסט, — איך בין, וואָס איך מוז זיין. איך אַליין אָבער רוף מיך זאַראַטוסטראַ.

נו־מילא! דאָרטען אַרויף פֿיהרט דער וועג צו זאַראַטוסטראַ'ס הייהל, — ווילסטו ניט ביי מיר אויפֿפּאַסען אויף דיינע וואונדען?

עס איז דיר, אומגליקליכער, שלים געגאַנגען אין אָט דעם לע־בען. פֿריהער האָט דיך די חיה געביסען, און דערנאָך האָט דיך געטראָטען דער מענש!" — —

אַז דער געטראָטענער האָט אָבער דערהערט זאַראַטוסטראַ'ס נאָמען, האָט ער זיך אין גאַנצען געביטען. „וואָס טוט זיך דאָ מיט מיר! האָט ער אויסגערופֿען, פֿאַר װ ו ע מ ע ן אַרט מיך נאָך אין אָט דעם לעבען אויב ניט פֿאַר אײ ן מענשען, איך מיין, זאַראַ־טוסטראַ, און פֿאַר איין באַשעפֿעניש, וואָס לעבט פֿון בלוט, איך מיין, די פּיאַווקע.

צוליעב דער פּיאַווקע בין איך דאָ אין דעם זומף געלעגען, ווי אַ פֿישער, און שוין איז מיין אַראָפּגעהאַנגענער אָרעם צעהן מאָל אָנגעביסען געוואָרען, ערשט נאָך אַ שענערע פּיאַווקע האָט מיך צוליעב מיין בלוט געביסען, זאַראַטוסטראַ אַליין!

אָ גליק! אָ וואונדער! געלויבט זאָל זיין דער טאָג, וואָס האָט מיך אָט אין דעם זומף פֿאַרפֿיהרט! געלויבט זאָל זיין דער

בעסטער לעבעדיגער זויג־גלאָז, וואָס לעבט איצטער, געלויבט זאָל זיין די גרויסע געוויסענס־פּיאווקע זאראַטוסטראַ!" —

אזוי האָט גערעדט דער געטראָטענער; און זאראַטוסטראַ האָט זיך געפרעהט פון זיינע ווערטער און פון זייער איידעלער אַרט יראת־הכבוד. „ווער ביסטו? האָט ער געפרעגט און האָט איהם דערלאַנגט די האַנט, עס פאַרבלייבט נאָך אַ סך וואָס אויפצוקלערען און אויפצולויכטען צווישען אונז: אָבער מיר דוכט, עס ווערט שוין ריינער העלער טאָג."

„איך בין דער געוויסען־שטרענגערפון דעם גייסט, האָט געענטפערט דער אָנגעפרעגטער, און אין ענינים פון גייסט איז ניט גרינג פאַר עמיצען צו זיין שטרענגער, ענגער און האַרטער איידער איך, א־חוץ יענעם, פון וועמען איך האָב דאָס געלערנט, זאראַטוסטראַ'ן גופא.

ליעבערשט גאָר ניט וויסען, איידער וויסען אַ סך און נאָר האַלב. ליעבערשט זיין אַ נאַר אויף דעם אייגענעם חשבון, איידער אַ חכם לויט אַ פרעמדענס באַטראַכט! איך — לאָז מיך אַראָפּ ביז צום גרונט:

—— וועמעס דאַגה, צי ער איז גרויס אָדער קליין? צי ער רופט זיך הימעל אָדער זומף? מיר איז גענוג אַ גרונט, אַ האַנט די ברייט: אויב דאָס איז נאָר באמת אַ גרונט און אַ יסוד!

— אַ גרונט אַ האַנט די ברייט: אויף דעם קאָן מען שוין שטעהן. אין דער ריכטיגער וויסען־געוויסענשאַפט איז גאָרנישט גרויס און גאָרנישט קליין."

„ביסטו דאָס אפשר דער אויספאָרשער פון דער פּיאווקע? האָט זאראַטוסטראַ געפרעגט; און דו געהסט נאָך נאָך דער פּיאווקע ביז צו די לעצטע גרונטען, דו געוויסענהאַפטער?"

„אָ, זאראַטוסטראַ, האָט געענטפערט דער געטראָטענער, דאָס וואָלט געווען עפּעס מורא'דיגס, ווי וואָלט איך געקאָנט האָבען די העזה צו אזא זאַך!

אָבער אַ מייסטער און אַ בקי בין איך אין דער פּיאַווקע׳ס מאַרך: אָט דאָס איז מ י י ן וועלט!

און דאָס איז אויך אַ וועלט! נעם ניט פאַר אומגוט, וואָס מיין שטאָלץ קומט דאָ צום וואָרט, ווייל אין דעם ענין האָב איך ניט מיין גלייכען. דעריבער האָב איך געזאָגט „דאָ בין איך אין דער־היים“.

ווי לאַנג פאַרטיעף איך מיך אין אָט דעם איין־איינציגען ענין, דעם מאַרך פון דער פּיאַווקע, כדי דער גליטשיגער אמת זאָל זיך ניט אַרויסגליטשען פון מיר! דאָ איז מ י י ן ממשלה!

— צוליעב דעם האָב איך אַוועקגעוואָרפען אַלע אַנדערע זאַ־כען, צוליעב דעם זיינען מיר אַלע אַנדערע זאַכען געוואָרען גלייכ־גילטיג; און גערדיכט נעבען מיין וויסען ליעגט מיין שוואַרצע עם־הארצות.

מיין געוויסען פון דעם גייסט פאָדערט פון מיר, איך זאָל נאָר איין ענין וויסען און אַלע אַנדערע ענינים ניט וויסען. עס שלאָגט מיר צו דער גאָל פון אַלע האַלבע אין דעם גייסט, אַלע שוועבענדע, דאַמפּיגע, פאַר׳חלום׳טע.

וואו מיין אָרענטליכקייט הערט אויף בין איך בלינד און וועל אויך בלינד זיין. אָבער דאָרטען, וואו איך וויל וויסען, וויל איך אויך זיין אָרענטליך, דאָס הייסט האַרט, שטרענג, ענג, אכזריש, אומ־דערבעטען.

וואָס ד ו האָסט אַמאָל געזאָגט, אָ זאַראַטוסטראַ: „גייסט איז לעבען, וואָס שניידט אין לעבען אַריין! אָט דאָס האָט מיך געפיהרט און פאַרפיהרט צו דיין לעהרע. און, באמת, מיט מיין בלוט האָב איך געמעהרט מיין אייגענעם וויסען!“

— „ווי מען זעהט דאָס באַשיינפּערליך“, האָט איהם איבער־געשלאָגען זאַראַטוסטראַ; ווייל אויף דעם נאַקעטען אָרעם פון דעם געוויסענהאַפטען איז אַלץ נאָך אַראָפּגעפלאָסען בלוט. מחמת צעהן פּיאַווקעס האָבען זיך אין איהם איינגעביסען.

אָ, דו וואונדערליכער חברה־מאַן, ווי פיעל לערנט מיך אָט די

בעשיינפערליכקייט, איך מיין, דו נופא! און ניט אלץ האב איך מן הסתם געטארט גיסען אין דיינע שטרעננע אויערען!

גריילעך וואלט איך געוואלט פאררריכטען אויף דיין לייב, וואס איך גריילעך געוואלט דיך געפינען נאך א מאל. דארטען ארויף פיהרט דער וועג צו מיין הייהל: היינט ביינאכט קאנסטו מיר דארטען זיין א ליעבער גאסט!

גריילעך וואלט איך געוואלט פאררריכטען אויף דיין לייב, וואס זאראטוסטרא האט דיך געטראטען מיט די פיס: איך טראכט וועגען דעם. איצטער אבער רופט מיך א נויט געשריי געשווינד אוועק פון דיר.״

אזוי האט גערעדט זאראטוסטרא.

* *

*

## דער צויבערער.

### 1.

אז זאראטוסטרא האָט אָבער ארומגעבויגען א פעלז, האָט ער דערזעהען ניט ווייט אונטער זיך, אויף דעמזעלביגען וועג, א מענשען, וואָס האָט געוואָרפען מיט די איברים, ווי אַ משוגע'נער, און לסוף איז ער אַנידערגעפאַלען מיט'ן בויך אויף דער ערד. „ווארט! האָט דאָ זאראטוסטרא געזאָגט צו זיך אין זיין הארצען. אָט דער־אָ מוז משמעות זיין דער העכערער מענש, פון איהם איז דאָס געקומען יענער שלימער נויט־געשריי, — לאָמיך זעהן, צי איך קאָן איהם העלפען“. אז ער איז אָבער צוגעלאָפען צו דער שטעל, וואו דער מענש איז געלעגען אויף דער קרקע, האָט ער געפונען אַ ציטערענדען אלטען מאַן מיט פארגליווערטע אויגען; און וויפיעל זאראטוסטרא האָט זיך ניט געמיהט אויפצוהויבען איהם און אוועקצושטעלען אויף די פיס, איז דאָס געוועזן אומזיסט. עס האָט אויך אויסגעוויזען, ווי דער אומגליקליכער וואָלט ניט געמערקט, אַז עמיצער איז ארום איהם; פארקערט: ער האָט זיך כסדר ארומגעקוקט מיט ריהרענדע האוואיעס, ווי איינער, וואָס איז א פארלאָזענער פון דער גאַנצער וועלט און א פאראיינזאמטער. לסוף אָבער, נאָך אַ כך ציטערען און זיך צונויפקרעמפען, האָט ער אָנגעהויבען אזוי צו יאָמערען:

ווער וואַרעמט מיך, ווער ליעבט מיך נאָך?
גיט הייסע הענט!
גיט קויהלען־בעקענס פון דעם הארצענס פלאַם!
צן אויסגעשטרעקטער, שוידערענד,
ווי אַ האלב־טויטער, וואָס מען וואַרעמט זיינע פיס,
געטרייסעלט, אַך! פון אומבאַקאַנטע פיעבערס,

דערציטערט פון די שארפע אייזינ־קאלטע פיילען
פון דעם פראסט,
פון דיר געיאגט, גערדאנק!
דו, אהן־א־נאמען! דו, פארבארגענער! דו, שרעקליכער!
דו, יעגער הינטער וואלקענס!
אנידער האסטו מיך געווארפען מיט דיין בליץ,
דו חוזק־אויג, וואס קוקט אויף מיר פון טונקעל:
אזוי־א ליעג איך,
בויג מיך און ווינד מיך, געפייניגט
פון אלע אייביגע יסורים,
געטראפען
פון דיר, דו אכזרי׳שער
דו אומבאקענטער גאט!

טריף איין נאך טיעפער!
טריף איין נאך א מאל!
צושטעך, צוברעך אט דאס הארץ!
צו וואס מיך פייניגען מיט
טעמפ־ציינערנע פיילען?
וואס קוקסטו ווידער,
ניט זאט פון מענשען־צער,
מיט בייז־פריידיגע, געטער־בליץ־אויגען?
ניט טויטען ווילסטו
נאר פייניגען, פייניגען?
צו וואס פייניגען,
בייז־פריידיגער, דו אומבעקאנטער גאט? —
כא־כא! דו שארסט זיך צו?
וואס ווילסטו פון מיר — זאג!
אין אזא האלבער נאכט?
דו שטופסט מיך, דריקסט מיך —

הא! שוין פיעל צו גאָהענט!
אוועק! אוועק!
דו הערסט מיך עטעמען,
הערסט אויס מיין הארץ,
דו, אייפערזיכטיגער —
אויף וואָס דען אייפערזיכטיג?
אוועק! אוועק! צו וואָס די לייטער?
ווילסטו אריין
אין הארצען?
אריינשטייגען, אין די בעהאלטענסטע
מיינע געדאנקען ווילסטו אריינשטייגען?
די חוצפה! אומבעקאנטער — גנב!
וואָס ווילסטו דאָרטען גנב'ענען?
וואָס ווילסטו דאָרטען אויסנישטערען?
וואָס זוכסטו מיט דיין מאטערען,
דו מאטערער!
דו תליון־נאָם!
אָדער זאָל איך, גלייך ווי א הונט,
פאר דיר אין שטויב מיך קייקלען?
זיך איבערגעבענדיג, בענייסטערט־אויסער־זיך
דיר ליעבע שאָקלען מיט מיין עק?
אומזיסט! שטעך ווייטער,
אכזר'ישער שטעכער! ניין,
ניט קיין הונט, נאָר דיין ווילד־פאנג בין איך,
דו אכזר'ישער יעגער!
דיין שטאָלצעסטער געפאנגענער,
דו רויבער הינטער וואָלקענס!
רייד דאָך א מאָל!
וואָס ווילסטו, וועג־רויבער, פון מ י ר?

דו בליץ־פארדעקטער! אומבעקאנטער?
זאָג,
וואָס ווילסטו, אומבעקאנטער — גאָט? —

וואָס? אויסקויף־געלד?
מה יקר? וויפיעל ווילסטו?
פארלאנג א סך — דאָס ראָט מיין שטאָלץ!
און רייד וואָס ווייניגער — דאָס ראָט מיין
צנרער שטאָלץ!

כאכא!
מ י ך — ווילסטו? מיך?
מיך — גאנץ?

כאכא!
און מאַטערסט מיך, נאר, וואָס דו ביסט,
צומאַטערסט מיר מיין שטאָלץ?
גיב ל י ע ב ע מיר, ווער ווארעמט מיך?
ווער ליעבט מיך נאָך? גיב הייסע הענט,
גיב קוילען־בעקענס פון דעם הארצענס־פלאַם,
גיב מיר, דעם איינזאַמסטען,
וואָס איהם האָט אייז, אך! זיעבענפאכער אייז
געלערנט שמאכטען נאָך די פיינד,
נאָך שונאים גופא,
גיב, יע, גיב איבער,
אכזר׳ישסטער פיינד,
מיר — ד י ך — —

אוועק איז ער!
אנטלאָפען איז ער אויך,

דער איינציגער לעצטער חבר מיין,
מיין גרויסער פיינד,
מיין אומבעקאַנטער,
מיין תליון־גאָט! —

ניין! קום צוריק
מיט אַלע דיינע פּייניגונגען!
צום לעצטען פון די אַלע איינזאַמע,
אָ, קום צוריק!
אַל' מיינע טרערען־שטראָמען לויפען
צו דיר אין זייער לויף!
און מיינע לעצטע הארצענס־פלאמען
פאר דיר זיי גליהען אויף!
אָ, קום צוריק,
מיין אומבעקאַנטער גאָט! מיין שמארץ! מיין
לעצטער גליק!

* *
*

2.

— דאָ האָט אָבער זאראטוסטרא שוין מעהר ניט געקאָנט זיך איינהאַלטען, האָט גענומען זיין שטעקען און האָט מיט כל הכחות געשלאָגען דעם יאָמערענדען מאַן. „הער אויף! האָט ער געשריען צו איהם מיט א צאָרענדיגען געלעכטער, האַלט איין, דו אקטיאָר! דו פאַלשע־מטבע'ניק! דו ליגנער פון טיעפען גרונט! איך דער־קען דיך, ווער דו ביסט!

איך וועל שוין דיר דיינע פיס ווארעם מאַכען, דו שלימער צויבערער, איך פארשטעה גוט דעם עסק, ווי איינצוהייצען אַזוינע ווי דו!"

— „לאָז מיך אָפּ, האָט געזאָגט דער זקן און איז אויפגע־

שפּרונגען פון דער ערד. שלאָג ניט מעהר, אַ זאַראַטוסטראַ! איך האָב געטאָן דאָס נאָר צום שפּיעל!

אַזעלכע זאַכען געהערען צו מיין קונסט; איך האָב דיך גופא געוואָלט אַוועקשטעלען אויף דער פּראָבע, ווען איך האָב דיר אָט די פּראָבע געגעבען! און, בנאמאנות, דו האָסט מיך גוט דורכ־געבליקט.

אָבער אויך דו האָסט מיר ניט קיין קליינע פּראָבע געגעבען: דו ביסט ה אַ ר ט, דו קלוגשאַפּענער זאַראַטוסטראַ. דו שלאָגסט האַרט מיט דיינע „אמת'ען", דיין שטעקען צווינגט אַרויס פון מיר — אָ ט ד ע ם אמת!"

— „חנפה ניט, האָט געענטפערט זאַראַטוסטראַ, אַלץ נאָך אַן אויפגערעגטער און מיט פינסטערע בליקען, דו אַקטיאָר פון טיעפען גרונט! דו ביסט פאַלש: וואָס רעדסטו — מכח דעם אמת!

דו פּאַווע שב'פּאַווע, דו ים פון קליין־כבוד־זוכט, ו ו אָ ס שפּיעלסטו פאַר מיר, דו שלימער צויבער־ער, אין ו ו ע מ ע ן האָב איך געזאָלט גלויבען, ווען דו האָסט געיאָמערט אין אַזאַ גע־שטאַלט?"

„דער ב ע ל ־ ת ש ו ב ה פ ו ן ד ע ם ג י י ס ט, האָט געזאָגט דער אַלטער מאַן, — אָט א י ה ם, האָב איך געשפּיעלט: דו אַליין האָסט אַמאָל אויסגעטראַכט אָט דאָס וואָרט —

— דעם פּאָעט און דעם צויבערער, וואָס לסוף ווענדט ער זיין גייסט אַנטקעגען זיך גופא, דעם פאַר'אַנדערשטען, וואָס דערפרירט פון זיין בייזען וויסען און געוויסען.

און זיי זיך נאָר מודה: עס האָט געדויערט לאַנג, אַ זאַראַ־טוסטראַ, ביז דו האָסט געטראָפען מיין קונסט און שקר! דו האָסט ג ע ג ל ו י ב ט אין מיין נויט, ווען דו האָסט מיר דעם קאָפּ מיטביידע הענט געהאַלטען, —

איך האָב געהערט, ווי דו האָסט געיאָמערט: „מען האָט איהם צו וועניג געליעבט, צו וועניג געליעבט! וואָס איך האָב דיך

אזוי סיעף אפגענארט, דערפון האט אינגוועניג געקוואלען סיין רשעות.״

„דו האסט מן הסתם אפגענארט נאך איידעלערע מענשען איידער איך, האט זאראטוסטרא געזאגט הארט. איך היט מיך ניט אפ פון רמאים, איך מ ו ז זיין אומפארזיכטיג: אזוי וויל עס מיין גורל.

דו אבער — מוזט אפנארען: אויף אזוי ווייט קען איך דיך! דו מוזט תמיד זיין צוויי־דריי־פיער־פינף־דייטיג! אויך דאס, אין וואס דו האסט זיך איצטער מודה געווען, איז פאר מיר בשום אופן ניט גענוג אמת און ניט גענוג פאלש!

דו שלימער פאלשע־מטבע׳ניק, ווי וואלסטו דען געקאנט אנ־דערש זיין! דו וואלסט נאך דיין קראנקהייט בעפארבט, ווען דו וואלסט בעדארפט ווייזען זיך א נאקעטער פאר דיין רופא.

אזוי האסטו נאר וואס בעפארבט דיין ליגען, בעת דו האסט געזאגט: „איך האב דאס געטאן נ א ר צום שפיעל!״ אין דערין איז אויך ע ר נ ס ט געווען, דו ב י ס ט א שמץ פון א גייסט־בעל־תשובה!

איך טרעף ריכטיג, ווער דו ביסט: דו ביסט געווארען אלע־מענס באצויבערער, אבער אויף זיך האסטו שוין ניט איבערגעלא־זען קיין ליגען און קיין שמד־שטיק, — דו גופא ביסט אן אנט־צויבערטער פאר זיך אליין!

דו האסט געשניטען פון דיין פעלד נאר דעם עקעל, ווי דיין איינציגען אמת. קיין אייןווארט איז ביי דיר ניט עכט, א־חוץ דיין מויל: איך מיין די חלשות, וואס קלעפט זיך ארום דיין מויל.״

— „ווער ביסטו דאך! האט דא אויסגעשריען דער אלטער צויבערער מיט א צולהכעיס־שטים, ווער דערוועגט זיך צו ריידען אזוי צו מ י ר, דעם גרעסטען פון די וואס לעבען היינט?״ — און א גרינער בליץ האט א שאס געטאן פון זיין אויג אויף זארא־טוסטרא׳ן. אבער בצלד נאכדעם האט ער זיך געאנדערשט און האט טרויעריג געזאגט:

„אָ, זאראַטוסטרא, איך האַלט דאָס ניט אויס, עס שלאָגט מיר צו דער גאַל פון מיינע קונסטען, איך בין ניט ג ר ו י ס, וואָס זאָל איך מיך פאַרשטעלען! אָבער, דו ווייסט דאָך דאָס — איך האָב געזוכט גרויסקייט!

א גרויסען מענשען האָב איך געוואָלט פאַרשטעלען און האָב א סך מענשען איינגעשמועסט: אָבער אָט דער שקר האָט אריבער־געשטיגען מיין קראַפט. איך ווער צובראָכען דורך איהם.

אָ זאראַטוסטרא, אַלץ אין מיר איז שקר, אָבער אָט דער צו־ברעכען מיינער, וואָס איך צוברעך, — אָט דאָס אין מיר איז ע כ ט!" —

„עס טוט דיר אָן כבוד, האָט זאראַטוסטרא פינסטער געזאָגט און האָט אראָפּגעבליקט אָן א זייט, עס טוט דיר אָן כבוד, וואָס דו האָסט געזוכט גרויסקייט, אָבער דאָס טוט אויך דיך פאַר־מסר'ן, גרויס ביסטו ניט.

דו שלימער אַלטער צוויבערער, אָט ד אָ ס איז די בעסטע און אָרענטליכסטע זאַך אין דיר, וואָס דו ביסט געוואָרען מיעד פון זיך גופא און האָסט דאָס ארויסגעזאָגט: „איך בין ניט גרויס".

א י ן ד ע ם גיב איך אָפּ כבוד דיר, ווי א בעל־תשובה פון דעם גייסט, און הגם נאָר פאַר א בלאָז און א רגע, אָבער אין דעם הרף־עין ביסטו געווען — עכט.

אָבער זאָג, וואָס זוכסטו דאָ אין מיינע וועלדער און פעלזען? און בעת דו האָסט זיך אוועקגעלייגט מ י ר אין וועג, וואָס פאַר א פּראָבע האָסטו געוואָלט פון מיר? —

אין וואָס האָסטו געוואָלט אויף דער פּראָבע שטעלען מ י ך?"

אזוי האָט גערעדט זאראַטוסטרא, און זיינע אויגען האָבען געפונקעלט. דער אַלטער צוויבערער האָט א ווײַלע געשוויגען, דערנאָך האָט ער געזאָגט: „האָב איך געוואָלט דען דיך ברענגען אין א נסיון? איך — זוך נאָר.

אָ זאראַטוסטרא, איך זוך אַן עכטען, רעכטען, פּשוט'ען איין־

דייטיגען, אַ מענשען פון גאָר דער אָרענטליכקייט, אַ געפּעס פון קלונגשאַפט, אַ הייליגען פון דער דערקענטניס, אַ גרויסען מענשען!

ווייסטו עס דען ניט, אָ זאַראַטוסטראַ? איך זוך זאַראַטוסטראַ׳ן."

— און דאָ איז אויפגעשטאַנען צווישען ביידען אַ לאַנגער שטיל־שווייגען; זאַראַטוסטראַ אָבער איז אַריינגעזונקען אין זיך גופא אַזוי טיעף, אַז ער האָט צוגעמאַכט די אויגען. דערנאָך אָבער, צוריקגעקומען צו דעם מאַן פון זיין שמועס, האָט ער אַ נעם געטאָן די האַנט פון דעם צויבערער און האָט געזאָגט פול איידעלקייט און הינטער־געדאַנק:

„נו־מילא! דאָרטען פיהרט דער וועג אַרויף, דאָרטען ליעגט זאַראַטוסטראַ׳ס הייהל. אין איהר מעגסטו זוכען דעם, וועמען דו האָסט געוואָלט געפינען.

און פרעג אָן עצה ביי מיינע חיות, ביי מיין אָדלער און מיין שלאַנג: זיי זאָלען דיר העלפען זוכען. מיין הייהל איז אָבער אַ גרויסע.

איך אַליין, אמת — איך האָב נאָך קיין גרויסען מענשען ניט געזעהן. וואָס עס איז גרויס, דערויף איז היינט דאָס אויג פון די דינסטע מענשען נאָך צו גראָב. עס איז די ממשלה פון דעם המון.

ניט איינעם אַזאַ האָב איך שוין געפונען, וואָס האָט זיך געשטרעקט און אויפגעבלאָזען, און דאָס פאָלק האָט געשריען: „זעהט, דאָ איז אַ גרויסער מענש"! אָבער וואָס איז די פּעולה פון אַלע בלאָז־זעק! לסוף געהט דער ווינט אַרויס.

לסוף פּלאַצט אַ פראָש, וואָס האָט זיך צו לאַנג אויפגעבלאָזען: און דער ווינט געהט אַרויס. אַ געשוואָלענעם אין בויך שטעכען, דאָס איז אַ וואוילע פאַרווייַלונג. הערט דאָס, איהר אינגלעך!

אַט דער היינט איז דעם המון'ס: ווער קאָן דאָ נאָך וויסען, וואָס גרויס איז און וואָס קליין! ווער האָט דאָ גליק געהאַט אין זוכען גרויסקייט! נאָר א נאַר: נאַראָנים האָבען מזל.

דו זוכסט א גרויסען מענשען, דו וואונדערליכער נאַר? ווער האָט דיך דאָס געלערנט? איז היינט די צייט דערצו? אָ, דו שלימער זוכער, וואָס — ברענגסטו מיך אין נסיון?" — —

אזוי האָט גערעדט זאַראַטוסטראַ, מיט א געטרויסטען האַר־צען, און איז אוועקגעגאַנגען לאַכענדיג פאָראויס אין זיין וועג.

*    *

*

## ארויס פון דיענסט.

ניט לאַנג אָבער נאָכדעם, ווי זאַראַטוסטראַ האָט זיך בע־פרייט פון דעם צויבערער, האָט ער ווידער דערזעהען עמיצען, וואָס איז געזעסען ביים וועג, אין וועלכען ער איז געגאַנגען; דאָס מאָל א שוואַרצען לאַנגען מאַן מיט אַן איינגעשרומפּענעם בלייכען פּנים: ד ע ר האָט איהם טיעף פאַרדראָסען. „וועה געשריען, האָט ער געזאָגט צו זיך אין האַרצען, דאָ זיצט די פאַרקליידטע מרה־שחורה, און עס דוכט מיר אויס, זי איז פון דער גלחים־גזע: וואָס ווילען ז י י אין מיין ממשלה?

וואָס! קוים אַנטרונען פון יענעם צויבערער, מוז מיר דאָ ווידער אַן אַנדער שוואַרץ־קינסטלער אריבערלויפען דעם וועג, —

— עפּעס א מכשף מיט ארויפלייגען־הענט, א טונקעלער בעל־מופת פון גאָטס גענאָד, א געזאַלבטער וועלט־פאַרשוואַרצער, ווע־מען דער רוח האָט געמאָגט נעמען!

אָבער דער טייוועל איז קיינמאָל ניטאָ דאָרטען, וואו מען דאַרף איהם האָבען: תמיד קומט ער צו שפּעט, אָט דער פאַר־שאָלטענער קאַרליק און „קרום־פוס!"

אזוי האָט זאַראַטוסטראַ געשאָלטען אומגעדולדיג אין זיין האַרצען, און האָט געטראַכט, ווי ער זאָל זיך מיט אַן אָפּגעקערטען

בליק פארביי־גנבה׳נען פארביי דעם שווארצען מאן: ערשט עס האט אנדערש פאסירט. מחמת אין דעם זעלבינגען אויגענבליק האט דער זיצענדער מענש איהם שוין דערזעהען; און כמעט ווי איינער, וועמען עס איז צוגעפאלען אן אומדערווארטעטער גליק איז ער אויפגעשפרונגען און האט זיך א לאז געטאן צו זאראטוס־טרא׳ן.

„ווער דו זאלסט ניט זיין, דו וואנדער־מענש, האט ער גע־זאגט, העלף א פארבלאנדזשעטען, א זוכענדען, אן אלטען מאן, וואס קאן דא געשעדיגט ווערען!

אט די וועלט דא איז מיר פרעמד און ווייט, איך האב אויך געהערט וואויען ווילדע חיות; און ד ע ר, וואס וואלט מיר גע־קאנט געבען שוץ, יענער איז שוין אליין מעהר ניטא.

איך האב געזוכט דעם לעצטען פרומען מענשען, א הייליגען און א מתבודד, וואס האט אליין אין זיין וואלד נאך גארנישט גע־הערט פון דעם, וואס די גאנצע וועלט וויס היינט."

„ו ו א ס וויים היינט די גאנצע וועלט? האט זאראטוסטרא געפרעגט. אפשר דאס, אז דער אלטער גאט לעבט ניט מעהר, אין וועלכען די גאנצע וועלט האט אמאל געגלויבט?"

„אט אזוי ווי דו זאגסט, האט געענטפערט דער אלטער מאן אין נרוים אומעט. און איך האב געדיענט יענעם אלטען גאט ביז צו זיין לעצטער שעה.

איצט אבער בין איך ארוים פון דיענסט, אהן א האר, און פארט ניט פריי, אויך ניט מעהר לוסטיג אפילו א שעה, סיידען אין זכרונות.

צוליעב דעם בין איך אין אט די בערג ארויף, איך זאל צום סוף ווידער א מאל מאכען א יום־טוב פאר מיר, ווי עס פאסט זיך כאר אן אלטען פויפסט און קירך־פאטער: ווייל זיי וויסען, איך בין דער לעצטער פויפסט! — א יום־טוב פון פרומע זכרונות און גאט־דיענסטען.

איצט אבער איז ער גופא געשטארבען, דער פרימסטער

מענש, יענער הייליגער אין וואלד, וואָס האָט זיין גאָט שטענדיג געלויבט מיט זינגען און ברומען.

איהם גופא האָב איך שוין ניט געפונען, ווען איך האָב זייןביידעל געפונען, — דערפאַר אָבער אין איהר צוויי וועלף, וואָס האָבען געיאָמערט אויף זיין טויט — ווייל אַלע חיות האָבען איהם ליעב געהאַט. בין איך אַנטלאָפען פון דאָרטען.

בין איך, הייסט עס, אומזיסט געקומען אין אָט די וועלדער און בערג? האָט מיין הארץ אָפּגעמאַכט ביי זיך, אַז איך האָב גאָר אַן אַנדערען געזוכט, דעם פרימסטען פון אַלע יענע, וואָס גלויבען ניט אין גאָט, — אַז איך האָב געזוכט זאַראַטוסטראַ'ן!"

אַזוי האָט גערעדט דער זקן און האָט געקוקט מיט אַ שאַרפען בליק אויף דעם, וואָס איז געשטאַנען פאַר איהם; זאַראַטוסטראַ אָבער האָט אַז גענומען די האַנט פון דעם אַלטען פויפּסט און זי לאַנג מיט באַוואונדערונג בעטראַכט.

„טו אַ קוק, דו חשוב'ער מענש, וואָס פאַר אַ שעהנע און לאַנגע האַנט: דאָס איז די האַנט פון אַזאַ, וואָס האָט שטענדיג ברכות אויסגעטיילט. איצטער אָבער האַלט זי פעסט יענעם, וועל־כען דו זוכסט, מיך, זאַראַטוסטראַ'ן.

דאָס בין איך, דער כופר בעיקר זאַראַטוסטראַ, וואָס זאָגט: ווער לייקענט מעהר אין גאָט, איידער איך, איך זאָל מיך דער־פרעהען מיט זיין למוד?"

אַזוי האָט גערעדט זאַראַטוסטראַ און האָט דורכגעגבערט מיט זיינע בליקען די געדאַנקען און הינטער־געדאַנקען פון דעם אַלטען פויפּסט. לסוף האָט יענער אָנגעהויבען:

„ווער עס האָט איהם מעהר פאַר אַלעמען געהאַט און גע־ליעבט, יענער האָט איהם ממילא אויך מעהר פאַר אַלעמען פאַר־לאָרען —:

— זעה, הפנים, אַז פון אונזביידען בין איך גופא איצטער דער גרעסערער כופר־בעיקר? אָבער ווער וואָלט זיך געקאָנט פרעהען דערפון!"

— „דו האָסט איהם געדיענט ביז צולעצט, ווייסטו ווי ער איז געשטאָרבען? האָט זאראטוסטרא געפרעגט, פארזונקען אין געדאנק, נאָך א טיעפען שווייגען. איז דאָס אמת, וואָס מען זאָגט, אז די רחמנות האָט איהם דערוואָרגען,

— אז ער האָט געזעהן, ווי דער מ ע נ ש איז געהאנגען אויף דעם צלם, און האָט ניט געקאָנט אריבערטראָגען, אז די ליעבע צו דעם מענשען זאָל ווערען דער גיהנום זיינער און לסוף אויך זיין טויט? — —“

דער אלטער פויפסט האָט אָבער ניט געענטפערט, נייערט שרעקעדיג געקוקט אָן א זייט און מיט א שמערצליך־פינסטערן אויסדרוק.

„לאָז איהם געהן, האָט זאראטוסטרא געזאָגט נאָך א לאנגען טראכטען, בעת ער האָט נאָך אלץ געקוקט דעם אלטען מאן גלייך אין אויג אריין.

לאָז איהם געהן, עס איז אויס מיט איהם. און אויב עס טוט דיר אָן כבוד, וואָס דו רעדסט נאָר גוטס אויף אָט דעם שכיב־מרע, ווייסטו דאָך אזוי גוט, ווי איך, ו ו ע ר ער איז געווען און אז ער איז געגאנגען אין וואונדערליכע וועגען.“

„אונטער דריי אויגען גערעדט, האָט געזאָגט דער פויפסט, אָן אויפגעהייטערטער (ווייל ער איז געווען בלינד אויף איין אויג), אין די ענינים מכוח גאָט בין איך אויפגעקלערטער איידער זאראטוסטרא אליין — און אזוי דארף דאָס זיין.

מיין ליעבע האָט איהם לאנגע יאָהרען געדיענט, מיין ווילען איז נאָכגעגאנגען נאָך גאָר זיין ווילען. א גוטער דיענער ווייס אָבער אלץ, און אויך ניט ווייניג זאכען, וואָס דער האר בעהאלט פון זיך אליין.

ער איז געווען א פארבאָרגענער גאָט, פול מיט סודות. באמת, אפילו א זוהן האָט ער בעקומען ניט אנדערש ווי אויף גניבה'שע וועגען. ביי דער טיר פון זיין גלויבען שטעהט אָן אשת איש.

ווער עס לויבט איהם, ווי א גאָט פון ליעבע, טראכט ניט גענוג

הויך פון דער ליעבע גופא. האָט יענער גאָט ניט געוואָלט זיין אויך אַ שופט? אָבער דער ליעבענדער ליעבט פון יענער זייט לוין און מדה כנגד מדה.

בעת ער איז געווען יונג, אַט דער גאָט פון מזרח־לאַנד, איז ער געווען האַרט און נקמה־פול און האָט זיך אַ גיהנום אויפגעבויט פאַר דעם תענוג פון זיינע ליעבלינגע.

לסוף אָבער איז ער אַלט געוואָרען און ווייך און צוקראָכען און רחמנות׳דיג, מעהר מיט דעם אָנבליק פון אַ זיידען, איידער פון אַ פאָטער, אָדער מעהר פאַר אַלץ — מיט דעם אָנבליק פון אַ וואַקעלדיגער באָבען.

אַ פאַרוועלקטער איז ער זיך געזעסען אין זיין ווינקעל, ביים אויוועז, האָט זיך מצער געווען וועגען די שוואַכע פיס זיינע, וועלט־מיעד, ווילענס־מיעד, און איז אין איין שעהנעם טאָג דערשטיקט געוואָרען פון גרויס רחמנות.״ — —

„דו אַלטער פויפּסט, האָט דאָ אין מיטען אַריינגערעדט זאַראַ־טוסטראַ, האָסטו ד אָ ס מיט דיינע אויגען געזעהען? אודאי האָט דאָס געקאָנט זיך פאַרלויפען אַזוי: אַזוי, און אויך אויף אַן אַנדער אופן. ווען געטער שטאַרבען, שטאַרבען זיי תמיד מיט פיעלערליי אַרטען מיתות.

אָבער — לאָז זיין! אַזוי אָדער אַזוי, אַזוי און אַזוי — עה איז אוים! ער איז געווען צואווידער מיין געשמאַק פאַר מיינע אויערען און אויגען, אַן ערגערע זאַך וויל איך ניט זאָגען נאָך איהם.

איך ליעב אַלץ, וואָס בליקט העל און רעדט אָרענטליך. אָבער ער — דו ווייסט דאָך, דו אַלטער כומר, עס איז געווען אין איהם עפּעס פון דיין טבע, פון דעם גלחים־שטייגער — ער איז געווען פיעל־דייטיג.

ער איז אויך געווען אומדייטליך. וויפיעל האָט ער, דער צאָרן־פרייכער, געצאָרענט אַנטקעגען אונז, אַלעמאַי מיר האָבען איהם שלעכט פאַרשטאַנען! אָבער אַלעמאַי האָט ער ניט גערעדט קיין קלאָרע דבורים?

און אויב שולדיג זיינען געווען אונזערע אויערען, אַלעמאַי
האָט ער אונז געגעבען אויערען, וואָס האָבען איהם שלעכט געהערט?

אויב שלאָם איז געווען אין אונזערע אויערען, אדרבה! ווער
האָט דאָס אריינגעלייגט אהין?

צו פיע' זאַכען האָבען זיך איהם ניט איינגעגעבען, אָט דעם
טעפּער, וואָס ער האָט ניט גוט זיך אויסגעלערנט! וואָס ער האָט
אָבער נקמה גענומען פון זיינע באשעפּעניסען, פאר וואָס זיי האָ־
בען זיך איהם שלעכט איינגעגעבען, — דאָס איז געווען אַ זינה
כלפּי דעם ג ו ט ע ן ג ע ש מ א ק.

אויך אין דער פרומקייט איז דאָ אַ גוטער געשמאַק: אָט
ד ע ר האָט לסוף געזאָגט: אוועק מיט אזא גאָט! ליעבערשט
גאָר קיין גאָט, ליעבערשט אויף איינענער ריזיקאָ בויען דעם שיקזאַל,
ליעבערשט זיין אַ נאַר, ליעבערשט אליין זיין אַ גאָט!"

— „וואָס הער איך, האָט דאָ געזאָגט דער אַלטער פויפּסט מיט
צוגעשפּיצטע אויערען; אָ, זאראַטוסטרא, דו ביסט פרימער איידער
דו מיינסט, מיט אזא מין אומגלויבען! איינער, אַ גאָט אין דיר,
האָט דיך באַקערט צו דיין לייקענען אין גאָט.

איז דאָס ניט דיין פרומקייט גופא, וואָס לאָזט דיך ניט מעהר
גלויבען אין אַ גאָט? און דיין צו גרויסע אָרענטליכקייט ועט
דיך נאָך צוועקפיהרען אויף יענער זייט גוטס און שלעכטס!

זעה דאָך, וואָס עס איז געבליבען אָנגעגרייט פאר דיר? דו
האָסט אויגען און הענט און מויל, וואָס זיינען פון אייביגקייט אָן
פאָראויס־באַשטימט געוואָרען צו בענשען. מען בענשט ניט נאָר
מיט דער האַנט.

אין דיין נאָהענט, ווען אפילו דו ווילסט זיין דער גרעסטער
כופר אין גאָט, דערשפּיהר איך אַ פארבעהאַלטענעם הייליגען ריח,
אַ וואויל־גערוך פון לאַנגע בענשונגען: עס ווערט דערביי אי גוט,
אי וועהיג אויפ'ן הארצען.

לאָז מיך זיין דיין גאַסט, אָ זאראַטוסטרא, פאר איין איינצי־

גער נאכט! ערגעץ ניט אויף דער ערד וועט מיר איצטער וואוילער זיין איידער ביי דיר!" —

„אמן! כן יהי! האָט זאראַטוסטראַ געזאָגט מיט גרויס פאַר־וואונדערונג, דאָרטען ארויף פיהרט דער וועג, דאָרטען ליעגט זאַראַטוסטראַ'ס הייהל.

גריילעך, בנאמנות, וואָלט איך דיך אליין באגלייט אהין, דו חשוב'ער מענש, ווייל איך ליעב אלע פרומע מענשען. אָבער איצ־טער רופט מיך א נויט־געשריי אוועק פון דיר.

אין מיין ממשלה זאָל קיינער ניט ליידען קיין שאָדען; מיין הייהל איז א גוטער פּאָרט. און מעהר פאר אלץ וואָלט איך גע־וואָלט ווידער אוועקשטעלען איטליכען טרויעריגען אויף א פעס־טען לאנד און אויף פעסטע פיס.

ווער אָבער וואָלט געקאָנט אראָפּנעמען ד י י ן שווער־געמיט פון דיינע אקסלען? דערצו בין איך צו שוואך. מיר וועלען באמת לאנג דארפען ווארטען, ביז איינער וועט דיר דיין גאָט ווידער אויפוועקען.

מחמת אָט דער אלטער גאָט לעבט שוין ניט מעהר: אָט דער איז גרינטליך טויט." —

אזוי האָט גערעדט זאראַטוסטראַ.

* *

*

## דער מאוס'ער מענש.

— און ווידער זיינען זאראַטוסטראַ'ס פיס געלאָפען איבער בערג און וועלדער, און זיינע אויגען האָבען געזוכט און געזוכט, אָבער ערגעץ האָבען זיי ניט געקאָנט זעהן יענעם, וועמען זיי האָ־בען געוואָלט זעהן, דעם גרויסען נויט־ליידענדען און נויט־שרייענ־דען מענשען. אויף דעם גאנצען וועג אָבער האָט ער אָנגעקוואָלען אין זיין הארצען און איז געווען דאנקבאר. „וואָס פאר גוטע זאכען, האָט ער געזאָגט, האָט מיר דאך אָט דער טאָג געשענקט, ווי א

געצאָלט דערפאַר, וואָס ער האָט זיך אזוי ניט גוט אָנגעהויבען! וועלכע חרוש'דיגע מיט־שמועסער האָב איך געפונען!

זייערע ווערטער וועל איך איצט לאַנג קייען, פונקט ווי גוטע קערנער, מיין צאָהן זאָל זיי אויף קליין צומאָלען און צורייבען, ביז זיי וועלען מיר אריינפליסען אין דער נשמה, ווי מילך!" —

אז דער וועג האָט זיך אָבער ווידער א בויג געטאָן ארום א פעלז, האָט זיך דער פייזאזש מיט איין מאָל פאַרענדערט, און זאראַטוסטראַ איז אַריינגעטראָטען אין א ממשלה פון טויט. דאָ האָבען אַרויסגעשטאַרצט שוואַרצע און רויטע באַרג־פעלזען: קיין גראָז, קיים בוים, קיין שטים פון א פויגעל. מחמת דאָס איז געווען א טאָל, וואָס אַלע חיות האָבען אויסגעמיטען, אויך די רויב־חיות. נאָר איין סאָרט מיאוס'ע, דיקע, גרינע שלאַנגען פלעגען קומען אהער קרעפּירען, ווען זיי פלעגען ווערען אַלט. דעריבער האָבען די פאַס־טוכער א נאָמען געגעבען דעם טאָל: שלאַנגען־טויט.

זאַראַטוסטראַ אָבער איז פאַרזונקען געוואָרען אין א שוואַרצע עראינערונג, ווייל איהם האָט זיך געדוכט, פונקט ווי ער וואָלט שוין האָבען אַמאָל געשטאַנען דאָ אין דעם טאָל. און א סך שווערע זאַכען האָבען זיך געלייגט אויף זיין זין: אזוי, אז ער האָט אָנגע־הויבען געהן פּאַמעלעך און אַלץ פּאַמעלעכער און איז לסוף געבלי־בען שטעהן. דאָ אָבער האָט ער אויפגעהויבען די אויגען און האָט דערזעהן זיצעןביים וועג עפּעס אַזוינס, וואָס האָט געהאַט די גע־שטאַלט פון א מענשען און כמעט ווי ניט פון א מענשען, עפּעס וואָס מען קאָן גאָר ניט אַרויסריידען. און מיט איין מאָל איז זאַ־ראַטוסטראַ בעפּאַלען געוואָרען פון א גרויסער בושה, אַלעמאַי ער האָט מיט זיינע אויגען געזעהען אזא מין זאַך: רויט געוואָרען ביז זיינע ווייסע האָר אַרויף, האָט ער אָבגעווענדט זיין בליק און אויפגעהויבען דעם פוס, צו פאַרלאָזען יענעם ניט־גוטען אָרט. דאָ אָבער איז די טויטע ווייטקייט פול געוואָרען מיט קול: מחמת פון דער קרקע אַרויס האָט געגומען גאָרגלען און כאָרכלען, ווי עס גאָר־גלעט און כאָרכעלט וואַסער ביי נאַכט דורך פאַרשטאָפּטע וואַסער־

רעהרען; און לסוף איז דערפון געוואָרען אַ מענשען־שטים און מענשען־רייד: — זיי האָבען אַזוי געקלונגען:

„זאַראַטוסטראַ! זאַראַטוסטראַ! טרעף מיר מיין רעטעניש. זאָג! זאָג! וואָס איז די נקמה, וואָס מען נעמט פון אַן עדות?

איך רוף דיך צוריק, דאָ איז גלאַטער אייז, גיב אַכטונג, גיב אַכטונג, דיין שטאָלץ זאָל זיך דאָ ניט צוברעכען די פיס.

דו האַלטסט זיך פאַר אַ חכם, דו שטאָלצער זאַראַטוסטראַ! איז — טרעף דאָך די רעטעניש, דו האַרטע־ניס־קנאַקער, — די רעטעניש, וואָס איז איך! איז — זאָג דאָך: ווער בין איך!“

— אַז זאַראַטוסטראַ האָט אָבער געהערט יענע ווערטער, — וואָס מיינט איהר, אַז ערך, האָט זיך אָפּגעשפּיעלט אין זיין נשמה? די רחמנות האָט איהם בעפאַלען; און ער איז מיט אַ מאָל אַנידערגעזונקען, ווי אַ דעמב, וואָס האָט זיך אַ לאַנגע צייט געהאַלטען אַנטקעגען אַ סך האָלץ־העקער, — שווער, פּלוצלונג, צו דעם שרעק אפילו פאַר יענע, וועלכע האָבען געוואָלט איהם מאַכען פאַלען. אָבער אויפ׳ן שטעל איז ער ווידער אויפגעשטאַנען פון דער ערד, און זיין פנים איז געוואָרען האַרט.

„איך דערקען דיך גוט, האָט ער געזאָגט מיט אַ מעשענעם קול: דו ביסט גאָט׳ס רוצח! לאָז מיך געהן.

האָסט ניט געקאָנט אַריבערטראָגען יענעם, וואָס האָט דיך געזעהען, דו נמאס׳דיגסטער מענש! דו האָסט גענומען נקמה פון יענעם עדות!“

אַזוי האָט געזאָגט זאַראַטוסטראַ און האָט געוואָלט אַוועקגעהן; אָבער דער ניט־צו־בעשרייבענדער האָט זיך אָנגעכאַפּט פאַר אַ פּי־צעל פון זיין קלייד און האָט אָנגעהויבען איבער־אַ־נייעס צו גאָרג־לען און צו זוכען ווערטער.

„בלייב!“ האָט ער לסוף געזאָגט, —

— בלייב! געה ניט פאַרביי! איך האָב געטראָפען, וועלכע

האָק עס האָט דיך אַנידערגעוואָרפען: וואויל צו דיר, אַ זאראטוס־מרא, וואָס דו ביסט וויעדער אויף די פיס!

דו האָסט געטראָפען, איך וויים עס גוט, ווי עס איז יענעם אויפ'ן הארצען, וואָס האָט איהם געטויט, — אויפ'ן הארצען דעם גאָט'ס רוצח. בלייב! זעץ זיך־צו צו מיר, עס איז ניט אומזיסט.

צו וועמען זאָל איך דען געהן, אויב ניט צו דיר? בלייב, זעץ זיך! קוק מיך אָבער ניט אָן! האָב אָפּשיי אויף פאר מיין העס־ליכקייט!

זיי רודף'ן מיך: איז — ביסטו מיין לעצטע אנטרינונג. נ י ט מיט זייער שנאה, נ י ט מיט זייערע שפּיאָנען: —

אָ, פון אזעלכע רדיפות וואָלט איך געשפּאָט; איך וואָלט גע־ווען שטאָלץ און פרעהליך!

איז ניט יעדער ערפאָלג געווען ביז אהער ביי די, וועמען מען האָט גוט פארפאָלגט? און ווער עס רודפ'ט גוט, לערנט זיך אויס גרינג נאָך־צו־געהן: ער איז דאָך שוין אמאָל — אהינטער! עס איז אָבער זייער ר ח מ נ ו ת, —

— זייער רחמנות איז עס, פאר וועלכער איך אנטלויף און אנטרין צו דיר. אַ זאראטוסטרא, באשירעם מיך, צו מיין לעצטער אַנטירנונג, דו איינציגער, וואָס האָט מיך דורכגעבליקט:

—דו האָסט געטראָפען, ווי עס איז יענעם אויפ'ן הארצען, וואָס האָט א י ה ם געטויט. בלייב! און אויב דו ווילסט געהן, דו אומגעדולדיגער: געה ניט אין דעם וועג, אין וועלכען איך בין גע־קומען. יענער וועג איז א שלעכטער.

ביסטו אין כעס אויף מיר, וואָס איך פּלאַפּעל און דאבער אזוי לאנג? וואָס איך גיב שוין דיר עצות? אָבער זיי וויסען, איך בין דאָס דער מיאוס'טער מענש —

— וואָס האָט אויך די גרעסטע, די שווערסטע פיס. וואו איך בין נאָר געגאנגען, איז דער וועג געוואָרען שלעכט. אלע ווע־גען טו איך טרעטען צו טויט און צו שאנד.

וואָס דו ביסט אָבער פארבייגעגאנגען פאר מיר און האָסט

געשוויגען ; וואָס דו ביסט רויט געוואָרען, איך האָב דאָס גוט גע־זעהען : אין דעם האָב איך דיך דערקענט, זאראַטוסטראַ׳ן.

איטליכער אַנדערער וואָלט מיר צוגעוואָרפען אַ נדבה, זיין רחמנות, אין בליק און רייד. אָבער דערצו — בין איך ניט גענוג בעטלער, דאָס האָסטו דערשפּיהרט —

— דערצו בין איך צו ר י י ך, רייך אין דעם וואָס איז גרויס, אימה׳דיג, העסליך, ניט־אויס־צו־דריקען־אין־ווערטער ! דיין שעמען־זיך, זאראַטוסטראַ, האָט מיר כ ב ו ד אָ נ ג ע ט אָ ן !

קוים מיט צרות בין איך אַרויס געקומען אויס דעם שטופּענים פון די דערבאַרמדיגע, כדי איך זאָל געפינען דעם איינציגען, וואָס לערנט היינט, אַז „רחמנות האָבען איז אַן אָנטשעפּענעס“ — דיך, אַ זאראַטוסטראַ !

— דאָס רחמנות־האָבען סיי פון אַ גאָט, סיי פון אַ מענשען : רחמנות־האָבען געהט אַנטקעגען דער שעמעוודיגקייט. און ניט־וועלען־העלפען קאָן זיין נאָבעלער, איידער יענע טוגענד, וואָס שפּרינגט צו איינעם צו.

ד אָ ס אָבער רופט זיך היינט טוגענד גופא ביי אַלע קליינע לייטלעך, רחמנות האָבען : — זיי האָבען ניט קיין יראת הכבוד פאַר אַ גרויסען אומגליק, פאַר דער גרויסער העסליכקייט, פאַר דעם גרויסען ניט־איינגעב.

אַריבער אָט די אַלע מענשען בליק איך אַוועק, ווי אַ הונט אַרי־בער די רוקענס פון די אָנגעפּראָפּטע שאָף־העדען. דאָס זיינען קליינע וואויל־וואָליגע, וואויל־וויליגע גראָהע לייט.

ווי אַ בוטשאַן קוקט אַוועק אַריבער פלאַכע טייכלעך, מיט אַ צוריק־געדרעהטען קאָפּ : אַזוי בליק איך אַוועק אַריבער דעם גע־שוויבעל פון די גראָהע קליינע וואָלען און ווילענס און נשמות.

צו לאַנג האָט מען זיי געגעבען גערעכט, יענע קליינע לייט : אַזויערנאָך האָט מען זיי לסוף אויך געגעבען די מאַכט — איז לערנען זיי : גוט איז נאָר דאָס, וואָס קליינע לייט רופען גוט.

און „אמת“ הייסט היינט, וואָס דער פּריידיגער האָט גע־

רעדט, וואָס איז אַליין געקומען פון זיי, יענער וואונדערליכער הייליגער און מליץ־יושר פון די קליינע לייט, וואָס האָט עדות געזאָגט אויף זיך, „איך — בין דער אמת“.

אָט דער ניט־עניו'דיגער האָט שוין פון לאַנג אָן געמאַכט, אַז ביי די קליינע לייט זאָל דער קאַם געשוואָלען ווערען — ער, וואָס האָט ניט קיין קליינעם טעות געלערנט, בעת ער האָט געלערנט „איך — בין דער אמת“.

האָט מען ווען עס איז געענטפערט איידעלער יענעם ניט־עניו'דיגען? — דו אָבער, אָ זאַראַטוסטראַ, ביסט פאַרביי איהם פאַרביי געגאַנגען און האָסט געזאָגט: „ניין! ניין! דריי מאָל ניין!“

דו האָסט געוואָרענט פון זיין טעות, האָסט דער ערשטער געוואָרענט פון דעם רחמנות־האָבען, — ניט אַלעמען, ניט קיינעם ניט, נאָר דיך און די פון דיין מין.

דו שעמסט זיך פאַר דער בושה פון דעם גרויסען ליידענדען; און באמת, ווען דו זאָגסט „פון דער רחמנות קומט אַ גרויסער וואָלקען, היט זיך, איהר מענשען!“

— ווען דו לערנסט „אַלע די וואָס שאַפען, זיינען האַרט, יעדע גרויסע ליעבע שטעהט העכער, איידער איהר רחמנות“: אָ, זאַראַטוסטראַ, וואָס פאַר אַ גוטער מבין דו ביסט, דוכט מיר, אויף סימנים פון וועטער!

דו גופא אָבער זאָלסט דיך גופא וואָרענען פון ד י י ן רחמנות. ווייל אַ סך מענשען זיינען אונטערוועגענס צו דיר, אַ סך ליידענדע, צווייפלענדע, פאַר'יאוש'טע, זיך טרינקענדע, פריערענדע, —

איך וואָרען דיך אויך פון מיר. דו האָסט געטראָפען מיין בעסטע, ערגסטע רעטעניש, מיך גופא און וואָס איך האָב געטאָן. איך קען די האַק, וואָס מאַכט דיך פאַלען.

אָבער ער — האָט געמוזט שטאַרבען: ער האָט געקוקט מיט אויגען, וואָס האָבען געזעהען אַ ל ץ, — ער האָט געזעהען דעם

מענשען׳ס טיעפען און גרונטען, זיין גאנצע פארבעהאלטענע שמאך און העסליכקייט.

זיין רחמנות האט ניט געוואוסט פון בושה: ער איז געקראָכען אין מיינע שמוציגסטע ווינקלען. אָט דער ניי־גיעריגסטער, דער צופיעל־צושטעהענדער, דער איבער־דערבארעמדיגער האָט געמוזט שטארבען.

ער האָט תמיד געזעהען מ י ך: פון אזא׳ן עדות האָב איך געוואָלט נעמען נקמה — אָדער אליין אויפהערען צו לעבען.

דער גאָט, וואָס האָט אלץ געזעהען, א ו י ך ד ע ם מ ע נ ש ע ן, אָט דער גאָט האָט געמוזט שטארבען! דער מענש קאָן ניט אריבערטראָגען, וואָס אזא עדות לעבט.“

אזוי האָט גערעדט דער מאוס׳טער מענש. זאראַטוסטרא אָבער האָט זיך אויפגעהויבען און האָט זיך געגרייט אוועקצוגעהן: ווייל עס איז איהם געווען פראָסטיג ביז אין זיינע אינגעווייד.

„דו ניט־אויסצוריידענדער, האָט ער געזאָגט, דו האָסט מיך געוואָרענט פון דיין וועג. ווי א דאנק דערפאר, וועל איך דיר לויבען מיינעם. זעה, דאָרטען אויבען ליעגט די הייהל זאראַטוסטרא׳ס.

מיין הייהל איז גרויס און טיעף און האָט א סך ווינקלען; דאָרטען געפינט דער פארשטעקטעסטער זיין פארשטעק.

און הארט נעבען איהר זיינען דאָ הונדערט רוה־לעכער און שפאלטען פאר קריכענדע, פלאַטערענדע און שפרינגענדע היות.

דו ארויסגעשטויסענער, וואָס דו שטויסט דיך אליין ארויס, דו ווילסט ניט וואוינען צווישען מענשען און מענשען־רחמנות? זעהר וואויל, איז — טו, ווי איך טו! אזוי ארום וועסטו אויך לערנען פון מיר; נאָר דער טוער לערנט זיך.

און ראשית וקודם רייד מיט מיינע חיות! די שטאָלצסטע חיה און די קליגסטע חיה — זיי האָבען פאר אונז ביידע געקאָנט זיין די ריכטיגע בעל־עצה׳ס!“ — —

אזוי האָט גערעדט זאראַטוסטרא און איז זיך געגאַנגען זיין

וועג, נאָך טיעפּער פאַרזונקען אין געדאַנק און לאַנגזאַמער, איירער פריהער: ווייל ער האָט אַ סך שאלות געפרעגט ביי זיך און האָט ניט געקאָנט אַזוי גרינג פאַרענטפערען זיי.

„ווי אָרעם איז דאָך דער מענש! האָט ער געטראַכט אין זיי הארצען, ווי מיאוס, ווי כאָרכלענדיג, ווי פול פון פאַרבאָר־גענער בושה!

מען זאָגט מיר, אַז דער מענש ליעבט זיך אַליין: אַך, ווי גרויס מוז זיין אָט די זיך־אַליין־ליעבע! ווי פיעלע פאַראַכטונג האָט זי אַנטקעגען זיך!

אויך אָט דער־אָ האָט זיך געליעבט, ווי ער האָט זיך פאַר־אַכט, — אַ גרויסער ליעבענדער איז ער מיר און אַ גרויסער פאַר־אַכטער.

איך האָב נאָך קיינעם ניט געפונען, וואָס זאָל זיך האָבען טיע־פער פאַראַכט: אויך ד אָ ס איז אַ הויך. וועה, איז אפשר ע ר געוועזן דער העכערער מענש, וועמעס געשריי איך האָב געהערט?

איך ליעב די גרויסע פאַראַכטער. דער מענש אָבער איז עפּעס אַזוינס, וואָס מוז אריבערגעשטיגען ווערען“. — —

*　　*

*

## דער פרייוויליגער בעטלער.

אַז זאַראַטוסטראַ האָט פאַרלאָזען דעם מאוס'טען מענשען, האָט עס איהם געגומען פריערען, און ער האָט זיך געפיהלט איינ־זאַם: מחמת אַ סך קאַלטס און איינזאַמס איז דורכגעגאַנגען דורך זיין זין, אַזוי, אַז דערפון זיינען אויך זיינע איברים קעלטער גע־וואָרען.

בשעת ער איז אָבער ווייטער און ווייטער געשטיגען, ארויף, אראָפּ, דאָ פאַרביי גרינע לאָנקעס, דאָ אָבער אויך איבער ווילדע שטייניגע געלעגערס, וואו פריהער האָט משמעות אַן אומגעדולדיג טייכעל זיך געלייגט אין זיין בעט: איז איהם מיט אַמאָל ווידער געוואָרען ווארעמער און הארציגער אויפ'ן זין.

„וואָס איז מיר דאָך געשעהען? האָט ער זיך געפרעגט, עפּעס וואָרעמעס און לעבעדיגעס דערקוויקט מיך, וואָס מוז זיין אין דער נאָהענט פון מיר.

שוין בין איך וועניגער אליין; אומבאוואוסטע וועג־חברים און ברידער וואָגלען ארום מיר, זייער וואָרימער אָטעם ריהרט אָן מיין נשמה."

אז ער האָט אָבער ארומגעפּאָרשט ארום זיך און האָט געזוכט די טרויסטער פון זיין איינזאַמקייט: ערשט דאָס זיינען געווען קיה, וואָס זיינען געשטאַנען אין איינעם אויף א בערגעל; זייער נאָהענט און גערוך האָבען דערוואָרימט זיין הארץ. אָט די קיה אָבער האָבען, ווייזט אויס, מיט התמדה זיך צוגעהערט צו א ריי־דענדען, און האָבען ניט באמערקט דעם, וואָס איז צוגעקומען. ווען זאראַטוסטרא איז אָבער גאַנץ נאָהענט געקומען צו זיי, האָט ער דייטליך געהערט, ווי א מענשליכע שטים האָט גערעדט פון צווי־שען די בהמות; און בעשיינפּערליך האָבען זיי אלע אין איינעם צוגעדרעהט זייערע קעפּ צו דעם ריידער.

איז זאראַטוסטרא האַסטיג אויפגעשפּרונגען און האָט פאַנאַנ־דערגעשטופּט די בהמות, ווייל ער האָט מורא געהאַט, טאָמער האָט דאָ מיט אימיצען א סבה פּאַסירט, וועמען די רחמנות פון די קיה וואָלט אסור געקאָנט עפּעס העלפען. אָבער דאָ האָט ער געהאַט א טעות; ווייל עס איז גאָר געזעסען א מענש אויף דער ערד און האָט, ווייזט אויס, גערעדט צו די בהמות, זיי זאָלען פאַר איהם קיין מורא ניט האָבען, א פריעד־ליעבענדער מענש א בארג־פּרעדיגער פון וועמעס אויגען עס האָט געפּרעדיגט די גוטס־קייט אליין. „וואָס זוכסטו דאָ?" האָט זאראַטוסטרא אויסגערו־פען פאַר'חדוש'ט.

„וואָס איך זוך דאָ? האָט ער געענטפערט: דאָס אייגענע, וואָס דו זוכסט, דו פריד־צושטערער! איך מיין, דאָס גליק אויף דער ערד.

צוליעב דעם אָבער וויל איך לערנען פון אָט די בהמות. ווייל,

וויסען דארפסטו, אַ האַלבען פריה־מאָרגען רייד איך שוין צו זיי, און זיי האָבען מיר נאָר וואָס געוואָלט געבען זייער ענטפער. איז— פארוואָס שטערסטו זיי?

באים מיר קערען זיך ניט אום און ווערען ניט ווי די בהמות, קומען מיר ניט אריין אין דעם מלכות שמים. מחמת מיר דארפען זיך אויסלערנען פון זיי איין זאך: מעלה־גירה זיין.

און באמת, דער מענש, ווען ער זאָל אפילו געווינען די גאנצע וועלט און נאָר איינס זיך ניט אויסלערנען, מעלה־גירה זיין: וואָס וואָלט געווען די פעולה דערפון! ער וואָלט ניט פטור ווערען פון זיין אומעט.

— זיין גרויסען אומעט, — וואָס רופט זיך היינט עקעל. ווער האָט ניט היינט הארץ, מויל און אויגען פול פון עקעל? דו אויך! דו אויך! אָבער קוק דאָך אָן אָט די קיה!" —

אזוי האָט גערעדט דער בארג־פריידיגער און האָט דערנאָך צוגעווענדט זיין בליק צו זאראַטוסטראַ'ן, — ווייל ביז אהער איז זיין בליק מיט ליעבע געהאנגען אויף די קיה —: דאָ אָבער האָט ער זיך פאַראַנדערשט. „ווער איז דאָס, מיט וועמען איך רייד? האָט ער אויסגערופען, אַ דערשראָקענער, און איז אויפ־געשפרונגען פון דער ערד.

דאָס איז דער מענש אָהן עקעל, דאָס איז זאַראַטוסטראַ אַליין, דער, וואָס האָט גובר געווען דעם גרויסען עקעל; דאָס איז דאָס אויג, דאָס איז דער מויל, דאָס איז דאָס הארץ פון זאַראַטוסטראַ'ן גופא."

און בשעת ער האָט אזוי גערעדט, האָט ער ביי דעם, צו וועמען ער האָט גערעדט, געקושט די הענט מיט אריבערשטראָ־מענדע אויגען און האָט זיך אין גאנצען אויפגעפיהרט ווי איינער, וועמען אַ טייערע מתנה און אַ שאַץ איז אומגעריכטערהייט אראָפ־געפאַלען פון הימעל. די קיה אָבער האָבען געקוקט אויף דאָס אַלץ און זיך געוואונדערט.

„רייד ניט וועגען מיר, דו וואונדערליכער! ליעבליכער!

האָט זאַראַטוסטראַ געזאָגט און האָט איינגעהאַלטען זיין צערט־ליכקייט, רייד צו מיר פריהער וועגען זיך! ביסטו ניט דער פריי־ווילינער בעטלער, וואָס האָט אַ מאָל אָוועקגעוואָרפען פון זיך אַ גרויסע עשירות, —

— וואָס האָט זיך געשעמט מיט זיין עשירות און מיט די רייכע און איז אַנטלאָפען צו די אָרימסטע, כדי ער זאָל זיי שענקען זיין שפע און זיין האַרץ? אָבער זיי האָבען איהם ניט אָנגענו־מען."

„אָבער זיי האָבען מיך ניט אָנגענומען, האָט דער פרייוויל־גער בעטלער געזאָגט, דו ווייסט עס דאָך. בין איך לסוף אַוועק צו די חיות און אָט די בהימות".

„דו האָסט זיי געלערנט, האָט זאַראַטוסטראַ איבערגעשלאָגען זיינע רייד, אַז עס איז שווערער גוט צו געבען איידער גוט צו נעמען און אַז גוט שענקען איז אַ ק ו נ ס ט און די לעצטע פוקסען־קליגסטע מייסטער־קונסט פון גוטיגקייט".

„בפרט אין היינטיגע צייטען, האָט געענטפערט דער פרייווי־לינער בעטלער: דאָס הייסט היינט, ווען אַל' דאָס נידעריגס איז געוואָרען אויפשטאַנדיש און מבולבל און אויף זיין אופן האָפער־דיג: דאָס הייסט, אויף דעם המון־עם־אופן.

ווייל די שעה איז געקומען, ווי דו ווייסט, פאַר דעם גרויסען ניט־גוטען, לאַנגען, לאַנגזאַמען ערב־רב־ און־ שקלאַפען־אויפ־שטאַנד: און ער וואַקסט און וואַקסט!

איז — ווערען די נידעריגע אויפגעבראַוזט פון יעדער צדקה און פון קליינע מתנות; און די איבער־רייכע מעגען זיך היטען!

ווער עס טראָפּעט אין היינטיגער צייט, ווי די בויכיגע פלאַ־שען פון צו שמאָלע העלזלעך: — אַזוינע פלאַשען ברעכט מען אי־בער היינט גריילעך די האַלז.

להוט'ע גיעריגקייט, גאַליגע קנאה, פאַראומערטע נקמה, ערב־רב־שטאָלץ: דאָס אַלץ איז מיר געשפרונגען אין פנים אַריין. עס

איז שוין ניט אמת אז די אָרעמע זיינען גליק־געבענשט. די מלכות שמים אָבער איז ביי די בהימות".

„און פאַרוואָס איז זי ניט ביי די רייכע?" האָט זאַראַטוס־טראַ געפרעגט אין אַן אויספּרואוו, בעת ער האָט אָפּגעטריבען די קיה, וואָס האָבען דעם פריעד־ליעבענדען מעשה קרובים אַרומגע־שמעקט.

„וואָס פּיהרסטו מיך אַריין אין אַ נסיון? האָט יענער גע־ענטפערט. דו אַליין ווייסט עס נאָך בעסער פאַר מיר. וואָס האָט מיך דען געטריבען צו די אָרימסטע, אָ זאַראַטוסטראַ? איז דאָס ניט געוועזען דער עקעל פאַר אונזערע רייכסטע?

— פאַר די פאַרברעכער פון רייכטום, וואָס הויבען אויף זייער פאָרטייל פון יעדען מיסט, מיט קאַלטע אויגען און צולאָזענע געדאַנקען, פאַר אָט דער חברה, וואָס שטינקט צום הימעל,

— פאַר אָט דעם באַגילדטען פאַרפאַלשטען המון־עם, וועמעס טאַטעס עס זיינען געוועזען גנבים אָדער נבלה־קראָהען, אָדער לומ־פּען־זאַמלער, פאַר די ווייבער, נאָכגעביגע, תאוה־לוסטיגע, פאַר־געסליכע. — מהמת זיי זיינען אַלע ניט ווייט פון נאַפקעס —

ערב־רב אויבען, ערב־רב אונטען! וואָס איז איצטער די נפקא־מיניה „אָרעם" — „רייך", דעם חילוק האָב איך פאַרלאָרען פון אויג, — בין איך אַנטלאָפען פון דאָרטען, ווייטער, רק ווייטער, ביז איך בין געקומען אָט צו די קיה."

אזוי האָט געערעדט דער פריעד־ליעבענדער און האָט אַליין שווער געאָטעמט און האָט געשוויצט בעת'ן ריידען: אזוי, אז די בהמות האָבען זיך אויפ'ס ניי געוואונדערט. זאַראַטוסטראַ אָבער האָט איהם רק געקוקט מיט אַ שמייכעל אין פּנים אַריין, ווען ער האָט אזוי האַרט גערעדט, און האָט דערביי שווייגענדיג געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ.

„דו פאַרגוואַלטיגסט זיך אַליין, דו באַרג־פּריידיגער, ווען דו ווענדסט אָן אַזעלכע האַרטע ווערטער. פאַר אַזאַ האַרטקייט איז ביי דיר ניט געוואַקסען ניט דער מויל, ניט דאָס אויג. און אויך, ווי

מיר דוכט, אפילו ניט דער מאָגען. א י ה ם איז צואווידער אזא מין צאָרענען און האסען און אריבערשוימען. דיין מאָגען וויל מילדערע זאכען: ביסט ניט קיין קצב. א סך מעהר ביסטו, דוכט מיר, א פלאנץ־מענש און א וואָרצעל־מאַן. עס קאָן זיין, דו צו־מאָלסט קערנער. בלי ספק אָבער האָסטו ניט האָלט די פלייש־ליכע פריידען און דו ליעבסט האָניג.“

„דו האָסט געטראָפען בנוגע מיך, האָט דער פרייוויליגער בעטלער געענטפערט מיט א גרינגער־געוואָרענעם הארצען. איך האָב האָלט האָניג, איך צומאָל אויך קערנער, ווייל איך האָב גע־זוכט וואָס איז ליעבליך פאַר דעם מויל און וואָס מאכט א ריי־נעם אָטעם:

— אויך דאָס, וואָס דאַרף האָבען א לאנגע צייט, א טאָג, און מויל־ווערק פאַר מילדע ליידיג־גייהערס און פוילענצער.

וויטער פאַר אַלעמען זיינען אין דעם פרט זיכער דערגאנגען אָט די קיה: זיי האָבען אויסגעטראכט פאַר זיך מעלה־גירה־זיין און ליעגען־אין־דער־זון. אויך האַלטען זיי זיך אָפּ פון אלע שווע־רע געדאנקען, וואָס מאכען געשוואָלען דאָס הארץ.“

— זאָל זיין! האָט געזאָגט זאראטוסטרא: דו זאָלסט אויך מ י י נ ע חיות זעהן, מיין אָדלער און מיין שלאנג, — זייער גלייכען איז איצטער ניטאָ אויף דער וועלט.

זעהסט, דאָרטען פיהרט דער וועג צו מיין הייהל: זיי די נאכט א גאסט אין איהר. און רייד מיט מיינע חיות וועגען דעם גליק פון די חיות, —

ביז איך אליין וועל קומען אהיים. ווייל איצטער רופט מיך א נויט־געשריי אוועק פון דיר. אויך נייעם האָניג וועסטו גע־פינען ביי מיר, אייז־פרישען וואַפעל־גאָלד־האָניג; דאָס קאָנסטו עסען!

איצטער אָבער נעם תיכף אָפּשייד פון דיינע בהימות, דו וואונדערליכער! ווען אפילו דאָס קאָן זיין שווער פאַר דיר. ווייל דאָס זיינען דיינע װאַרימסטע פריינד און לעהרער!“

„— א־חוץ איינעם, וועלכען איך האָב נאָך ליעבער, האָט נעענטפערט דער פרייוויליגער בעטלער. דו אליין ביסט א גוטער, נאָך בעסער איידער א קוה, אָ זאראטוסטרא!"

„אוועק, אוועק! דו שלעכטער חנופות'ניק! האָט זאראטוסטרא אויסגעשריען מיט בייזקייט, וואָס פיהרסטו מיך איבער מיט אזא לויב און חניפה־האָניג?"

„אוועק, אוועק פון מיר!" האָט ער אויסגעשריען נאָך א מאָל און האָט א הויב געטאָן זיין שטעקען אויף דעם צארטליכען בעטלער: יענער איז אָבער אוועקגעלאָפען פלינק.

*  *

*

## דער שאָטען.

קוים איז דער פרייוויליגער בעטלער אוועקגעלאָפען און זאראטוסטרא איז ווידער געבליבען מיט זיך אליין, ערשט ער האָט דערהערט הינטער זיך א נייע שטים: זי האָט גערופען: „שטעה! זאראטוסטרא! איז — ווארט דאָך! דאָס בין איך, אָ זאראטוסטרא, איך, דיין שאָטען!" אָבער זאראטוסטרא האָט ניט געווארט, ווייל א פארדראָס איז פלוצלונג געקומען אויף איהם מחמת דעם צו גרויסען עולם און דער שטופעניש אין זיינע בערג. „וואו איז אהינגעקומען מיין איינזאמקייט? האָט ער געזאָגט.

עס ווערט באמת צו פיעל פאר מיר; עס שוויבעלט אין די בערג, מיין ממשלה איז שוין ניט מעהר פון ד ע ר וועלט, איך דארף האָבען נייע בערג.

מיין שאָטען רופט מיך? וועמען זאל אהרען מיין שאָטען? לאָז ער מיר נאָכלויפען! איך — וועל פון איהם אנטלויפען."

אזוי האָט גערעדט זאראטוסטרא אין זיין הארצען און האָט גענומען אנטלויפען. אָבער יענער, וואָס איז געוועזען הינטער איהם, איז איהם נאָכגעלאָפען: אזוי, אז באלד זיינען דריי לויפער געלאָפען איינער הינטער דעם אנדערען, דהיינו: אין פאָראויס דער פרייוויליגער בעטלער, דערנאָך זאראטוסטרא און דער דריטער און

הינטערסטער — זיין שאָטען. ניט לאַנג זיינען זיי אַזוי געלאָפען, ביז זאַראַטוסטראַ האָט זיך באַזינט וועגען זיין טפּשות און האָט מיט איין רוק אַראָפּגעטרייסעלט פון זיך דעם גאַנצען פאַרדראָס און די דערעסענקייט.

„וואָס! האָט ער געזאָגט, האָבען דען ניט מקדמונים פּאַסירט די לעבערליכסטע זאַכען מיט אונז אַלטע מתבודדים און הייליגע?

באמת, מיין טפּשות איז הויך אויסגעוואַקסען אין די בערג. איצטער הער איך, ווי עס קלאַפּערען זעקס אַלטע נאַרען־פיס, איין פּאָר הינטער דער אַנדערער!

אָבער זאָל זאַראַטוסטראַ מורא האָבען פאַר אַ שאָטען? אויף רעכען איך אַז סוף־כל־סוף האָט ער לענגערע פיס איידער איך“.

אַזוי האָט גערעדט זאַראַטוסטראַ און האָט געלאַכט מיט די אויגען און די איינגעווייד; ער איז געבליבען שטעהן און האָט זיך פלינק אַרומגעדרעהט — און זעה, שיער האָט ער דערביי ניט אַנידערגעוואָרפען אויף דער ערד זיין נאָכלויפער און שאָטען: אַזוי האַרט אויף די פוס־טראָטען איז יענער נאָכגעלאָפען נאָך איהם און אַזוי שוואַך איז ער אויך געווען. דהיינו, אַז ער האָט גענומען פאָרשען איהם מיט די אויגען, האָט ער זיך דערשראָקען ווי פאַר אַ פּלוצימדיגען געשפּענסט: אַזוי דין, שוואַרצליך און אָפּגעלעבט האָט יענער נאָכלויפער אויסגעזעהען.

„ווער ביסטו? האָט זאַראַטוסטראַ געפרעגט אין כעס, וואָס טוסטו דאָ? און פאַר וואָס רופסטו זיך מיין שאָטען? דו געפעלסט מיר ניט.“

„זיי מיר מוחל, האָט דער שאָטען געענטפערט, וואָס דאָס בין איך, און אויב איך געפעל דיר ניט, אָ זאַראַטוסטראַ! דערפאַר לויב איך דיך און דיין גוטען געשמאַק.

אַ וואַנדערער בין איך וואָס איז שוין אַ סך נאָכגעגאַנגען הינטער דיינע פוס־טראָטען: תמיד אונטערוועגנס, אָבער אָהן אַ ציעל און אָהן אַ היים: אַזוי, אַז בנאמנות עס פעהלט מיר ווייניג

צו דעם אייביגען איד, א־חוץ וואס איך בין ניט אייביג און ניט קיין איד.

ווי? מוז איך כסדר זיין אונטערוועגענס? פון איטליכען ווינט געווירבעלט, נע ונד, ווייטערגעטריבען? אָ ערד, דו ביסט מיר צו קיילעכדיג געוואָרען!

אויף איטליכען אויבערפלאך בין איך שוין געזעסען, ווי א מיעדער שטויב בין איך געשלאָפען אויף שפיעגלען און פענסטער־שויבען: אלץ נעמט פון מיר, קיין זאך גיט מיר ניט, איך ווער דין, — כמעט בין איך געגליכען צו א שאָטען.

נאָך דיר אָבער, זאראטוסטרא, בין איך נאָכגעפלויגען און נאָכגעצויגען די גאַר לענגסטע צייט און ווען איך פלעג מיך פון דיר בעהאלטען, בין איך פאָרט געווען דיין בעסטער שאָטען: וואו נאָר דו ביסט געזעסען, בין איך אויך געזעסען.

מיט דיר בין איך אַרומגעגאנגען איבער די ווייטסטע, קאלט־סטע וועלטען, צו א געשפענסט געגליכען, וואס לויפט אַרום פרייוויליג איבער די ווינטערדעכער און דעם שנעע.

מיט דיר האָב איך אויך אַרומגעשטרעבט אין אלע פארבאָ־טענע, שלימסטע און ווייטסטע ענינים: און ווען עפּעס אין מיר איז א טוגענד, איז דאָס, וואס איך האָב פאַר קיין פארבאָט קיין מורא ניט.

מיט דיר האָב איך צובראָכען, וואָס מיין הארץ האָט ווען עס איז עהרליך געהאלטען, אלע גרעניץ־שטיינער און בילדער האָב איך אנידערגעוואָרפען, נאָך די געפעהרליכסטע וואונשען בין איך נאָכגעלאָפען — בנאמנות, איבער יעדען פארברעך בין איך איין מאָל דורכגעלאָפען.

מיט דיר האָב איך מיך אָפּגעוואוינט פון דעם גלויבען אין ווערטער און ווערטען און גרויסע נעמען. ווען דער טייוועל בייט זיין הויט, פאלט דען ניט אראָפּ אויך זיין נאָמען? מחמת יענער נאָמען איז אויך הויט. דער טייוועל גופא איז אפשר — הויט.

„נאָרנישט איז אמת, מעגען מעג מען אלץ“: אזוי האָב איך

גע׳טענה׳ט צו זיך. אין די קאלטסטע וואסערען האב איך מיך געוואָרפען מיט קאָפּ און הארץ. אך, ווי אָפט בין איך דערפון געשטאַנען א נאקעטער ווי א רויטער קרעבס! אך, וואוהין איז ביי מיר אהינגעקומען מיין גאנצע גוטסקייט און יעדע בושה און יעדער גלויבען אין די גוטע! אך, וואו איז יענע פאר׳שקרן׳טע אומשולד, וואָס איך האָב אמאָל געהאט, די אומשולד פון די גוטע און זייערע נאָבעלע ליגענס!

באמת, צו אָפט בין איך נאָכגעלאָפען דעם אמת הארט אויף דעם פוס־טראָט: האָט ער מיר א בריק געטאָן אין קאָפּ. און אנדערס מאָל האָב איך געמיינט, איך ליג, ערשט זעה! גראָד יעמאָלט האָב איך געטראָפען — דעם אמת.

צו פיעל איז מיר קלאָר געוואָרען: איז אהרט עס מיך שוין א ברעקעל ניט. קיין זאך, וואָס איך ליעב, לעבט ניט מעהר, — ווי זאָל איך נאָך מיך אליין ליעבען?

„לעבען אזוי, ווי איך האָב די לוסט דערצו, אָדער גאָר ניט לעבען“: אזוי וויל איך דאָס, אזוי וויל דאָס אויך דער הייליגסטער. אָבער, וועה איז מיר! ווי אזוי האָב א י ך נאָך — לוסט?

האָב א י ך — נאָך א ציעל? א האפען, וואוהין מיין שיף־לייוועגט לויפט?

א גוטען ווינט? אך, נאָר דער וואָס וויים, וואוהין ער פאָהרט, וויים אויך, וועלכער ווינט איז א גוטער און איז זיין פאָהר־ווינט.

וואָס איז מיר נאָך געבליבען? א הארץ איינגעמאטערט און פארשייט; א ניט־איינגעשטעלטער ווילען; פלאַטער־פליגלען; א צובראָכענער חוט השדרה.

אָט דאָס זוכען מ י י ן היים: א זאראטוסטרא, אז דו וואָלסט וויסען! — אָט דאָס זוכען איז געוועז מיין פּלאָג, עס פרעסט מיך אויף.

וואו איז — מ י י ן היים? איך פרעג מיך נאָך און זוך און האָב געזוכט; איך האָב דאָס ניט געפונען. אָ, אייביגער אומעטום, א, אייביגער ערגעץ־ניט, אָ, אייביגער — אומזיסט!“

אזוי האָט גערעדט דער שאָטען, און זאראַטוסטראַ'ס פּנים איז אַלץ לענגער געוואָרען ביי זיינע ווערטער. „דו ביסט מיין שאָטען! האָט ער לסוף געזאָגט מיט טרויעריגקייט.

דיין געפאהר איז ניט קיין קליינע, דו פרייער גייסט און וואנדערער! דו האָסט געהאַט אַ ניט־גוטען טאָג: זעה, אז אויף דיר זאָל ניט קומען נאָך אן ערגערער אָוונט!

פאַר אַזעלכע ניט־איינגעשטעלטע, ווי דו, וועט לסוף אויך אַ תפיסה אויסדוכטען גליק־געבענשט. האָסטו וועץ געזעהען, ווי געפאנגענע פארברעכער שלאָפען? זיי שלאָפען רוהיג, זיי דער־קוויקען זיך מיט זייער נייער זיכערקייט.

היט זיך, אַז ענגער גלויבען זאָל דיך לסוף ניט נעמען אין געפאנגענשאפט, אַ הארטער, שטרענגער שגעון! מחמת דיך פאַר־פיהרט איצטער אַלצדינג, וואָס איז ענג און פעסט.

דו האָסט אָנגעוואָרען דעם ציעל: וועה, ווי וועסטו אָט דעם אנווער פארפלוידערען און פארגעסען. מיט דעם גופא — האָסטו אויך אָנגעוואָרען דעם וועג!

דו אָרעמער ארומוואָגלער, ארומשמייער, דו מיעדע זומער־פוינגעלע! ווילסטו היינטיגען אָוונט אַ רוה און אַ היים־פּלאַץ האָבען? איז — געה ארויף צו מיין הייהל!

אָן דאָרטען פיהרט דער וועג צו מיין הייהל. און איצונדער וויל איך אויף־גיך ווידער פון דיר אוועקלויפען. עס ליעגט שוין ווי אַ שאָטען אויף מיר.

איך וויל לויפען אַליין, עס זאָל ווידער ווערען העל ארום מיר. דערצו מוז איך נאָך אַ לאַנגע צייט זיין לוסטיג אויף די פיס. אין אָוונט אָבער וועט מען ביי מיר — טאנצען!" — —

אזוי האָט גערעדט זאראַטוסטראַ.

*  *

*

# אין האַלבען טאָג.

— און זאַראַטוסטרא איז געלאָפען און געלאָפען און האָט מעהר קיינעם ניט געפונען און איז געווען אַליין און האָט אַלע ווייל געפונען זיך גופא און האָט מיט הנאה געזופט זיין איינזאַמקייט און האָט געטראַכט וועגען גוטע זאַכען, — שעה'נווייז. אָבער אַרום דער שעה פון האַלבען טאָג, ווען די זון איז געשטאַנען פונקט איבער זאַראַטוסטרא'ס קאָפּ, איז ער פאַרבייגעגאַנגען פאַרביי אַן אַלטען קרומען און קאַרביגען בוים, וואָס איהם האָט די רייכע ליעבע פון אַ וויינשטאָק ארומגענומען פון אַלע זייטען און וואָס איז פאַר זיך אַליין געווען פאַרבאָרגען: געלע וויינטרויבען זיינען פול און פיעל אַראָפּגעהאַנגען פון איהם פאַר דעם וואַנדערער. האָט זיך איהם פאַרוועלט אַ ביסעל שטילען זיין דאָרשט און אָפּרייסען אַ וויינטרויב; אַז ער האָט אָבער שוין אויסגעשטרעקט דערצו זיין אָרעם, האָט זיך איהם נאָך מעהר פאַרגלוסט אַן אַנדער זאַך: דהיינו, זיך אַנידערלייגען נעבען דעם בוים, אין דער שעה פון דעם רעכטען האַלבען טאָג, און אַ שלאָף טאָן.

האָט דאָס זאַראַטוסטרא געטאָן; און ווי נאָר ער איז געלעגען אויף דער ערד, אין דער שטיל און דער פאַרבאָרגענקייט פון דעם פיעל־פאַרביגען גראָז, האָט ער שוין פאַרגעסען אויף זיין ביסעל דאָרשט און איז איינגעשלאָפען. ווייל, ווי זאַראַטוסטרא'ס אַ ווערטעל זאָגט: איין זאַך איז נויטיגער איידער די אַנדער זאַך. נאָר די אויגען זיינען געבליבען אָפען: מחמת זיי האָבען ניט געקאָנט זאַט ווערען אָנקוקענדיג און שעצענדיג דעם בוים און די ליעבע פון דעם וויינשטאָק. בשעת'ן איינשלאָפען אָבער האָט זאַראַטוסטרא אַזוי געזאָגט צו זיין האַרצען:

„שטיל! שטיל! איז די וועלט ניט נאָר וואָס געקומען צו איהר תכלית־השלימות? וואָס קומט מיט מיר פאָר?

ווי אַ חן'עוודיגער ווינט טאַנצט אַן אומגעזעהענער איבער דעם געטאָוועלטען ים, גרינג, ווי אַ פּעדער: אַזוי — טאַנצט דער שלאָף אבער מיר.

קיין איין אויג דריקט ער מיר ניט צו, די נשמה לאָזט ער מיר וואך זיין. גרינג איז ער באמת! פעדער־גרינג.

ער שמועסט מיך איין, איך וויים ניט ווי? ער באריהרט מיך אינוועניג מיט א חניפה־האנט, ער צווינגט מיך. יע, ער צווינגט מיך, מיין נשמה זאָל זיך אויסשטרעקען: —

— ווי לאנג און מיעד זי ווערט, מיין וואונדערליכע נשמה! איז צו איהר געקומען דער אָווענט פון דעם זיעבענטען טאָג גראָד אין מיטען האלבען טאָג? האָט זי שוין צו לאנג ארומגעוואנ־דערט, א גליק־געבענשטע, צווישען גוטע און צייטיגע זאכען?

זי שטרעקט זיך אוים לאנג, לאנג, — נאָך לענגער! זי ליעגט שטיל, מיין וואונדערליכע נשמה. צו פיעל גוטס האָט זי שוין פארזוכט, אָט די גילדערנע טרויעריגקייט דריקט אויף איהר, זי פארדרעהט דעם מויל.

— ווי א שיף, וואָס לויפט אריין אין איהר שטילער בוכט: — איצט לעהנט זי זיך אָן דער ערד, מאט פון דער לאנגער נסיעה און פון די אומזיכערע ים'ען. איז ניט די ערד א סך טייערער?

ווען אָט אזא שיף ליעגט זיך אנידער און טוליעט זיך־צו צו דער ערד: — איז שוין גענוג, אז א שפין פון דער יבשה, זאָל צו איהר צושפינען זיין פאָדים. קיין שטארקערען קאנאט דארף זי נים.

ווי אזא מיעדע שיף אין דער שטילסטער בוכט, אזוי רוה איך אויך איצטער, נאָהענט צו דער ערד, געטריי, צוגעטרויט, ווארטענדיג, צוגעבונדען צו איהר מיט די גרינגסטע פעדים.

אָ גליק! אָ גליק! ווילסט אפשר זינגען, מיין נשמה? דו ליעגסט אין גראָז. אָבער איצטער איז די פארבאָרגענסטע דער־הויבען־יום־טוב'דיגסטע שעה, ווען קיין פאסטוך שפיעלט ניט אויף זיין פלויט.

היט זיך! הייסער טאָג שלאָפט אויף די פעלדער. זינג ניט! שטיל! די וועלט איז אין תכלית־השלימות!

זינג ניט, דו גראָז־פויגעלע, אָ מיין נשמה! טו ניט מורמלען

אפילו! זעה דאָך — שטיל! דער אַלטער האַלבען־טאָג שלאָפט, ער באַוועגט זיינע ליפען: טרינקט ער ניט גראָד איצט אַ טראָפען גליק —

— אַן אַלטען ברוינעם טראָפען גילדערנעם גליק, גילדערנעם וויין? אויף־גיך פליהט עפּעס דורך איבער איהם, זיין גליק לאַכט. אַזוי — לאַכט אַ גאָט. שטיל! —

— „גליק, ווי ווענינ דאַרף מען צו גליק!“ אַזוי האָב איך אַמאָל געזאָגט און געמיינט, אַז איך בין אַ חכם. אבער דאָס איז געווען אַ לעסטערונג: אָ ט ד אָ ס האָב איך איצטער גע־לערנט. קלוגע נאַרען ריידען בעסער.

גראָד דאָס ווינציגסטע, דאָס שטילסטע, גרינגסטע, אַ שאָרך פון אַן עקדעשיל, אַן אָטעם, אַ פליה, אַ הרף־עין — ו ו ע נ י ג ברענגט דעם ב ע ס ט ע ן מין פון גליק. שטיל!

— וואָס איז מיר געשעהן: הער זיך איין! איז די צייט אפשר אוועקגעפלויגען? פאַל איך ניט? בין איך ניט אריינגע־פאַלען אין דעם ברונען פון דער אייביגקייט?

— וואָס איז מיר געשעהען? שטיל! עס שטעכט־מיך — וועה! — אין הארצען? אין הארצען! אָ, ווער צובראָכען, ווער צובראָכען, הארץ, נאָך אַזא גליק, נאָך אַזא שטאָך!

וואָס? איז די וועלט ניט נאָר וואָס געוואָרען בתכלית השלימות? רונד און צייטיג? אָ, די גילדערנע קיילעכינע רייף — וואוהין פליעהט זי? איך לויף נאָך איהר נאָך! אויף־גיך!

שטיל — —“ (און דאָ האָט זיך זאַראַטוסטראַ אויסגעצויגען און האָט געפיהלט, אַז ער איז איינגעשלאָפען.)

„שטעה אויף! האָט ער גערעדט צו זיך גופא, פּעפער! דו פּעפער אין מיטען האַלבען־טאָג! נעמט זיך, הויבט זיך, איהר אַלטע פיס! עס איז שוין צייט און איבער־צייט; אַ היבש שטיקעל וועג איז נאָך געבליבען פאַר אייך —

איהר האָט זיך שוין אויסגעשלאָפען, ווי לאַנג דאָך? אַ האַל־

בע אייבּיגקייט! נעם זיך, הויב זיך, מיין אַלטע הארץ! ווי לאַנג וועסטו זיך נאָך אַזאַ שלאָף דאַרפֿען ערשט אויסוואַכען?"

(אָבער דאָ איז ער אויפ'ס ניי איינגעשלאָפֿען און זיין נשמה האָט גערעדט אַנטקעגען איהם און האָט זיך געוועהרט און האָט זיך ווידער אַנידערגעליינט — „לאָז מיך דאָך! שטיל! איז ניט די וועלט נאָר־וואָס געוואָרען בתכלית־השלימות? אָ דער גילדערנער קיילעכיגער באַל!" —

„שטעה אויף, דו קליינע גנב'טע, דו טאָג־גנב'טע! וואָס? אַלץ נאָך זיך אויסציהען, גענעצען, זיפֿצען, אַרונטערפֿאַלען אין טיעפֿע ברונענס?

ווער ביסטו דאָך? אָ מיין נשמה!" (און דאָ האָט ער זיך איבערגעשראָקען, ווייל אַ זון־שטראַל איז אַרונטערגעפֿאַלען פֿון הימעל אויף זיין פּנים.)

„אָ, הימעל איבער מיר, האָט ער געזאָגט און געזיפֿצט, און האָט זיך אַוועקגעזעצט, דו קוקסט אויף מיר? דו הערסט זיך איין אין מיין וואונדערליכער נשמה?

ווען וועסטו אויסטרינקען אָט דעם טראָפֿען טוי, וואָס איז אַראָפּגעפֿאַלען אויף דער ערד, — ווען טרינקסטו אויס אָט די וואונדערליכע נשמה —

— ווען, דו ברונען פֿון אייבּיגקייט! דו לויטערער שוידערליכער מיטען־טאָג־אָפּגרונט! ווען טרינקסטו צוריק אַריין אין זיך מיין נשמה?"

אַזוי האָט גערעדט זאַראַטוסטראַ און האָט זיך אויפֿגעהויבען פֿון זיין געלעגער ביי דעם בוים, ווי פֿון אַ פֿרעמדער שכרות: און זעה, די זון איז אַלץ נאָך געשטאַנען פּונקט איבער זיין קאָפּ. דערפֿון אָבער וואָלט איינער געקאָנט על פּי רעכט דרינגען, אַז זאַראַטוסטראַ האָט יעמאָלט געשלאָפֿען ניט קיין סך.

* *

*

## די באגריסונג.

עס איז שוין געווען שפעט נאכמיטאג, ווען זאראטוסטרא איז ווידער געקומען אהיים אין זיין הייהל נאך א לאנגען אומזיסטען זוכען און ארומוואגלען. אז ער איז אבער געשטאנען אנטקעגען איהר, ניט קיין צוואנציג שריט ווייט פון איהר, האט פאסירט דאס, אויף וואס ער האט איצטער זיך ווייניגער פאר אלץ געריכט: איבער־א־גייעם האט ער דערהערט דעם גרויסען נויט־געשריי. און, א חדוש נפלא! דאס מאל איז דער געשריי געקומען פון זיין אייגענער הייהל. דאס איז אבער געווען א לאנגער, פיעלפאכער, משונה'דיגער געשריי, און זאראטוסטרא האט דייטליך ארויסגע־הערט, אז ער איז צונויפגעשטעלט פון א סך שטימען: הגם ער וואלט געקלונגען ווי א געשריי פון איין איינציגען מויל, ווען מען וואלט איהם געהערט פון דער ווייט.

איז זאראטוסטרא צוגעלאפען צו זיין הייהל, און זעה, וואס פאר א ספעקטאקעל עס האט געווארט אויף איהם נאך יענעם קאנצערט! ווייל דארטען זיינען זיי אין איינעם געזעסען, אט די אלע, וואס ער איז בייטאג פארבייגעגאנגען פארביי זיי: דער מלך פון רעכטס און דער מלך פון לינקס, דער אלטער צויבערער, דער פויפסט, דער פרייוויליגער בעטלער, דער שאטען, דער גע־וויסענהאפטער פון דעם גייסט, דער טרויעריגער וואהרזאגער און דער אייזעל; דער מיאוס'טער מענש אבער האט זיך אנגעטאן א קרוין און האט זיך ארומגענארטעלט מיט צוויי פורפעלנע גארט־לען, — ווייל ער האט, ווי איטליכע מיאוס'קייט, האלד געהאט צו קליידען זיך און צו שעהנדלען זיך. אבער אין מיטען פון אט דער באטריבטער געזעלשאפט איז געשטאנען זאראטוסטרא'ס אד־לער מיט אנגעשטעלטע פעדערען, און אומרוהיגער, ווייל ער האט געדארפט ענטפערען אויף א סך זאכען, פאר וועלכע זיין שטאלץ האט ניט געהאט קיין ענטפער; די קלוגע שלאנג איז אבער געהאנ־גען ארום זיין האלז.

דאס אלץ האט זאראטוסטרא אנגעקוקט מיט גרויס פארוואונ־

דערונג; דערנאָך אָבער האָט ער זיך אריינגעקוקט אין יעדען איינצעלנעם מיט אַ ליטזעליגער נייגיער, האָט איבערגעלייענט זייערע נשמות און האָט זיך אויפ'ס ניי געוואונדערט. דערווײַלע האָבען זיך די פאַרזאַמעלטע אויפגעהויבען פון זייערע פּלעצער און האָבען מיט יראת־הכבוד געוואַרט, אַז זאַראַטוסטראַ זאָל אָנהויבען ריידען. און זאַראַטוסטראַ האָט אַזוי גערעדט:

„איהר פאַר'יאוש'טע! איהר משונה'דיגע! הייסט עס, דאָס האָב איך אַ י י ע ר נויט־געשריי געהערט? און איצטער ווייס איך אויך, וואו יענעם צו זוכען, וועמען איך האָב היינט אומזיסט געזוכט: ד ע ם ה ע כ ע ר ע ן מ ע נ ש ע ן —:

— אין מיין אייגענער הייהל זיצט ער, דער העכערער מענש! אָבער וואָס וואונדער איך זיך? האָב איך אַליין ניט פאַרפיהרט איהם צו מיר, דורך אַ האָניג־קרבן און שלאַנגען־קלוגע ציעהרופען פון מיין גליק?

פון דעסטוועגען דוכט מיר, איהר פּאַסט זיך שלעכט אין אַ געזעלשאַפט; ווען איהר זיצט דאָ אין איינעם, מאַכט איהר איינער דעם אַנדערען שווער אויפ'ן הארצען, איהר נויט־שרייער. עס מוז נאָך קומען איינער,

— איינער, וואָס זאָל אייך ווידער מאַכען לאַכענדיג, אַ גוטער פרעהליכער מאַרשעליק, אַ טענצער, אַ ווינט, אַ ווילדער פויגעל, עפּעס אַן אַלטער שוטה: — וואָס קלערט איהר?

האָט אויף מיר קיין פאַראיבעל ניט איהר פאַר'יאוש'טע, וואָס איך רייד צו אייך אַזעלכע קליינע ווערטער, בנאמנות, ניט־חשוב'ע פאַר אַזעלכע געסט! אָבער איהר טרעפט ניט, וואָס עס מאַכט שטיפעריש מיין הארץ: —

— איהר אַליין מאַכט דאָס און אייער אָנבליק, במחילת כבודכם! מחמת איטליכער ווערט מוטיג, וואָס קוקט אָן אַ פאַר־יאוש'טען. אויף אויפמונטערען אַ פאַר'יאוש'טען רעכענט זיך איטליכער פאַר גענוג שטאַרק.

אפילו מיר האָט איהר געגעבען אָט די קראַפט, — אַ גוטע

מתנה, מיינע חשוב'ע געסט! אַן עהרליכען גאַסט־געשאַנק! איז מילא בכן, זייט ניט ברוגז ווען איך וועל אייך מכבד זיין מיט עפּעס פון מיינס.

דאָס אָט־אָ איז מיין ממשלה און מיין הערשאַפט: אָבער דאָס, וואָס איז מיין, זאָל פאַר היינטיגען אָוונט און היינטיגער נאַכט זיין אייערס. מיינע חיות זאָלען אייך באַדיענען: מיין הייהל זאָל זיין אייער רוה־פּלאַץ!

ביי מיר אין דערהיים און אין מיין הויז זאָל קיינער ניט פאַרצווייפלען; אין מיין גבול באַשיץ איך איטליכען פון זיינע ווילדע חיות. און דאָס איז דאָס ערשטע וואָס איך גיב אייך: זיכערקייט!

דאָס צווייטע אָבער איז: מיין קליינער פינגער. און האָט איהר פריהער איהם, איז נעמט שוין אויף די גאַנצע האַנט, מילא! און דאָס הארץ דערצו! ברוכים הבאים דאָ, ברוכים הבאים, מיינע גאַסט־פריינד!"

אזוי האָט גערעדט זאַראַטוסטראַ און האָט געלאַכט מחמת ליעבע און בייזקייט. נאָך אָט דער באַגריסונג האָבען זיך זיינע אורחים נאָכאַמאָל פאַרנייגט צו איהם און האָבען געשוויגען אין יראת־הכבוד; דער קעניג פון רעכטס אָבער האָט איהם גענענט־פערט אין זייער נאָמען.

„אין דעם, אָ זאַראַטוסטראַ, ווי דו האָסט אונז אָנגעבאָטען דיין האַנט און הויז, דערקענען מיר זאַראַטוסטראַ'ן אין דיר. דו האָסט זיך דערנידעריגט פאַר אונז; דו האָסט שיער ניט וועה־געטאָן אונזער יראת־הכבוד —:

ווער אָבער וואָלט געקאָנט אזוי ווי דו זיך דערניעדעריגען מיט אזא שטאָלץ? ד אָ ס הויבט אונז גופא אויף, א דערקוויקונג איז עס פאַר אונזערע אויגען און הערצער.

כדי נאָר דאָס אליין אָנצוקוקען, וואָלטען מיר גריילעך גע־שטיעגען נאָך אויף העכערע בערג, איידער דער. מחמת מיר זיי־

נען נעקומען אהער ווי זעה־לוסטיגע, מיר האָבען געוואָלט זעהן דאָס, וואָס מאכט טונקעלע אויגען ווירער העל.

און זעה, עס איז שוין אויס מיט אונזערע נויט־געשרייען. שוין שטעהט אָפען אונזער זין און אונזער הארץ און קוועלט פאר שמחה. נאָך א ביסעל: און אונזער מוט ווערט ווערען שטיפעריש.

אויף דער ערד, אָ זאראטוסטרא, וואקסט קיין זאך ניט, וואָס זאָל מעהר דערפרעהען, איידער א הויכער שטארקער ווילען: ער איז איהר שענסטער געוויקס. א גאנצע לאנדשאפט קוועלט אָן פון אזא בוים.

איך פארגלייך יענעם צו א פיניע, ווער עס וואקסט אויס אזוי ווי דו, אָ זאראטוסטרא: לאנג, שווייגעדיג, הארט, אליין פון בעס־טען בויגיגען האָלץ, פרעכטיג, —

— צום סוף אָבער ארויסשטרעקענד די שטארקע גרינע צווייגען נאָך ז י י ן הערשאפט, שטארקע שאלות פרעגענדיג ביי דעם ווינט און דעם שטורעם און ביי אלץ וואָס איז אין דער היים אויף די הויכע בערג,

— שטארקער ענטפערענדיג, א באַפעהלענדער, א זיעגרייכער: אָ, ווער וואָלט ניט געקלעטערט אויף הויכע בערג, כדי אָנ־צוקוקען אזא געוועקס?

ביי דיין בוים דאָ, אָ זאראטוסטרא, דערקוויקט זיך אויך דער פארפינסטערטער, דער ניט־געראָטענער, פון דיין אנבליק ווערט אויך דער ניט־איינגעשטעלטער זיכער און היילט זיין הארץ.

און באמת, צו דיין בארג און בוים ווענדען זיך היינט א סך אויגען; א גרויסע בענקשאפט האָט זיך אויפגעהויבען, און ניט ווייניגע האָבען זיך אויסגעלערנט צו פרעגען: ווער איז זאראטוסטרא?

און וועמען דו האָסט יעמאָלט דיין ליעד און דיין האָניג אין אויער ארייננעשפריצט: אלע אָט די פארשטעקטע, די מתבודדים, צו איינס און צו צוויי, האָבען מיט א מאָל גענומען ריידען אין זייער הארצען:

„לעבט נאָך זאַראַטוסטראַ ? עס לוינט זיך ניט מעהר צו לע־בען, אַלץ איז אַלץ־איינס, אַלץ איז אומזיסט: סיידען — מיר זאָ־לען לעבען מיט זאַראַטוסטראַ'ן!"

„פאַר וואָס קומט ער ניט, וואָס האָט אַזוי לאַנג געלאָזט ווי־סען פון זיך? אַזוי פרעגען אַ סך מענשען; האָט איהם די איינ־זאַמקייט איינגעשלונגען? אָדער זאָלען מיר קומען צו איהם?"

איצטער פאַסירט, אַז די איינזאַמקייט גופא ווערט צוברע־קעלט און צובראָכען, ווי אַ קבר וואָס צוברעכט און קאָן ניט איינ־האַלטען זיינע מתים. אומעטום זעהט מען אויפגעשטאַנענע פון די קברים.

איצטער שטייגען און שטייגען די וואַלען ארום דיין באַרג, אָ זאַראַטוסטראַ. און ווי הויך עס זאָל ניט זיין דיין הויך, מוזען פיעלע צו דיר ארויף: דיין שיפעל זאָל לאַנג ניט בלייבען אין דער טריקע־ניש.

און דאָס וואָס מיר, פאַר'יאוש'טע, זיינען איצטער געקומען אין דיין הייהל און פאַרצווייפלען שוין ניט מעהר: איז דאָס נאָר אַ סימן און אַ פאָרצייכען, אַז נאָך בעסערע זיינען אונטערוועגענס צו דיר, —

— ווייל ער אַליין איז אונטערוועגענס צו דיר, דער לעצטער איבערבלייב פון גאָט צווישען די מענשען, דאָס הייסט: אַלע מענ־שען פון דער גרויסער בענקשאַפט, פון דעם גרויסען עקעל, פון דער גרויסער דערעסענקייט,

— אַלע יענע, וואָס ווילען ניט לעבען, סיידען זיי לערנען זיך ווידער אויס צו  ה אָ פ ע ן — אָדער זיי לערנען ביי דיר, אָ זאַ־ראַטוסטראַ, די  ג ר ו י ס ע  האָפנונג!"

אַזוי האָט גערעדט דער מלך פון רעכטס און האָט גענומען זאַ־ראַטוסטראַ'ס האַנט אַ קוש צו טאָן; אָבער זאַראַטוסטראַ האָט זיך געוועהרט פון אַזאַ כבוד און האָט, אַ דערשראָקענער, אַ שווייגענ־דינער, פלוצלונג אַ טראָט געטאָן צוריק, ווי ער וואָלט אַנטפליהען אין ווייטע ווייטען. אין אַ ווײלע ארום איז ער אָבער שוין ווידע־

דער געוועזן ביי זיינע געסט, האט געקוקט אויף זיי מיט לויטערע, פארשעמטע אויגען און האט געזאגט:

„מיינע געסט, איהר העכערע מענשען, איך וויל מיט אייך ריידען דייטש און דייטליך. ניט אויף א י י ך האב איך דא געווארט אין די בערג.“

(„דייטש און דייטליך? זאל זיך גאט דערבארעמען! האט דא געזאגט אן א זייט דער מלך פון לינקס; מען זעהט, ער איז ניט גאר באקענט מיט די ליעבע דייטשען, אט דער קלוג־שאפענער פון מזרח־לאנד!

אבער ער מיינט „דייטש און גראב“ — נו, מילא! דאס איז היינט ניט דער ערגסטער געשמאק!“)

„אלע אין איינעם מעגט איהר זיך באמת זיין העכערע מענ־שען, האט זאראטוסטרא ווייטער גערעדט: אבער פאר מיר זייט איהר ניט גענוג הויך און שטארק.

פאר מיר, דאס הייסט, פאר דאס ניט־צו־דערבעטענע, וואס שווייגט אין מיר, אבער וועט ניט שטענדיג שווייגען. און אויב איהר געהערט צו מיר, איז פארט ניט ווי מיין רעכטער ארעם.

מחמת דער, וואס שטעהט אויף קראנקע און פארצערטעלטע פיס, ווי איהר, יענער וויל קודם כל, צי ער ווייס דאס, אדער בא־האלט דאס פון זיך: אז מען זאל איהם ש א נ ע ו ו ע ן.

מיינע ארעמס אבער און מיינע פיס שאנעווע איך ניט, א י ך ש א נ ע ו ו ע נ י ט מ י י נ ע ק ר י ע ג ס־ל י י ט: ווי אזוי וואלט איהר געקאנט טויגען פאר מ י י ן קריעג?

מיט אייך וואלט איך מיר פארדארבען יעדען זיעג. און ניט איינער פון אייך וואלט אניעדערגעפאלען, ווי נאר ער וואלט דער־הערט דעם הילכיגען שאל פון מיינע פויקען.

אויך זייט איהר פאר מיר ניט גענוג שעהן און וואויל־געבויר־טיג. איך דארף האבען ריינע, גלאטע שפיעגלען פאר מיינע לער־נונגען; אויף אייער אויבערפלאך ווערט מיין בילד פארקרימט.

אויף אייערע אקסלען דריקט ניט איין לאסט, ניט איין ער־

אינערונג; ניט איין ניט־גוטער קארליק זיצט צונויפגעהויקערט אין אייערע ווינקלען. עס איז דאָ אַ פארבאָרגענער המון־עס נאָך אין אייך.

און הגם איהר זייט הויך און פון אַ העכערען מין: איז נאָך אַ סך אין אייך קרום און פון שלעכטער געשטאַלט. ניטאָ קיין איין שמיעד אין דער וועלט, וואָס זאָל אייך גוט איבערהאַמערען און אויסגלייכען פאַר מיר.

איהר זייט נאָר בריקען: זאָלען העכערע אויף אייך אַריבער־שרייטען. איהר באַדייט טרעפּען: איז — זייט ניט אין כעס אויף דעם, וואָס שטייגט איבער אייך אַוועק צו ז י י ן הויך!

פון אייער זריעה קאָן מיר אַ מאָל נאָך אויסוואַקסען אַן עכטער זוהן און פולער יורש: אָבער דאָס איז נאָך ווייט. איהר אַליין זייט ניט יענע, וועמען עס געהערט מיין נחלה און מיין נאָמען.

ניט אויף אייך ווארט איך דאָ אין די בערג, ניט מיט אייך מעג איך צום לעצטען מאָל אַראָפּשטייגען. נאָר ווי פאָר־צייכענס זייט איהר געקומען צו מיר, אַז העכערע זיינען שוין אונטערוועג־נענס צו מיר, —

נ י ט די מענשען פון דער גרויסער בענקשאַפט, פון דעם גרויסען עקעל, פון דער גרויסער דערעסענקייט און דאָס, וואָס איהר האָט אָנגערופען גאָט'ס שארית הפליטה,

— ניין! ניין! דריי מאָל ניין! אויף אַ נ ד ע ר ע ווארט איך דאָ אין אָט די בערג, און וועל אָהן זיי אַ פוס ניט אַ הויב טאָן פון דאַנען,

— אויף העכערע, שטאַרקערע, מעהר נצחון'דיגע, אויפגע־ראַמטערע, אַזעלכע, וואָס זיינען רעכט־ווינקעליג געבויט אין לייב און זעעל: ל א כ ע נ ד ע ל י י ב ע ן מוזען קומען.

אַ, מיינע גאַסט־פריינד, איהר וואונדערליכע, — האָט איהר נאָך גאָר נישט ניט געהערט פון מיינע קינדער? און אַז זיי זייז־נען אונטערוועגענס צו מיר?

רעדט דאָך צו מיר וועגען מיינע גערטענער, וועגען מיינע

גליק־געבענשטע אינזלען, וועגען מיין נייעם שעהנעם מאָן, — פאַר וואָס רעדט איהר צו מיר ניט וועגען דעם?

אָט דעם גאַסט־געשאַנק בעט איך מיר אויס פון אייער ליעבע, איהר זאָלט צו מיר ריידען וועגען מיינע קינדער. צוליעב דעם בין איך רייך געוואָרען, צוליעב דעם בין איך אָרעם געוואָרען: וואָס האָב איך ניט אוועקגעגעבען,

— וואָס וואָלט איך ניט אוועקגעגעבען, איך זאָל נאָר האָבען איינס: אָ ט ד י קינדער, אָ ט ד י לעבעדיגע פּלאַנצונג, אָ ט ד י לעבענס־בוימער פון מיין ווילען און מיין העכסטער האָפנונג!"

אַזוי האָט גערעדט זאַראַטוסטראַ און האָט פּלוצלונג זיך אָפּ־געשטעלט אין זיינע רייד: ווייל זיין בענקשאַפט האָט איהם באַ־פאַלען, — און ער האָט צוגעמאַכט אויגען און ליפּען מחמת דעם אויפציטער פון זיין הארצען. און אַלע זיינע געסט האָבען אויך געשוויגען און זיינען געשטאַנען שטיל און געפּלעפט: מעהר ניט דער אַלטער וואָהרזאָגער האָט מיט די אויגען און די מינעס געגע־בען צייכענס.



## די אָוועגט־מאָלצייט.

מחמת ביי אָט דער שטעל האָט דער וואהרזאָגער איבערגע־ריסען די באַגריסונג זאַראַטוסטראַ'ס און פון די געסט: ער האָט זיך צוגעשטופּט צום פאָרענט, ווי איינער, וואָס קאָן ניט פאַרלירען קיין צייט, האָט אָנגענומען זאַראַטוסטראַ'ס האַנט און האָט אויס־געַרופען: „אָבער זאַראַטוסטראַ!

איין זאַך איז נויטווענדיגער, איידער די אַנדערע, אַזוי האָסטו אַליין געזאָגט: איז אָט, איין זאַך איז מ י ר איצטער נויטווענ־דיגער, איידער יעדע אַנדער זאַך.

א וואָרט אין דער ריכטיגער צייט: האָסטו מיך ניט איינגע־לאַדען צו א מאָלצייט? און עס זיינען דאָ פיעלע, וואָס האָבען

נעמאַכט אַ לאַנגען וועג. דו ווילסט דאָך אונז ניט שפּייזען מיט רעדעס?

אַ חוץ דעם האָט איהר דאָ אַלע שוין צופיעל גערעדט וועגען דערפריירען, דערטרינקען זיך, דערשטיקט ווערען און אנדערע סכנות פאַר דעם חומר: קיינער האָט אָבער ניט דערמאָנט מ י י ן סכנה, איך מיין, פאַרהונגערן—"

(אזוי האָט גערעדט דער וואהרזאָגער; אָבער ווי נאָר די חיות האָבען דערהערט זיינע ווערטער, זיינען זיי אָוועקגעלאָפען, דער־שראָקענע; וויל זיי האָבען געזעהען, אַז וויפיעל שפּייז זיי האָבען ניט געבראַכט אהיים ביי טאָג, וועט דאָס ניט קלעקען אָנצושטאָ־פּען דעם איין וואהרזאָגער.)

„צוגערעכענט דאָס פאַרדאַרשטען, האָט ווייטער גערעדט דער וואָהרזאָגער. און ווען אפילו איך הער דאָ פּלעטשערן וואסער, ווי די רעדען פון קלוגשאַפענקייט, ד. ה., פול־און־פיעל און אָהן אַ אויפהער: איך — וויל ווייַן!

ניט איטליכער איז, ווי זאראַטוסטראַ, אַ געבוירענער וואסער־טרינקער. וואסער טויג אויך ניט פאַר איינגעמאַטערטע און פאַר־וועלקטע: א ו נ ז קומט וויין, — נאָר ע ר גיט פלוצלונג באַ־נייטע קרעפטען און געזונט אין אַ הרף־עין!"

ביי אָט דער געלעגענהייט, ווען דער וואהרזאָגער האָט געבעט־טען ווייַן, האָט פּאַסירט, אַז אויך דער מלך פון לינקס, דער שוויי־גער, האָט אַ מאָל געגומען אַ וואָרט. „וועגען ווייַן, האָט ער גע־זאָגט, האָבען מ י ר געזאָרגט, איך מיט מיין ברודער, דעם מלך פון רעכטס: מיר האָבען גענוג ווייַן, — אַ גאַנצען אייזעל פול. איז — פעהלט מעהר נישט ווי ברויט."

„ברויט? האָט געענטפערט זאראַטוסטראַ און געלאַכט דער־ביי. קיין ברויט גראָד האָבען ניט די מתבודדים. אָבער ניט אויף ברויט אליין לעבט אַ מענש, נייערט אויך אויף פלייש פון גוטע לעמער, און איך האָב צוויי אזוינע:

— זיי זאָל מען געשווינד שלאַכטען און געווירציג צוגרייטען

מיט שאַלפּיי: אַזוי האָב איך דאָס האַלט. אויך פּעהלען ניט קיין וואָרצלען און פּירות, וואָס זיינען גענוג גוט פאַר מפונקים און מבינים; גם כן ניס און אַנדערע רעטעניישען צום קנאַקען.

אַזוי־אַ וועלען מיר באַלד מאַכען אַ גוטע סעודה. ווער עס וויל אָבער מיט־עסען, מוז אויך אַ האַנט צולייגען צו דער אַרבייט; די מלכים אויך. מחמת ביי זאַראַטוסטראַ'ן מעג אויך אַ מלך זיין אַ קוכער."

מיט אָט דעם פאָרשלאַג האָט ער אַלעמען גערעדט צום האַר־צען: נאָר דער פריייוויליגער בעטלער האָט ניט געוואָלט וויסען פון פלייש און וויין און געווירצען.

„הערט אָקאָרשט דעם זולל־וסובא זאַראַטוסטראַ! האָט ער געזאָגט אין שפּאַס. געהט מען צוליעב דעם אַוועק אין די הוילען און די הויכע בערג, כדי צו מאַכען אַזעלכע סעודות?

איצטער פאַרשטעה איך שוין, וואָס ער האָט אונז אַ מאָל גע־לערנט: „געלויבט זאָל זיין דער קליינער דלות!" און פאַר וואָס ער וויל אָפּשאַפען די בעטלער".

„זיי אויפגעראַמט, ווי איך, האָט איהם געענטפערט זאַראַ־טוסטראַ. בלייב ביי דיינע מדות, דו אויסגעצייכענטער, צומאָל דיינע קערענער, טרינק דיין וואַסער, לויב דיין קיך: אויב זי מאַכט דיך נאָר פרעהליך.

איך בין אַ געזעץ נאָר פאַר די מייניגע, איך בין ניט קיין גע־זעץ פאַר אַלעמען. דער אָבער, וואָס געהערט צו מיר, מוז זיין מיט שטאַרקע ביינער און אויך מיט גרינגע פיס,—

— לוסטיג צו מלחמות און יום־טובים, ניט קיין אָנגערוקטער, ניט קיין בעל־חלום, אָנגעגרייט צום שווערסטען ווי צו זיינעם אַ יום־טוב, געזונט און גאַנץ.

דאָס בעסטע געהערט מיר און די מייניגע; און ניט מען אונז ניט, נעהמען מיר דאָס: די בעסטע שפּייז, דעם ריינסטען הימעל, די שטאַרקסטע געדאַנקען, די שעהנסטע פרויען!"—

צזוי האָט גערעדט זאַראַטוסטראַ; דער מלך פון רעכטס האָט

אבער געענטפערט: „חדושים! האָט מען ווען געהערט אזעלכע קלוגע זאכען פון א קלוגשאפּענעם'ס ליפּען?

און באמת, דאָס איז דאָס חדוש'דיגסטע אין א קלוגשאפּענעם, וואָס צו אלע מעלות, איז ער אויך נאָך קלוג און ניט קיין אייזעל."

אזוי האָט גערעדט דער מלך פון רעכטס און האָט זיך געוואונ־דערט; דער אייזעל אָבער האָט מיט א בייזען ווילען געזאָגט י—אָ צו זיינע רייד. דאָס איז אָבער געווען דער אָנהויב פון א לאנגער סעודה, וואָס איז אין די ביכער פון די היסטאָריעס אנגערופען גע־וואָרען „די אָוועגט־מאָלצייט". ביי דער דאָזיגער סעודה האָט מען אָבער וועגען קיין זאַך ניט גערעדט, ווי נאָר וועגען דעם העכערען מענשען.



# דער העבּרעער מענש.

1.

אַז איך בין צום ערשטען מאָל צו דעם מענשען געקומען, האָב איך געטאָן אַ מתבודדים־נאַרישקייט, די גרויסע נאַרישקייט: איך האָב מיך אַוועקגעשטעלט אויפ׳ן מאַרק.

און אַז איך האָב גערעדט צו אַלעמען, האָב איך ניט גערעדט צו קיינעם ניט. אין אָוונט זיינען אָבער שטריק־טענצער און בר־מינן׳ס מיינע חברים געווען; און איך בין אַליין געוועזן כמעט ווי אַ בר־מינן.

מיט דעם נייעם פריה־מאָרגען איז אָבער געקומען צו מיר אַ נייער אמת: דאָ האָב איך מיר אויסגעלערנט צו זאָגען: „וואָס אַרט מיך מאַרק און המון־עם און המון־עם־ליאַרם און לאַנגע המון־עם־אויערען!“

איהר העבּרעע מענשען, אָט דאָס נעהמט אַראָפּ אַ מוסר פון מיר: אויף דעם מאַרק גלויבט קיינער ניט אין העבּרעע מענשען. און ווילט איהר דאָרטען רעדען, נו, מילא! דער המון אָבער פינטעלט מיט די אויגען „מיר זיינען אַלע גלייך“.

„איהר, העבּרעע מענשען, — אַזוי פינטעלט מיט די אויגען דער המון, — עס זיינען ניטאָ קיין העבּרעע מענשען, מיר זיינען אַלע גלייך, מענש איז מענש, פאַר דעם רבונו־של־עולם זיינען מיר אַלע גלייך!“

פאַר דעם רבונו־של־עולם! — איז אָבער געשטאָרבען אָט דער רבונו־של־עולם. פאַר דעם המון אָבער ווילען מיר ניט גלייך זיין. איהר, העבּרעע מענשען, געהט אַוועק פונ׳ם מאַרק.

*   *
*

## 2.

פאר דעם רבונו־של־עולם! — איז אָבער געשטאָרבען אָט דער רבונו־של־עולם! איהר העכערע מענשען, אָט דער גאָט איז געוועזן אייער גרעסטע סכנה.

זינט ער ליעגט אין קבר, זייט איהר ערשט אויפגעשטאַנען תחית המתים. איצטער ערשט קומט דער גרויסער מיטען־טאָג, איצט ערשט ווערט דער העכערער מענש — א האר!

האָט איהר אָט דאָס וואָרט פאַרשטאַנען, אָ מיינע ברידער? איהר זייט דערשראָקען: האָט אייך אָנגעהויבען שווינדלען אין הארצען? רייסט זיך דאָ אויף פאר אייך א תהום? פאַלט אויף אייך אָן דאָ דער גיהנום־הונט?

איז וואָס! טוט זיך א נעהם! איהר העכערע מענשען! ערשט איצט געהט צו קינד דער בארג פון דער מענשען־צוקונפט. גאָט איז געשטאָרבען: איצטער ווילען מ י ר, — אז דער אויבער־מענש זאָל לעבען.

* *

*

## 3.

די בעל־דאגות פרעגען היינט: „ווי זאָל מען דעם מענשען אויפהאַלטען?" זאראַטוסטרא אָבער פרעגט, — דער איינציגער און ערשטער: „ווי זאָל מען דעם מענשען א ר י ב ע ר ש ט י י־ג ע ן?"

וועגען דעם אויבער־מענש טראַכט מיין הארץ, ער איז מיין ערשט און מיין איינציגס, — און נ י ט דער מענש: ניט דער נאָהענטסטער, ניט דער אָרעמסטער, ניט דער ליידענדסטער, ניט דער בעסטער. —

אָ מיינע ברידער, נאָר איינס קאָן איך ליעבען אין דעם מענ־שען, דאָס, וואָס ער איז אַן אריבער־גאַנג און אַן אונטערגאַנג. און אויך אין אייך איז דאָ א סך אַזוינס, וואָס מאַכט מיך ליעבען און האָפען.

וואָס איהר טוט מבזה זיין, איהר העכערע מענשען, אַט דאָס מאַכט מיך האָפען. מחמת די גרויסע פאַראַכטער זיינען די גרויסע פאַרעהרער.

וואָס איהר פאַרצווייפעלט, אין דערין איז דאָ אַ סך וואָס עהרליך צו האַלטען. ווייל איהר האָט ניט געלערנט, ווי זיך אונ־טערצוגעבען, איהר האָט ניט געלערנט די קליינע קלוגקייטען.

מחמת היינט זיינען די קליינע לייט די האַרען געוואָרען: זיי אַלע פּרעדיגען הכנעה און עניוות און קלוגקייט און התמדה און האָב־אין־זינען'ס און דאָס לאַנגע און אַזוי ווייטער פון די קליינע טוגענדען.

דאָס, וואָס איז פון דעם ווייבערשען מין, וואָס שטאַמט פון דעם קנעכטישען מין און בפרט פון דעם ערב־רב־מישמאַש: אַ ט ד אָ ס וויל איצטער ווערען דער האַר איבער דעם גאַנצען שיק־זאַל פון דעם מענשען — אָ חלשות! חלשות! חלשות!

אַט אַזוינס פרעגט מען און מען פרעגט אין מען ווערט ניט מאַט: „ווי דערהאַלט מען דעם מענשען אַם בעסטען, אַם לענג־סטען, אויף דעם אַנגענעמסטען אופן" — דורך דעם זיינען זיי די האַרען פון היינט.

אַט די האַרען פון היינט זייט מיר גובר, אָ מיינע ברידער,— אַט די קליינע לייט: זיי זיינען די גרעסטע געפאַהר פאַר דעם אויבערמענש!

זייט מיר גובר, איהר העכערע מענשען, די קליינע טוגענדען, די קליינע קלוגקייטען, די זעמדעל־באַטראַכטען, די מילבישע קטנות המוחין, די צרה'דיגע רחבת-הלב, „דעם גליק פון דער גרעס־טער צאָהל" —!

און בעסער פאַרצווייפעלט, איידער זיך אונטערגעבען. און באמת איך ליעב אייך דערפאַר, וואָס איהר ווייסט היינט ניט, ווי צו לעבען, איהר העכערע מענשען! מחמת אַזוי־אַרום לעבט **איהר** — אויפ'ן בעסטען אופן.

* *
*

4.

האָט איהר מוט, אַ מיינע ברידער? זייט איהר באַהאַרצט? ניט דעם מוט פאַר די אויגען פון עדות, נייערט מתבודדים־מוט און אָדלער־מוט, וואָס אפילו קיין גאָט זעהט ניט מעהר?

קאַלטע נשמות, מולען, בלינדע, שכור'ע רוף איך ניט באַהאַרצט. אַ שטאַרקע האַרץ האָט, ווער עס קען די מורא, אָבער ער באַצווינגט די מורא; ווער עס זעהט דעם אָפּגרונט, אָבער מיט שטאָלץ.

ווער עס זעהט דעם אָפּגרונט, אָבער מיט אָדלער־אויגען, — ווער עס פּאַקט דעם אָפּגרונט — מיט אָדלער־קרעלען: יענער האָט קוראַזש. — —

*   *
*

5.

„דער מענש איז בייז" — אַזוי האָבען גערעדט מיר צו טרויסט אַלע קלוגשאַפּענסטע. אַך, ווען דאָס זאָל נאָך היינט זיין אַן אמת! ווייל די בייז איז דעם מענשענס בעסטע קראַפט.

„דער מענש מוז בעסער און בייזער ווערען" — אַזוי לערן איך. ס'בייז איז נויטיג פאַר דעם אויבערמענשענס בעסט.

עס האָט געקאָנט זיין גוט פאַר יענעם פּריידיגער פון די קליינע לייט, וואָס ער האָט געליטען און געטראָגען אויף זיך די זינד פון דעם מענשען. איך אָבער פרעה זיך אויף דער גרעסטער זינד, ווי אויף מיין גרעסטער טרויסט. —

אַזוינס איז אָבער ניט פאַר לאַנגע אויערען געזאָגט געוואָרען. ניט איטליך וואָרט געהערט אויך אין יעדענס מויל. דאָס זיינען איידעלע ווייטע זאַכען: נאָך זיי זאָלען זיך ניט אויסשטרעקען קיין שעפּסענע פּיסלעך.

*   *
*

6.

איהר העכערע מענשען, מיינט איהר, איך בין דא, כדי צו פארריכטען וואס איהר האט איבערגעפיהרט?

אדער איך האב געוואלט מאכען מהיום והלאה באקוועמערע בעטען פאר אייך, ליידענדע? אדער באווייזען אייך, איהר ניט־איינגעשטעלטע, פאראירטע, פארקלעטערטע, נייע, גרינגערע פוס־שטעגען?

ניין! ניין! דריי מאל ניין! כסדר מעהר, כסדר בעסערע פון אייער מין זאלען געהן לאיבוד, — ווייל איך זאל כסדר ווערען אלץ ערגער און הארטער, נאר אויף אזא אופן,

— נאר אויף אזא אופן וואקסט דער מענש אין דער הויך, וואו עס טרעפט איהם דער בליץ און צוברעכט: הויך גענוג פאר דעם בליץ!

צו דעם ווייניגען, דעם לאנג־וועהרענדען, דעם ווייטען טראגט זיך מיין זין און מיין בענקשאפט: וואס וואלט מיך גע־ארט אייער קליינער, פיעלער, קורצער דלות!

איהר ליידט מיר נאך ניט גענוג! ווייל איהר ליידט פון —וועגען זיך, איהר האט נאך ניט געליטען פון — וועגען ד ע ם מ ע נ ש ע ן. איהר וואלט געלאיגט, ווען איהר וואלט דאס גע־לייקענט. איהר ליידט קיינער ניט פון דעם, וואס א י ך האב געליטען. — —

*　*

*

7.

עס איז פאר מיר ניט גענוג, וואס דער בליץ טוט מעהר ניט אן קיין שאדען. ניט אפציהען וויל איך איהם: ער דארף זיך אויסלערנען פאר מ י ר צו — ארבייטען. —

מיין קלוגשאפט זאמעלט זיך שוין לאנג אן, ווי א וואלקען, זי ווערט שטילער און טונקעלער. אזוי מאכט דאס איסליכע קלוג־שאפט, וואס דארף א מאל געבוירען א בליץ. —

פאר אַט די מענשען פון היינט וויל איך ניט זיין קיין ל י כ ט־ש י י ן, ניט גערופען ווערען ליכט־שיין. זיי — וויל איך פאר־בלענדרען: בליץ פון מיין קלוגשאפט! שטעך זיי אויס די אויגען!

*    *
*

8.

ווילט קיין זאך ניט איבער אייער יכולת: עס איז א ניט־גוטע פאלשקייט ביי אזוינע, וואָס ווילען איבער זייער יכולת.

בפרט ווען זיי ווילען גרויסע ענינים! ווייל זיי וועקען אויף א חשד אנטקעגען גרויסע ענינים, אַט די פיינע פאלשע־מטבע־ני־קעס און אקטיאָרען: —

ביז זיי ווערען לסוף פאלש פאר זיך אליין, קרום־אויגיג, באפּארבטער ווערים־אויספרעס, באמאנטעלט מיט שטארקע ווער־טער, מיט אויסהענג־טוגענדען, דורך גלענצענדע פאלשע ווערק.

זייט דאָ זעהר פאָרזיכטיג, איהר העכערע מענשען! מחמת קיין זאך איז ביי מיר היינט ניט טייערער און זעלטענער איידער אָרענטליכקייט.

איז אַט דער היינט ניט דעם המון׳ס? המון אָבער וויס ניט, וואָס איז גרויס, וואָס איז קליין, וואָס איז פשוט און אָרענטליך: ער איז אומשולדיג קרום און לאיגט תמיד.

*    *
*

9.

האָט היינט א גוטען חשד, איהר העכערע מענשען, איהר בא־הארצטע! איהר אָפענהארציגע! און האלט אייערע טעמים בסוד! מחמת אַט דער היינט איז דעם המון׳ס.

וואָס דער המון האָט זיך אמאָל אויסגעלערנט צו גלויבען אָהן א טעם, ווער וואָלט דאָס געקאָנט ביי איהם מיט טעמים — אניע־דערוואַרפען?

און אויף דעם מארק איבערצייגט מען מיט האוואיעס. טעמים אָבער רופען ארויס א חשד ביי דעם המון.

און ווען אַן אמת איז דאָ אמאָל געקומען צו א טריאומף, יע־מאָלט פרעגט ביי זיך מיט א גוטען חשד: „וואָסער שטארקער טעות האָט געקעמפט פאר איהם?“

היט זיך אויף פאר די געלערנטע! זיי האָבען אייך פיינט: ווייל זיי זיינען אומפרוכפּער! זיי האָבען קאלטע פארטריקענטע אויגען, פאר זיי ליעגט יעדער פויגעל אָן אָפּגעפּליקטער.

אזוינע גרויסען זיך דערמיט, וואָס זיי לאיגען ניט: אָבער די אָהנמאכט צו לאיגען איז נאָך לאנג ניט די ליעבע צו אמת. היט זיך!

די פרייהייט פון פיעבער איז נאָך לאנג ניט דערקענטניס! קאלט געוואָרענע גייסטער גלויב איך ניט. ווער עס קאָן ניט לאיגען, וויים ניט, וואָס איז אמת.

* *
*

10.

ווילט איהר ארויס אין דער הויך, איז ווענדט אָן אייערע אייגענע פיס! לאָזט אייך ניט ט ר אָ ג ע ן ארויף, זעצט זיך ניט אויף פרעמדע רוקענס און קעפּ!

דו אָבער האָסט זיך ארויפגעכאפּט אויף א פערד? ביזטו רייטענדיג פלינק ארויפגעפאָהרען צו דיין ציעל? נו — מילא, מיין פריינד! אָבער דיין לאָהמער פוס זיצט אויך מיט דיר אויפ'ן פערד!

ווען דו ביזט ביי דיין ציעל, ווען דו שפּרינגסט אראָפּ פון דיין פערד: גראָד אויף דיין ה ו י ך, דו העכערער מענש, — וועסטו שטרויכלען!

* *
*

## 11.

איהר באשאפער, איהר העכערע מענשען! מען איז שוואנגער נאָר מיט אַן אייגענעם קינד.

לאָזט אייך קיין זאַך ניט איינשמועסען, איינריידען! ווער איז דען א י י ע ר נאָהענטסטער? און ווען אפילו איהר טוט עפּעס „פאַר דעם נאָהענטסטען", — איהר באשאפט דאָך ניט פאַר איהם!

פאַרגעסט דאָך מיר אָט דעם „פאַר", איהר באשאַפער: גראָד אייער רעכטשאפענקייט פאָדערט, אַז איהר זאָלט קיין זאַך ניט טאָן „פאַר" און „כדי" און „ווייל". פאַרקלעפּט אייער אויער פאַר אָט די פאַלשע קליינע ווערטער.

דער „פאַר דעם נאָהנטסטען" איז די רעכטשאפענקייט פון נאָר די קליינע לייט: אָט דאָ הייסט עס „גלייך מיט גלייך" און „האַנט וואשט האַנט": — זיי האָבען ניט דאָס רעכט און די קראַפט צו א י י ע ר אייגען־נוץ!

אין אייער אייגען־נוץ, איהר באשאפער, איז די פאָרזיכטיג־קייט און די אָפּגעהיטקייט פון אַ געשוואַנגערטער! וואָס קיינער האָט נאָך מיט די אויגען ניט געזעהן, די פרוכט: זי באשירעמט און שאַנעוועט און דערנעהרט אייער גאַנצע ליעבע.

וואו עס איז אייער גאַנצע ליעבע, ביי אייער קינד, דאָרטען איז אויך אייער גאַנצע רעכטשאַפענקייט! אייער ווערק, אייער ווילען איז א י י ע ר נאָהנטסטער: לאָזט אייך ניט איינשמוע־סען קיין פאַלשע ווערטען.

## 12.

איהר באשאפער, איהר העכערע מענשען! ווער עס מוז געבוירען, יענער איז קראַנק; ווער עס האָט אָבער געבאָרען איז אומריין.

פרעגט די ווייבער: מען געהט ניט צו קינד, ווייל דאָס איז אַ פאַרגעניגען. דער שמאַרץ מאַכט קוואָקען היהנער און פּאָעטען.

איהר באשאפער, עס איז פיעל אומריינס אין אייך, דאס קומט דערפון, איהר דארפט ווערען מוטערס.

א נייַ קינד: אַ וויפיעל נייער שמוץ קומט דערביי אויף דער וועלט! גנעהט אַן א זייט! און ווער עס האַט געבאָרען זאָל זיין נשמה ריין אויסוואשען!

*　　*
*

13.

זייט ניט רעכטשאפען איבער אייערע כוחות! און פארלאנגט ניט פון זיך אזוינס, וואס איז נגד המציאות!

געהט אין די פוס־שפורען, וואו די טוגענד פון אייערע פאַ־טערס איז שוין געגאנגען! ווי וואָלט איהר געקאָנט ארויפשטייגען אין דער הויך, ווען דער ווילען פון אייערע פאָטערס זאָל ניט מיט־שטייגען מיט אייך?

ווער עס וויל אָבער זיין אַן ערשטלינג, דארף זעהן, ער זאָל ניט ווערען אויך אַ לעצטלינג! און דאָרטען, וואו עס געפינען זיך די חטאים פון אייערע פאָטערס, זאָלט איהר ניט ווילען זיין קיין הייליגע!

וועמעס פאָטערס עס האָבען געהאלטען פון ווייבער און פון שטארקע ווינען און פון ווילדע חזירים: וואָס וועט ארויסקומען, ווען ער וועט פאָדערען פון זיך פרישות?

א טפשות וואָלט דאָס געווען! בנאמנות, מיר דוכט, אז פאר אזא איז שוין פיעל, ווען ער איז א מאן פון איין ווייב, אָדער צוויי אָדער דריי.

און ווען אפילו ער זאָל קלויסטערס בויען און אויף דער טיר אויפשרייבען: „דער וועג צו דעם הייליגען“, — וואָלט איך פאָרט געזאָגט: צוליעב וואָס? עס איז א נייע טפשות!

ער האָט פאר זיך גופא אויפגעבויט א צוכט־הויז און א מקום מקלט: זאָל איהם וואויל באקומען! אָבער איך גלויב ניט אין דערין.

אין דער איינזאמקייט וואקסט אויס, וואס איינער ברעננט אין איהר אריין, אויף די בהמה, וואס אינוועניג. אויף אזא אופן איז די איינזאמקייט פאר פיעלע ניט צו ראטען.

האט זיך ווען געפונען א שמוציגערע זאך אויף דער ערד איידער מדבר־היילינע? ארום זיי איז ניט נאר דער טייוועל ארוים פון נדר — גייערט אויף דער חזיר.

* *
*

## 14.

ציטעריג, פארשעהמט, אומגעלומפערט, געגליכען צו א טיגער, וואס איהם האט זיך ניט איינגעגעבען דער שפרונג: אזוי, איהר העכערע מענשען, האב איך אייך אפט געזעהן זיך שארען אן א זייט. א ווארף האט זיך אייך ניט איינגעגעבען.

אבער, איהר ביינדלעך־שפיעלער, וועמעס דאגה איז עס! איהר האט זיך ניט געלערנט שפיעלען און שפאטען, ווי מען דארף שפיעלען און שפאטען! זיצען מיר דען ניט שטענדיג ארום א גרויסען שפאט־ און שפיעל־טיש?

און אויב א גרויסער ענין האט זיך אייך ניט איינגעגעבען, זייט איהר דען גופא דערפאר ניט קיין געראטענע? און אויב איהר גופא זייט ניט קיין געראטענע, איז דעריבער א ניט־געראטענער — דער מענש? אויב אבער דער מענש האט זיך ניט איינגעגעבען: איז וואס! שטייגט מען העכער!

* *
*

## 15.

וואס העכער די נאטור פון א זאך, אלץ זעלטענער גיט זי זיך איין. איהר העכערע מענשען דא, זייט איהר ניט אלע — ניט־געראטענע?

פארלירט ניט דעם גוטען מוט, וועמעס דאגה! ווי פיעל זא־

כען זיינען עס נאָך מעגליך! לערנט זיך אוים צו לאַכען פון זיך אַליין, כדבעי למהווי!

וואָס איז אויך דער חדוש, וואָס איהר זייט ניט געראָטענע און האַלב־געראָטענע, איהר האַלב־צובראָכענע! שטופּט און שטויסט זיך ניט אין אייך — דעם מענשענס צוקונפט?

דעם מענשענס ווייטסטע ווייט, די טיעפסטע, די שטערען־העכסטע, זיינע אומגעהויערע קרעפטען: שוימט דאָס ניט אַלץ אין א ווידער־א־נאַנד אין אייער טאָפּ?

אַ חדוש, וואָס ניט איין טאָפּ ווערט צובראָכען! לערנט זיך אוים צו לאַכען פון זיך אַליין, כהבעי! איהר העכערע מענשען, אָ וויפיעל זאַכען עס זיינען נאָך מעגליך!

און באמת, וויפיעל האָבען זיך שוין איינגעגעבען! ווי רייך איז אָט די ערד אין קליינע גוטע בשלימות'דיגע זאַכען, אין גוט־געראָטענע!

שטעלט־ארום אַרום אייך קליינע פּאַרפולטע זאַכען, איהר העכערע מענשען! די גילדערנע אויסגעצייטיגטקייט זייערע היילט דאָס הארץ. פּאַרפולטע זאַכען לערנען האָפען.

*    *
*

16.

וואָס איז ביז אהער געווען די גרעסטע זינד אויף דער ערד? איז דאָס ניט געווען דאָס וואָרט פון יענעם, וואָס האָט געזאָגט: „וועה צו די, וואָס לאַכען דאָ!"

האָט ער אַליין ניט געפונען אויף דער ערד קיין איין טעם פאר וואָס צו לאַכען? האָט ער שלעכט געזוכט. אַ קינד וואָלט שוין געפונען דעם טעם.

יענער — האָט ניט גענוג געליעבט: אז ניט, וואָלט ער אויך אונז געליעבט, די לאַכערם. אָבער ער האָט אונז פיינט געהאַט און גע'חוזק'ט פון אונז: יאָמערניש און צייהן־קריצעניש האָט ער געוואונשען אונז.

מוז מען דען שוין שילטען, ווען מען ליעבט ניט? דאָס — דוכט זיך מיר — איז אַ שלעכטער געשמאַק. אָבער ער האָט דאָס געטאָן אַזוי, דער אומבאַדינגטער. ער איז ארויסגעקומען פון דעם המון.

און ער אליין האָט פשוט ניט גענוג געליעבט: אַז ניט, וואָלט ער ווענינער געצאָרנט, פאַר וואָס מען ליעבט איהם ניט. יעדע גרויסע ליעבע פארלאַנגט ניט קיין ליעבע: — זי פאָדערט מעהר.

ווייכט אויס אַלע אַזעלכע אומבאַדינגטע! דאָס איז אַן אָרע־מער קראַנקער מין, אַן ערב־רב־מין. זיי קוקען שלעכט אויף אָט דעם לעבען, זיי האָבען אַ בייז אויג אָט אויף דער ערד.

ווייכט אויס אַלע אַזעלכע אומבאַדינגטע! זיי האָבען שווערע פיס און שטיקענד־הייסע הערצער: — זיי קאָנען ניט טאַנצען. ווי קאָן פאַר אַזוינע גרינג זיין די ערד!

* *
*

17.

אויף קרומע וועגען קומען אַלע גוטע זאַכען נאָהענט צו זייער ציעל. ווי די קעץ, קרימען זיי אויס זייערע רוקענס, זיי מורמלען אינווענינ פון זייער נאָהענטען גליק, — עס לאַכען אַלע גוטע זאַ־כען.

דער שריט זאָגט עדות, צי איינער געהט שוין אין ז י י ן וועג: איז — זעהט ווי איך געה! ווער עס קומט אָבער נאָהענט צום ציעל, יענער טאַנצט.

און באמתנות, קיין סטאַטוע בין איך ניט געוואָרען, איך שטעה נאָך ניט דאָ, אַ פארגליווערטער, אַ שטומפּער, אַ שטיינער־נער, אַ זייל: איך האָב ליעב אַ געשווינטען לויף.

און הגם עס געפינט זיך אויף דער ערד אויך זומף און דיקער אומעט: ווער עס האָט גרינגע פיס לויפט אפילו איבער שלאַם אריבער און טאַנצט, ווי אויף אָפּגעקעהרטען אייז.

הויבט אויף אייערע הערצער, מיינע ברידער, הויך! העכער!

און פארגעסט מיר ניט אויף די פיס! הויבט אויף אויף אייערע פיס, איהר גוטע טענצער, און נאך בעסער: שטעלט זיך אויף אויפ'ן קאפ!

*　　*
*

18.

אט די קרוין פון דעם לאכענדען, אט די רויזען־קראנץ־קרוין: איך אליין האב מיר אנגעטאן אט די קרוין אויפ'ן קאפ, איך אליין האב דערקלערט פאר הייליג מיין געלעכטער. קיין אנדערען האב איך איצטער ניט געפונען, וואס זאל זיין גענוג שטארק דערצו.

זאראטוסטרא דער טענצער, זאראטוסטרא דער גרינגער, וואס ווינקט מיט די פליגלען, אן אנגעגרייטער צום פליה, א ווינקענדער צו אלע פויגלען, אנגעגרייט און פארטיג, א גליק־געבענשט־לייכט־זיניגער: —

זאראטוסטרא דער וואהרזאגער, זאראטוסטרא דער וואהרלאכער, ניט קיין אומגעדולדיגער, ניט קיין אומבאדינגטער, איינער, וואס האט ליעב שפרינג און זייטען־שפרינג; איך אליין האב מיר אנגעטאן די קרוין אויפ'ן קאפ!

*　　*
*

19.

הויבט אויף אייערע הערצער, איהר ברידער, הויך! העכער! און פארגעסט מיר ניט אויף די פיס! הויבט אויף אייערע פיס, איהר גוטע טענצער, און נאך בעסער: שטעלט זיך אויפ'ן קאפ!

אויך אין גליק זיינען פאראן שווערע בריאות, עס זיינען דא פלומפ־פיסלער פון אנהויב אן. וואונדערליך מיהען זיי זיך אפ, צו א העלפאנט נעגליכען, וואס מיהט זיך, צו שטעהן אויפ'ן קאפ.

אבער עס איז בעסער זיין נאריש פון גליק, איידער נאריש פון אומגליק, בעסער פלומפ טאנצען, איידער לאהם ארומגעהן. איז

לערנט דאָך אָפּ פון מיר מיין קלוגשאפט: אפילו די ערגסטע זאך האָט פון דער אנדער זייט צוויי גוטע זייטען, —

— אויך די ערגסטע זאך האָט גוטע טאנץ־פיס: איז לערנט זיך אליין אוים, איהר העכערע מענשען, אוועקצושטעלען זיך אויף אייערע ריכטיגע פים!

איז פארגעסט דאך מיר די אומעט־בלעזלעך און די גאנצע המון־טרויעריגקייט! אָ ווי טרויעריג עס דוכטען מיר היינט אוים אפילו דעם המון׳ס פורים־שפּיעלער! אָט דער היינט איז אָבער דעם המון׳ס.

* *
*

20.

מאכט דאָס, ווי דער ווינט, וואָס שטירצט ארוים פון זיינע בארג־הויהלען; ער וויל טאנצען נאָך זיין אייגענעם פייפעל, די ים׳ען ציטערען און שפּרינגען אונטער זיינע פוס־טריט.

דער וואָס גיט פליגלען די אייזלען, וואָס מעלקט לייבענטעס, —געלויבט זאָל זיין יענער גוטער ניט־צו־באצווינגענדער גייסט, וואָס קומט ווי אַ שטורעם־ווינט אויף איטליכען היינט און אויף איטליכען המון, —

— וואָס האָט פיינט בארלעך־און פלפול־קעפּ און אלע פאר־וועלקטע בלעטער און אום־קרייטעכער: געלויבט זאָל זיין אָט דער ווילדער, גוטער, פרייער שטורעם־גייסט, וואָס טאנצט אויף זומפּען און אומעטום, ווי אויף לאנעס!

דער וואָס האסט די דעריגע הינט פון דעם המון און אלע שלעכט־געראָטענע פינסטערע באשעפעניסען: געלויבט זאָל זיין אָט דער גייסט פון אלע פרייע גייסטער, דער לאכענדער שטורעם, וואָס בלאָזט שטויב אין די אויגען פון אלע שווארצזעהערס, פון אלע שווערזיכטיגע!

איהר העכערע מענשען, אייער ערגסטע זאך איז: איהר אלע

לערנט זיך ניט טאַנצען, כדבעי—אַריבערטאַנצען איבער זיך גופא! ווערמען אַרט דאָס, וואָס איהר האָט זיך ניט איינגעגעבען!

ווי פיעל זאַכען זיינען נאָך מעגליך! איז לערנט זיך דאָך אויס אוועקצולאַכען איבער זיך גופא! הויבט אויף אייערע הערצער, איהר גוטע טענצער, הויך! העכער! און פאַרגעסט מיר ניט אויך דאָס גוטע לאַכען!

אָט די קרוין פון דעם לאַכענדען, אָט די רויזענקראַנץ־קרוין: אייך, מיינע ברידער, וואַרף איך צו אָט די קרוין! דאָס לאַכען האָב איך דערקלערט פאַר היילינ; איהר העכערע מענשען, לערנט זיך אויס — לאַכען!"

*  *

*

# דאָס ליעד פון דעם שווערען געמיט.

1.

אז זאראטוסטרא האָט גערעדט אָט די רייד, איז ער געשטאַ־נען נאָהענט ביים אריינגאנג אין זיין הויהל; ביי די לעצטע ווער־טער האָט ער זיך ארויסגערוקט פון זיינע געסט און איז אויף א קורצער ווייַלע אנטלאָפען אין די פריי.

„אָ ריינע ריחות ארום מיר, האָט ער אויסגערופען, אָ גליק־געבענשטע שטיל צרום מיר! אָבער וואו זיינען מיינע חיות? אהער, אהער, מיין אָדלער און מיין שלאַנג!

זאָגט מיר דאָך, מיינע חיות: אָט די העכערע מענשען אַלע אין איינעם, משמעות, זיי שמעקען ניט גוט? אָ ריינע ריחות ארום מיר! איצונדער ערשט וויים איך און פיהל, ווי איך האָב איך, מיינע חיות, ליעב.“

— און זאראטוסטרא האָט געזאָגט נאָך א מאָל: „איך ליעב אייך, מיינע חיות!“ דער אָדלער און די שלאַנג האָבען זיך צוגע־דריקט צו איהם, בעת ער האָט ארויסגעזאָגט אָט די ווערטער און האָבען ארויפגעקוקט אויף איהם. אויף אזא אופן זיינען זיי זאלבע־דריט געזעסען אין איינעם און האָבען איינגעאָטעמט און איינגע־זופט אין איינעם די גוטע לופט. ווייל דאָ דרויסען איז די לופט געווען א בעסערע, איידער ביי די העכערע מענשען.

* *

*

2.

אָבער ווי נאָר זאראטוסטרא האָט פארלאָזען זיין הייהל, האָט זיך אויפגעהויבען דער אַלטער צויבערער, האָט זיך ממזר'יש ארומ־געקוקט און האָט געזאָגט: „ער איז ארוים!“

און שוין, איהר העכערע מענשען — איך קיצעל אייך, ווי ער

גופא, מיט אַט דעם שבח־ און חניפה־נאָמען — שוין פאַלט אויף מיר אָן מיין ניט־גוטער פאַלש־ און צויבער־גייסט, מיין שווער־געמיטיגער טייוועל,

— וואָס איז פון גרונט אויס זאַראַטוסטראַ'ס אַ צד־שכנגד: זייט דאָס איהם מוחל! איצטער ווי ל ער צויבערען פאַר אייך, ער האָט גראָד זיין שעה; אומזיסט ראַנגעל איך מיך מיט אַט דעם בייזען גייסט.

— אייך אַלעמען, וואָס איהר ליידט ווי איך פון דער גרוי־לען מיט ווערטער, צי איהר רופט זיך „די פרייע גייסטער" אָדער די „וואָהרהאַפטיגע" אָדער „די בעל־תשובה'ס פון דעם גייסט" אָדער „די פאַנאַנדערגעשמידטע" אָדער „די גרויסע בענקענדע"—

אייך אַלעמען, וואָס איהר ליידט ווי איך פון דער גרוי־סער חלשות, ביי וועמען דער אַלטער גאָט איז געשטאָרבען און קיין נייער גאָט ליעגט נאָך ניט אין דער וויעג און אין די ווינדעלעך, —אייך אַלעמען האָט מיין בייזער גייסט און צויבער־טייוועל האָלט.

איך קען אייך, העכערע מענשען, איך קען איהם, — איך קען אויך אַט דעם מחבל, וואָס איך האָב ליעב צנטקעגען מיין אייגע־נעם ווילען, אַט דעם זאַראַטוסטראַ: ער גופא קומט מיר אָפטמאָל אויס ווי אַ שעהנע מאַסקע פון אַ הייליגען,

— ווי אַ נייער וואונדערליכער פורים־שפיעל, אין וועלכען עס האָט זיך פאַרגלוסט צו פאַרקליידען מיין בייזער גייסט, דער שווער־געמיטיגער טייוועל: — איך ליעב זאַראַטוסטראַ'ן, אַזוי דוכט זיך מיר אָפט אויס, צוליעב מיין בייזען גייסט. —

אָבער שוין פאַלט ער אויף מיר אָן און צווינגט מיך, אַט דער גייסט פון שווערמוט, אַט דער טייוועל פון בין־השמשות: און בנאמנות, איהר העכערע מענשען, עס גלוסט זיך איהם —

— עפענט נאָר אויף די אויגען! — עס גלוסט זיך איהם צו קומען אַ נאַקעטער, צי אַ מאַנסביל אָדער אַ ווייבס־פאַרשוין דאָס ווייס איך ניט: אָבער ער קומט, ער צווינגט מיך, וועה איז מיר! עפענט אויף אייערע חושים!

דער טאָג פארקלינגט, אויף אַלע זאַכען קומט איצטער דער אָוועגט, אויך אויף די בעסטע זאַכען; נו—הערט און זעהט, איהר העבערע מענשען, וואָס פאר אַ טייוועל, צי מאנסביל, צי ווייב איז אָט דער גייסט פון דעם אָוועגט־שוועד־געמיט.“

אזוי האָט גערעדט דער אַלטער צויבערער, האָט זיך ממזר׳יש ארומגעקוקט און האָט גענומען אין האַנט זיין האַרף.

*     *
*

3.

אין אָוועגט־טונקלער לופט,
ווען שוין די טרויסטונג פון דעם טהוי
טוט קוואַלען אויף דער ערד,
אומזיכטבאַר און אויך אומגעהערט —
ווייל צאַרטע שיכלעך טראָגט
דער טרויסטער טהוי, ווי אַלע מילדע טרויסטער—:
געדענקסטו נאָך, געדענקסטו, הייסע האַרץ,
ווי דו׳סט אַ מאָל געדאָרשט
נאָך טרערען פון דעם הימעל און נאָך טראָפּענס טהוי,
פאַר׳שרפה׳ט, מיעד געדאָרשט,
בעת אויף די געלע גראָז־שטעגען
די בייזהאַפּט אָוועגטליכע זון־בליקען
דורך שוואַרצע בוימער זיינען ארום דיר געלאָפען,
די זון־גלוט־בליקען בלענדענדע, בייז־פריידיגע?
„דער ליעבהאָבער פון אמת? דו? — אזוי גע׳חוזק׳ט האָבען זיי —

ניין! נאָר אַ דיכטער!
אַ חיה, שלאַנגען־קלוג, און רויבענד,
וואָס לאיגען מוז, זיך שאַרענדיג,
וואָס לאיגען מוז ביודעים און ברצון:
אין לוסט נאָך רויב

פיעל־פארביג פארמאסקירט,
פאר זיך אליין א מאסקע,
פאר זיך אליין א רויב —
אט דאס — דער ליעבהאבער פון אמת?
ניין! נאר נאר! נאר דיכטער!
פיעל־פארביגעס נאר ריידענד,
אויס דער ליצנות־מאסקע נאר פיעל־פארביגס שרייענד,
ארומגעשטיגען אויף די ליגנערישע ווערטער־בריקען
אויף רעגנבויגנס, רייך אין פארבען,
צווישען פאלשע הימלען
און פאלשע ערדען
ארומגעשמייעט און ארומגעשוועבט, —
נ א ר נ א ר! נ א ר ד י כ ט ע ר!
נים שטיל, פארגליווערט, גלאט און קאלט
געווארען ווי א שטיין־בילד,
פונקט ווי א געטער־זייל,
נים אויפגעשטעלט פאר טעמפלען,
ווי גאט׳ס א שומר ביי דער טיר:
ניין, גראד א שונא פון אזעלכע סטאטועז פון אמת,
אין יעדער ווילדערניס שוין מעהר בן־בית, איידער אין
די טעמפלען,
פול שטיפערישקייט, ווי א קאץ,
דורך יעדער פענסטער שפרינגענדיג,
טוז! גלייך אין יעדען צופאל,
געשמעקט די לופט ביי יעדען אורוואלד,
מיט תאוה־בענקעניש ארומגעשמעקט,
כדי אין אורוועלדער, אין איינעם מיט די חיות,
די פארבענרייך־געפלעקטע חיה־רעה׳ס
ארומצולויפען שעהן און פארביג,
אין זינדיגער געזונט, מיט תאוה לוסט׳גע לעפצען
גליק־געבענשט פאר׳חוזק׳ט, גליק־געבענשט פאר׳גיהנום׳ט;

אַט דאָס, אַט דאָס איז דיר דיין גליק־געבענשטקייט:
גליק־געבענשט בלוט־דאָרשטיג
ארומצולויפען רויבענד
און לוגען, שאַרענדיג זיך אין דער שטיל :—
פאַרגליווערט קוקען אין די תהום׳ען,
אין ז י י נ ע תהום׳ען:
אַ ווי זיי דאָרטען רינגלען זיך אראָפּ,
ארונטער און אריין,
אין אלץ מעהר טיעפע טיעפען !—
דערנאָך,
אַ וואָרף געטאָן זיך מיט אַ מאָל
אין אַ געצוקטען פליה צום טאָל
אויף שאָף און לעמער,
פוּץ! אראָפּ אין הייסען הונגער,
אין תאוה־לוסט נאָך לעמער,
אין צאָרן אויף אַלע לעמער־נשמות,
גרים־צאָרענדיג אויף אַלץ, וואָס קוקט
ווי שאָף, גראָה־לעמער־אויגיג און געקרייזעלט־וואָליג,
מיט שאָף און לעמער־גוטיגקייט.

אזוי־אַ זיינען
אָדלער־האַפטיג, לעמפּערט־האַפטיג
די בענקשאַפטען פון דיכטער,
אויף דיינע בענקשאַפטען אהינטער טויזענט מאַסקעס.
דו נאַר! דו דיכטער!

וואָס דו אויף מענשען און אויף גאָט
טוסט קוקען ווי אויף שאָף —
אין מענשען גאָט פ א ר צ ו ק ע ן,
ווי אויף די שאָף אין מענשען
און ל א כ ע ן אין פאַרצוקען, —

אַט דאָס, אַט דאָס איז דיר דען דיין גליק־געבענשטקייט!
די גליק־געבענשטקייט פון א לעמפּערט און אַן אָדלער!
די גליק־געבענשטקייט פון א דיכטער און א נאַר!“

אין אָוונט־טונקלער לופט
ווען שוין דער נאָגעל פון דער לבנה
גרין צווישען פורפּעל־רויטען
אין קנאה טוט זיך שארען:
—דעם טאָג א שונא,
מיט יעדען טריט בשתיקא
פארוואונדעט מיט זיין שארף
די הענגענדיגע רויז־גירלאנדען,
ביז וואַן׳ זיי זינקען בלאס אראָפּ
טיעף אין דער נאכט:—

אזוי בין איך א מאָל
אליין אראָפּגעזונקען
פון מיין שגעון צו דעם אמת,
פון מיינע טאָג־בענקשאפטען
פון טאָג א מיעדער, קראַנק פון ליכט־שיין
—געזונקען טיעף אראָפּ
דעם אָוונט־צו, דעם שאָטען־צו:
פון איין־און־איינציגען אמת
פארברענט און דאָרשטיג:
—געדענקסטו נאָך, געדענקסטו, הייסע הארץ,
ווי דו׳סט דאָס מאָל געדאָרשט?—
אז שוין פארטריבען זאָל איך זיין
פון יעדען אמת,
נאָר נאַר!
נאָר היכטער!

*　　*

*

# די ווײסענשאפט.

אזוי האָט געזונגען דער צויבערער; און אַלע, וואָס זיינען געוועזן מיט איהר, זיינען ווי פויגעל אומבאמערקט אריין אין דעם נעץ פון זיין רמאַי'שער און שווער־געמיטיגער תאוה־לוסט. נאָר דער געוויסענהאפטער פון דעם גייסט האָט זיך ניט געלאָזט איינ־פאנגען: ער האָט תיכף אוועקגענומען ביי דעם צויבערער די האַרף און האָט אויסגערופען: „לופט! לאָזט אריין גוטע לופט! לאָזט אריין זאראטוסטראַ'ן. דו מאכסט די הייהל שטיקענדיג און גיפטיג, דו ניט־גוטער אַלטער צויבערער!

דו פאַרפיהרסט, דו פאַלשער חריף, צו אומבעקאנטע געלוסטען און ווילדערניסען. און וועה געשריען, ווען אזוינע, ווי דו, הויבען אָן ריידען וועגען דעם א מ ת און מאכען א גאַנצע וועזען פון איהם!

וועה צו אַלע פרייע גייסטער, וואָס היטען זיך ניט פאַר א ז ו י נ ע צויבערער! א סוף יעמאָלט צו זייער פרייהייט: דו לערנסט און פאַרפיהרסט צוריק אין תפיסות אריין, —

דו אַלטער שווערגעמיטיגער טייוועל, פון דיינע קלאָגען קלינגט א פאַרפיהרעניס, דו ביסט געגליכען צו אזוינע, וואָס מיט זייער לויב אויף די פרישות לאַדען זיי איין בשתיקה צו תאוה־לוסט!“

אזוי האָט גערעדט דער געוויסענהאפטער; דער אַלטער צוי־בערער אָבער האָט געקוקט ארום זיך, האָט הנאה געהאט פון זיין זיעג און האָט מחמת דעם אראָפּגעשלונגען דעם פאַרדראָס, וואָס דער געוויסענהאפטער האָט איהם אָנגעטאָן. „זיי שטיל! האָט ער געזאָגט אין אַן עניוות'דיגער שטים, גוטע ליעדער דאַרפען האָבען א גוטען ווידער־קול; נאָך גוטע ליעדער זאָל מען א לאַנגע צייט שווייגען.

אזוי טוען דאָס זיי אַלע, אָט די העכערע מענשען. דו אָבער האָסט משמעות ווייניג פאַרשטאַנען פון מיין ליעד? דו האָסט ווייניג אין זיך פון א צויבערגייסט.“

„דו לויבסט מיך, האָט געענטפערט דער נעוויסענהאַפּטער, מיט דעם, וואָס דו שיידסט מיך אָפּ פון זיך, זעהר וואויל! אָבער איהר אַנדערע, וואָס זעה איך? איהר זיצט נאָך דאָ אַלע מיט תאוה־לוסטיגע אויגען —:

איהר פרייע נשמות, וואו איז אהינגעקומען אייער פרייהייט! עס דוכט זיך מיר, אַז איהר זייט כמעט ווי די, וואָס האָבען אַ לאַנגע צייט צוגעקוקט, ווי עס טאַנצען אומאָרענטליכע נאַקעטע מיידלעך; אפילו אייערע נשמות הויבען אָן טאַנצען!

אין אייך, איהר העכערע מענשען, מוז זיין מעהר פון דעם מין, וואָס דער צויבערער רופט אָן זיין בייזען גייסט פון כשוף און אָפּנאַר: הפנים מיר מוזען זיין פאַרשיידען.

און באמת, מיר האָבען געגוג גערעדט און געטראַכט אין איי־נעם, איידער זאַראַטוסטראַ איז געקומען אהיים צו זיין הייהל, איך זאָל נאָך קאָנען זיין אין ספק וועגען דעם: מיר ז י י נ ע ן פאַרשיידען.

מיר ז ו כ ע ן פאַרשיידענע זאַכען דאָ אויבען, איהר און איך. איך דהיינו זוך מעהר ז י כ ע ר ק י י ט, דעריבער בין איך געקומען צו זאַראַטוסטראַ'ן. מחמת ער איז נאָך דער פעס־טעסטער טורעם און ווילען —

— עד היום, ווען אַלץ שאָקעלט־זיך, ווען די גאַנצע ערד ציטערט. איהר אָבער, ווען איך זעה, וואָס־פאַר־אַ אויגען איהר מאַכט, הויבט מיר כמעט אָן צו דוכטען, אַז איהר זוכט נאָך מ ע ה ר א ו מ ז י כ ע ר ק י י ט, —

— מעהר שוידער, מעהר געפאַהר, מעהר ערדציטערניס. אייך גלוסט זיך — כמעט דוכט דאָס מיר, זייט מיר מוחל מיין איינ־געבילדעטקייט, איהר העכערע מענשען, —

— אייך גלוסט זיך דער ערגסטער, געפעהרליכסטער לעבען, וואָס יאָגט אין מיר אריין אַן אימה מעהר פאַר אַלץ, אַ לעבען פון ווילדע חיות, וועלדער, הייהלען, שאַרף־משופּע'דיגע בערג און פאַר פיהרערישע תהום'ען.

און ניט די וואָס פיהרען ארויס פון דער סכנה געפעלען איך מעהר פאַר אַלע, נייערט די וואָס פיהרען אייך אראָפּ פון אַלע וועגען, די פאַרפיהרער. אָבער ווען אפילו אַזעלכע געלוסטען זיינען בפועל דאָ ביי אייך, זיינען זיי דאָך, דוכט מיר, אונ־מעגליך.

מחמת די מורא — דאָס איז דעם מענשען'ס פאַר'ירשנ'טער גרונט־געפיהל; אויס דער מורא דערקלערט זיך אַל־דאָס־דינג, די פאַר'ירשנ'טע זינד און פאַר'ירשנ'טע טוגענד. אויס דער מורא איז אויך ארויסגעוואַקסען מיין טוגענד, וואָס רופט זיך: וויסענשאַפט.

דהינו די מורא פאַר ווילדע חיות — זי איז אין דעם מענשען לענגער פאַר אַלץ אויפגעצוינגען געוואָרען אין איינעם מיט דער חיה, וואָס ער פארבארגט אין זיך און פאַר וועלכער ער ציטערט: — זאַראַטוסטראַ רופט דאָס „דעם אינוועניגסטען פיך".

אַזאַ לאַנגע אַלטע מורא, וואָס איז לסוף געוואָרען פאַרפיי־נערט, גייסטליך, גייסטיג — היינט, דוכט מיר, רופט זי זיך: „וויסענשאַפט". —

אַזוי האָט גערעדט דער געוויסענהאַפטער; אָבער זאַראַטוס־טראַ, וואָס איז נאָר אריין צוריק אין זיין הייהל און האָט געהערט און זיך אָנגעשטויסען וועגען וואָס דער געוויסענהאַפטער האָט גערעדט, האָט צוגעוואָרפען איהם אַ פולע האַנד רויזען און האָט געלאַכט פון זיינע „אמת'ען". „וואָס! האָט ער אויסגערו־פען! וואָס האָב איך דאָ נאָר וואָס געהערט? בנאמנות, מיר דוכט, דו ביסט אַ נאַר אָדער איך אַליין בין עס: און דיין „אמת" שטעל איך אַוועק מיט איין רוק מיט'ן קאָפּ אראָפּ.

מחמת מורא — איז אַן אויסנאַם ביי אונז. מוט אָבער און אַוואַנטיורען און די לוסט צו דעם אומגעוויסען, צו דעם אומ־דערוועגטען, — מוט, דוכט מיר, איז דעם מענשענס גאַנצע פאָרגעשיכטע.

ביי די ווילדעסטע מוטיגסטע חיות האָט ער אַלע זייערע טור־גענדען אין קנאה אָפּגעלערנט און אוועקגערויבט: ערשט אַזוי־אַרום איז ער געוואָרען — מענש.

אָט דער מוט, לסוף אַ פאַרפיינערטער, גייסטליכער, גייסטי־גער, אָט דער מענשען־מוט מיט אָדלער־פליגלען און שלאַנגען־קלוגקייט: אָט ד ע ר, דוכט מיר, רופט זיך היינט — "

„זאַראַטוסטראַ!“ האָבען אַלע מסובים אויסגעשריען ווי פון איין מויל און האָבען דערביי אַרויסגעלאָזען אַ גרויס געלעכטער. עס האָט זיך אָבער פון זיי אויפגעהויבען ווי אַ מין שווערער וואָל־קען. אויך דער צויבערער האָט געלאַכט און האָט מיט קלוגקייט גערעדט: „זעהר וואויל! ער איז אוועק, מיין בייזער גייסט!

און האָב איך דען גופא אייך ניט געוואָרענט פון איהם, בעת איך האָב געזאָגט, אַז ער איז אַ ליגנער־גייסט און שווינדלער־גייסט?

דער עיקר גראָד יעמאָלט, ווען ער בעווייזט זיך אַ נאַקעטער. אָבער וואָס בין איך שולדיג פאַר זיינע שמד־שטיק! האָב א י ך איהם בעשאַפען און די וועלט?

נו מילא! לאָמיר ווידער זיין גוט און אויפגעראַמט! און ווען אפילו זאַראַטוסטראַ בליקט בייז — קוקט איהם נאָר אָן! ער איז ברוגז אויף מיר —:

— איידער עס קומט די נאַכט, וועט ער ווידער אָנהויבען מיך ליעבען און לויבען, ער קאָן ניט לעבען אַ לאַנגע צייט און ניט טאָן אַזעלכע נאַרישקייטען.

ע ר — ליעבט זיינע פיינד: אָט די קונסט פאַרשטעהט ער בעסער פאַר אַלעמען פון די, וואָס איך האָב געזעהען. אָבער ער נעמט נקמה דערפאַר — פון זיינע פריינד!“

אַזוי האָט גערעדט דער אַלטער צויבערער, און די העכערע מענשען האָבען איהם אפּלאָדירט: אַזוי אַז זאַראַטוסטראַ איז אַרומגעגאַנגען און האָט מיט בייזקייט און ליעבע געדריקט די הענד

זיינע פריינד, — פונקט ווי איינער, וואָס דאַרף ביי אַלעמען עפּעס ווידער גוט מאַכען און זיך איבערבעטען. אַז ער איז אָבער דער־גאַנגען ביז צו דער טיר פון זיין הייהל, האָט זיך איהם ווידער פאַרגלוסט צו זיין אין דער לופט מיט זיינע חיות, —און ער האָט געוואָלט זיך אַרויסמאַכען.

* * *

# צווישען די טעכטער פון דעם מדבר.

1.

„געה ניט אוועק! האט דא געזאגט דער וואנדערער, וואס האט זיך גערופען זאראטוסטרא׳ס שאטען, בלייב מיט אונז — אז נים קאן נאך די אלטע שטיקענדע אומעט ווידער אנפאלען אויף אונז.

דער אלטער צויבערער האט אונז שוין דא מכבד געוועז מיט זיינע ערגסטע זאכען צוליעב אונזער בעסט, און דאך, ביי דעם גוטען פרומען פויפסט שטעהען טרערען אין די אויגען און ער האט זיך ווידער איינגעשיפט אויף דעם ים פון מרה־שחורה.

אט די מלכים, אמת, מאכען נאך פאר אונז א פרעהליכען פנים: מחמת דאס האבען ז י י זיך היינט אויסגעלערנט בעסער פאר אונז אלעמען! וואלטען אבער ניט געוועזן קיין עדות דערביי, וועט איך זיך, אז אויך ביי זיי וואלט זיך ווידער אנגעהויבען דער בייזער שפיעל —

— דער בייזער שפיעל פון ציהענדע וואלקענס, פון פייכטע מרה־שחורה, פון פארהאנגענע הימלען, פון צו־גע׳גנב׳עטע זונען, פון יאמערענדע הערבסט־ווינטען,

— דער בייזער שפיעל פון אונזער יאמער און נויט־געשריי: בלייב מיט אונז, א זאראטוסטרא! דא איז פאראן א סך פארבאר־גענער עלענד, וואס וויל ריידען, א סך אווענד, א סך וואלקען א סך פארשטיקטע לופט!

דו האסט אונז געשפייזט מיט שטארקע מאנסבילשע אכילות און קרעפטיגע משלים: לאז ניט צו, אז צום דעסערט זאלען אויף אונז ווידער אנפאלען די וויבליכע וויבליכע גייסטער!

דו אליין מאכסט שטארק קלאָר די לופט ארום דיר! האָב איך ערגעץ־וואו אויף דער ערד געפונען אזא גוטע לופט ווי ביי דיר אין דיין הייהל?

איך האָב דאָך געזעהען א סך לענדער, מיין נאָז האָט זיך אויסגעלערנט אויסצופאָרשען און אָפּצושאצען אלערליי ארטען לופט. אָבער ביי דיר ציעהען איין מיינע נאָזלעכער זייער גרעסטע לוסט!

סיידען, — סיידען, — אָ נעהם מיר ניט פאר אומגוט אן אלטע ערֿאינערונג! נעהם מיר ניט פאר אומגוט אן אלטע מדבר־ליעד, וואָס איך האָב אמאָל פארפאסט צווישען די טעכטער פון דעם מדבר:

מחמת ביי זיי איז אויך געווען אזא גוטע העלע מזרח־לופט; דאָרטען בין איך געווען אין דער ווייט פון דער וואָלקענדיגער פייכטער מרה־שחורה׳דיגער אלט־איראָפּא!

דעמאָלט האָב איך ליעב געהאט אזוינע מזרח־מיידלעך און אנדערע בלאָהע הימעל־קעניגרייכען, איבער וועלכע עס זיינען ניט געהאנגען ניט קיין וואָלקענס, ניט קיין געדאנקען.

איהר וועט גאָר ניט גלויבען, ווי שטאטיג זיי פלעגען זיצען, ווען זיי פלעגען ניט טאנצען, טיעף, אָבער אָהן געדאנקען, ווי קליינע סודות, ווי באבענדערטע רעטעניסען, ווי דעסערט־נים:

פיעל־פארביג און פרעמד, בנאמנות! אָבער אָהן וואָלקענס: רעטעניסען, וועלכע לאָזען זיך טרעפען: צוליעב אזעלכע מיידלך האָב איך דעמאָלט צוגעטראכט א קאפיטעל דעסערט־תהילים.“

אזוי האָט גערעדט דער וואנדערער אין שאָטען; און נאָך איידער עמיצער האָט איהם געענטפערט, האָט ער שוין א נעם געטאָן דעם אלטען צויבערערס הארף, ארויפגעלייגט א פוס אויף א פוס און האָט געקוקט רוהיג און קלוגשאפען ארום זיך: מיט די נאָז־לעכער אָבער האָט ער פאמעלעך און פאָרשענדיג איינגעאָטעמט

די לופט, ווי איינער וואָס פאַרזוכט אין נייע לענדער די נייע פרעמדע לופט. דערנאָך האָט ער אָנגעהויבען צו זינגען מיט א מין געבריל.

* *

*

2.

דער מדבר וואַקסט: וועה צו דעם וואָס פאַרבאַרגט מדבריות

— הא! ערנסט־יום־טוב׳דיג!
בפועל ממש הדרת־קודש׳דיג!
א חשוב׳ער אָנהויב!
אפריקאַניש הדרת־קודש׳דיג!
און חשוב פאַר א לייב
אָדער פאַר א מאָראַלישען ברום־אַף —
— אָבער ניט פאַר אייך,
איהר גאָר־די־ליעבסטע פריינדינען,
ביי וועמענס פים ס׳איז מיר,
אַן אייראָפּעער, אונטער פאַלמען,
צום ערשטען מאָל געוואָרען
נעגעבען דער חסד צו זיצען, סלה.
באמת א חדוש!
איך טו דאָ איצט זיצען
אין נאָהענט פון מדבר און שוין
פון מדבר צוריק אַזוי ווייט,
אויך נאָך אין גאָרנישט פאַרוויסט:
מחמת איך בין דאָ אראָפּגעשלונגען
פון אָט דעם קלענסטען אָאַזיס —:
— ער האָט אין א געניץ זיין מויל אויפגעעפענט,
זיין ליעבליכען מויל,
דעם בעסט באַשמעקטען מויל פון אַלע מיילכלעך,
בין איך אַהין אריינגעפאַלען

אַראָפּ און דורך און — צווישען אייך,
איהר גאָר־די־ליעבסטע פריינדינען! סלה.

וואויל, וואויל צו יענעם וואַל־פיש,
אויב ער האָט אויך אזוי זיין גאַסט
געלאָזען וואויל באַקומען! — איהר פארשטעהט
דעם רמז פון אַ תלמיד־חכם?
וואויל צו דעם בויך, צו זיינעם,
אויב ער איז אויך געוועזן
אזא מין ליעבליכער אַאזיס־בויך,
פונקט ווי אָט דער: נאָר איך בין שטארק אין דעם מסופק,
— איך קום דאָך פון אייראָפּא,
וואָס איז אויף ספיקות קראַנקער נאָך
פאַר אַלע עלטערליכע ווייבלעך,
וואָס האָבען מאַנען.
גאָט, שיק איהר צו אַ רפואה שלימה!
אָמן!
דאָ זיץ איך איצט
אין אָט דעם קלענסטען אַאזיס,
פונקט ווי אַ טויטעל,
ברוין, דורכגעזיסט, גאָלד־אָנגעזאָפּט,
אין תאוה נאָך אַ רונדען מיידעל־מויל,
מעהר אָבער נאָך די מיידעלשע
אייז־קאַלטע, שנעע־ווייסע, שניידיגע
ביים־צייהנדעלעך: ווייל גראָד נאָך זיי טוט לעכצען
דאָס האַרץ פון אַלע הייסע טויטלען. סלה.

צו די דערמאָנטע דרום־פּירות
געגליכען, צו פיעל שוין געגליכען,
ליעג איך דאָ, ארומגעשפּיעלט,

ארומגעשמעקט פון קליינע
משה־רבינו'ס בהמה'לעך
און גם־כן פון נאָך קלענערע,
נאַרישערע, זינדיגערע
מחשבות און וואונשען, —
פון אייך ארומגעלאַגערט,
איהר שטומע, און דערשפּיהרונגס־פולע
מיידעל־קעץ,
דודו און זולייקאַ,
—אַ ר ו מ ג ע ס פ י נ ק ס ט, אום אין איין וואָרט
אַ סך געפיהלען אָנצושטאָפּען:
(פאַרגיב מיר, גאָט,
דעם חטא דעם גרויסען פון מיין לשון!)
— דאָ זיץ איך און באַשמעק די בעסטע לופט,
גן־עדן־לופט באמת,
אַ ליכטיג־לייכטע לופט, מיט גאָלדינע פּאַסען,
אַ גוטע לופט, ווי די, וואָס איז נאָר ווען
אַראָפּגעפאַלען פון דער לבנה —
האָט דאָס פּאַסירט נאָר על־פּי־מקרה,
אָדער פון מוטווילען?
בכתוב ביי די אַלטע דיכטערס.
איך אָבער, דער בעל־ספק, ציעה
אויף דאָס אריין אין ספק,
איך קום דאָך פון אייראָפּאַ,
וואָס איז אויף ספיקות קראַנקער נאָך,
פאַר אַלע עלטערליכע ווייבלעך,
וואָס האָבען מאַנען.
גאָט, שיק איהר צו אַ רפואה שלימה!
אָמן!

און טרינקענדיג אַט די גאָר שענסטע לופט
מיט נאָזלעכער צובריימע, ווי די בעכערס,
אָהן צוקונפט און אויף אָהן זכרונות,
אזוי־אָ זיץ איך דאָ,
איהר גאָר־די־ליעבסטע פריינדינען,
און קוק מיר אויף דער פּאַלמע,
ווי זי טוט בויגען זיך, פּונקט ווי א טענצערין,
און ווינדען־זיך און זויעגען־זיך אין איהרע לענדען,
— מען הובט־אָן נאָכטאָן, ווען מען קוקט־צו לאנג!
פּונקט ווי א טענצערין, וואָס איז, ווי ס׳דוכט זיך מיר,
געשטאַנען שוין א לאַנגע צייט, מסוכן לאנג
רק נאָר אויף איין פיסעל?
און האָט דערביי, ווי ס׳דוכט זיך מיר,
די אנדער פוס פארגעסען גאָר אין גאַנצען?
אומזיסט לפּחות
האָב איך געזוכט דעם פעהלענדען,
דעם צווילינג־אבן־טוב,
— איך מיין די אנדער פוס —
אין אַט דער הייליגער נאָהענט
פון איהר גאָר־ליעבסטער און נאָר־ציערליכסטער
פּאָכער־פלאַטער־פליטער־קליידעל.
יע, ווען איהר ווילט, איהר שעהנע פריינדינען,
מיר גלויבען גאַנץ:
זי האָט עס גאָר פארלאָרען!
אוועק איז עס!
אוועק אויף אייביג!
די אנדער פוס!
א שאָד די ליעבליכע, די אנדער פוס!
וואו — קאָן זי איצט אָן ערך זיין און טרויערן פארלאָזען?
די פוס, די עלענדע?

אין פחד אפשר פאר א
גרים־צאָרענדיגען בלאָנד־געלאָקטען לייב,
אן אומגעהויער? אָדער זי איז גאָר
שוין אָפּגעגנאָגט, ארומגעגריזשעט —
א גאָטס־רחמנות, נעבעך!
ארומגעגריזשעט! סלה.

אָ וויינט מיר ניט,
איהר ווייכע הערצער!
אָ וויינט מיר ניט,
איהר טויטעל־הערצער! איהר מילך־בוזימס!
הארץ־בייטעלעך
פון זיסען האָלץ!
אָ וויין ניט מעהר,
דו בלייכע דודו!
א מאנסביל זיי, זולייקא! שטארק דיין מוט!
— זאָל אפשר גאָר
דאָ זיין אם פּלאץ
עפּעס א שטארקענדעס, וואָס שטארקט די הארץ?
א פּזמון א געזאלבטער?
א הדרת־קודש'דיגער מוסר?

הא! ארויף, דו חשיבות!
דו, טוגענד־חשיבות! אייראָפּעער־חשיבות!
טו בלאָזען, ווידער בלאָזען,
דו בלאָז־זאק פון דער טוגענד!
הא!
נאָך איין מאָל ברומען,
מאָראַליש ברומען!
ווי א מאָראַליש־פרומער לייב

א בורם טאָן פאַר די טעכטער פון דעם מדבר!
— ווייל טוגענד־יאָמערניש,
איהר גאָר־די־ליעבסטע מיידלעך,
איז מעהר פאַר אַלץ
אַן אייראָפּעיער תשוקה,
אַן אייראָפּעיער היים־הונגער!
און דאָ־אָט שטעה איך שוין,
אַן אייראָפּעיער,
איך קאָן ניט אנדערש, זאָל מיר העלפען גאָט!
אָמן!

דער מדבר וואַקסט: וועה צו דעם, וואָס פאַרבאַרגט מדבריות!

* *

*

# די אויפוועקונג

## 1.

נאָך דעם ליעד פון דעם וואנדערער און דעם שאָטען, איז די הייהל מיט א מאָל פול געוואָרען פון ליארם און געלעכטער: און היות ווי אלע פארזאמעלטע געסט האָבען אלע גערעדט אין איינעם, און אויך דער אייזעל איז ביי אזא אויפמונטערונג ניט געבליבען שטיל, האָט זאראטוסטרא'ן אָנגענומען א קליינער ווידערווילען און א שפּאָט אויף זיינע אורחים: הגם ער האָט זיך געפרעהט מיט זייער שמחה, ווייל ער האָט דערין געזעהן א צייכען פון ווערען ווייעדער געזונט. האָט ער זיך ארויסגעשארט אין די פריי און האָט גערעדט צו זיינע חיות.

„וואו איז איצט אהינגעקומען זייער נויט? האָט ער געזאָגט, און האָט אליין שוין אָבגעאָטעמט פון זיין קליינער דערעסענקייט, — ביי מיר האָבען זיי, ווי מיר דוכט, פארגעסען דאָס שרייען פון נויט!

— ווען אפילו ליידער נאָך ניט דאָס שרייען". און זאראטוסטרא האָט פארשטאָפּט די אויערען, ווייל דער י־אָ פון דעם אייזעל האָט זיך נאָר־וואָס וואונדערליך צונויפגעמישט מיט דעם יובעל־ליארם פון אָט די העכערע מענשען.

„זיי זיינען לוסטיג, האָט ער ווייעדער אָנגעהויבען, און ווער ווייס? אפשר אויף דעם חשבון פון דעם מכניס־אורח; און אויב זיי האָבען זיך פון מיר אויסגעלערנט לאכען, האָבען זיי דאָך ניט מ י י ן לאכען.

אָבער וועמעס דאגה איז דאָס! דאָס זיינען אלטע לייט: זיי ווערען געזונט אויף זייער שטייגער; מיינע אויערען האָבען שוין ערגערע זאכען אריבערגעטראָגען און זיינען ניט געוואָרען פארדריסליך.

אַט דער טאָג איז אַ טריאומף: ד ע ר ג י י ס ט פ ו ן ד ע ר ש ו ו ע ר, ער ווייכט שוין, ער פליהט, מיין אַלטער ארץ־פיינד! ווי גוט נעמט זיך ענדיגען דער טאָג, וואָס האָט זיך אַנגעהויבען אזוי ניט גוט און שווער!

און ענדיגען נ ע מ ט ע ר ז י ך. עס קומט שוין דער אָווענט: איבער'ן ים קומט ער רייטענדיג אהער, דער גוטער דייטער! ווי ער וויעגט זיך, דער גליק־געבענשטער, דער אהיים־קערענדער, אין זיינע פורפּעלנע זאַטלען!

קלאָר קוקט דער הימעל דערויף, די וועלט ליעגט טיעף: אַ איהר אַלע חדוש'דיגע, וואָס איהר זייט צו מיר געקומען, עס לוינט זיך שוין ביי מיר צו לעבען!"

אזוי האָט גערעדט זאַראַטוסטרא. און וויעדער האָט זיך נעלאָזט הערען דער געשריי און דער געלעכטער פון די העכערע מענשען פון דער הייהל: האָט ער אָנגעהויבען אויפס ניי.

„זיי בייסען אָן, מיין ציעה־שפּייז ווירקט, עס ווייכט אויך פון זיי זייער שונא, דער גייסט פון דער שווער. שוין לערנען זיי זיך אויס צו לאַכען פון זיך אליין: הער איך ריכטיג?

מיינע מאַנסבילישע אכילות ווירקען, מיינע זאפט־און־קראפט־ווערטלעך: און באמת, איך האָב זיי ניט געשפּייזט מיט אויפבלאָזענדע קרייטעכער! נייער מיט די אכילות פון קריעגס־לייט, מיט אכילות פון איינגעמער: נייע גלוסטען האָב איך אויפגעוועקט.

נייע האָפנונגען זיינען אין זייערע אָטעמס און פּיס, זייער הארץ שטרעקט זיך אויס. זיי געפינען נייע ווערטער, באַלד וועט זייער גייסט אָטעמען שטיעפעריש־קייט.

אזעלכע מאכלים זיינען אודאי ניט פאַר קינדער, אויך ניט פאַר בענקענדע אַלטע און יונגע ווייבערלעך. זייער איינגעווייד דאַרף מען אנדערש איינריידען; זייער רופא און לעהרער בין איך ניט.

דער עקעל ווייכט פון אַט די העכערע מענשען: זעהר וואויל!

דאָס איז מיין טריאומף. אין מיין ממשלה ווערען זיי זיכער, יעדע נארישע בושה אנטלויפט, זיי גיסען זיך אויס.

זיי גיסען אוים זייער הארץ, גוטע שעה'ן קעהרען זיך אום צוירק צו זיי, זיי יום־טוב'ען און זיינען מעלה־גירא. — זיי ווערען ד א נ ק ב א ר.

דאָס נעם איך אָן פאַר דעם בעסטען סימן: זיי ווערען דאנק־באר. עס וועט נעמען ניט לאנג און זיי וועלען אויסטראכטען יום־טובים און וועלען אויפשטעלען מאָנומענטען זייערע אלטע פריינד.

דאָס זיינען גענזונט־ווערענדע!" אזוי האָט גערעדט זאראַ־טוסטרא פרעהליך צו זיין הארצען און האָט געקוקט אין דרויסען; זיינע חיות אָבער האָבען זיך געדריקט צו איהם און האָבען עהרליך געהאלטען זיין גליק און זיין שטיל־שווייגען.

*   *

*

2.

פלוצלונג אָבער האָט זיך זאראטוסטרא'ס אויער דערשראָקען: מחמת די הייהל, וואָס איז ביזאהער געוועזן פול ליארם און געלעכ־טער, איז מיט אמאָל געוואָרען טויט־שטיל; — צו זיין נאָז אָבער האָט זיך דערטראָגען א ריח פון א וואויל־שמעקענדען רויך און ווייהרעך, ווי פון ברענענדע צאפּענס פון א פּיניע.

„וואָס קומט פאָר? וואָס טוען זיי דאָרטען?" האָט ער זיך געפרעגט און האָט זיך צוגע'גנב'עט צו דעם אריינגאנג, כדי ער זאָל קאָנען אומבאמערקט זעהן זיינע געסט. אָבער וואונדער איבער וואונדער! וואָס האָט ער דאָ געמוזט זעהן מיט זיינע אייגענע אויגען!

„זיי זיינען אלע ווידער פ ר ו ם געוואָרען, זיי זיינען מ ת פ ל ל, זיי זיינען משוגע!" — האָט ער גערעדט און האָט זיך געוואונדערט איבער אלע מאָסען. און כך הוה! אלע אָט די העכערע מענשען, די צוויי מלכים, דער פּויפּסט אויסער דיענסט, דער ניט גוטער צויבערער, דער פרייוויליגער בעטלער, דער וואנ־

דערער און שאָטען, דער געוויסענהאַפטער פון דעם גייסט און דער מיאוס׳טער מענש: זיי אַלע זיינען געלעגען ווי קינדער און אַלטע ווייבער אויף די קניע און האָבען מתפלל געווען פאַר דעם אייזעל. און דער מיאוס׳טער מענש האָט נאָר וואָס אָנגעהויבען צו חאָרכלען און צו פּרייכען, פונקט ווי פון איהם וואָלט געוואָלט אַרויס עפּעס אַזוינס, וואָס קאָן ניט אַרויסגערעדט ווערען; אַז ער איז אָבער לסוף געקומען צו לשון, ערשט דאָס איז געווען אַ פרומער, משונה׳דיגער פּזמון, אַ הלל הגדול פאַר דעם אָנגעבעטענעם און אָנגערויכערטען אייזעל. אָט דער פּזמון האָט אָבער אַזוי געקלונגען:

אמן! און שבח און כבוד און קלוגשאַפט און דאַנק און שע־צונג און שטאַרקייט זאָל זיין צו אונזער גאָט פון אייביגקייט ביז אייביגקייט!

— דער אייזעל האָט דערצו אויסגעשריען י־אָ.

ער טראָגט אונזער לאַסט, ער האָט אָנגענומען די געשטאַלט פון אַ קנעכט, זיין האַרץ איז פול ארך־אפּים און ער זאָגט קיינמאָל ניט ניין; און ווער עס ליעבט זיין גאָט, יענער באַשטראָפט איהם.

— דער אייזעל האָט עדרצו אויסגעשריען י־אָ.

ער רעדט ניט, אַ חוץ וואָס ער זאָגט תמיד יאָ צו דער וועלט, וואָס ער האָט באַשאַפען: אַזוי שעצט ער זיין וועלט. זיין פוקסיג־קייט איז דאָס, וואָס רעדט ניט: אַזוי־אַרום איז ער זעלטען־ווען אומגערעכט.

— דער אייזעל אָבער האָט דערצו אויסגעשריען י־אָ.

ער שיינט ניט, ווען ער געהט דורך דער וועלט. גראָה איז די לייב־פאַרב, אין וועלכער ער קליידט איין זיין טוגענד. האָט ער נייסט, באַהאַלט ער דאָס · איטליכער גלויבט אָבער אין זיינע לאַנגע אויערען.

— דער אייזעל אָבער האָט דערצו אויסגעשריען י־אָ.

וואָס פאַר אַ פאַרבאָרגענע חכמה שטעקט אין דעם, וואָס ער טראָגט לאַנגע אויערען און זאָגט נאָר יאָ און קיינמאָל ניט ניין!

האָט ער דען ניט באַשאַפען די וועלט נאָך זיין בילד, דאָס הייסט אַזוי נאַריש ווי מעגליך?

— דער אייזעל אָבער האָט דערצו אויסגעשריען י־אַ.

דו געהסט אויף גלייכע און אויף קרומע וועגען. דיך אַהרט ווענינ, וואָס אונז מענשען דוכט אויס גלייך אָדער קרום. פון יע־נער זייט גוטס און שלעכטס איז דיין ממשלה. דיין אומשולד באַ־שטעהט אין ניט וויסען, וואָס איז אומשולד.

— דער אייזעל אָבער האָט דערצו אויסגעשריען י־אַ.

קוקט דאָך צו, ווי דו שטויסט קיינעם ניט אַוועק פון זיך, ניט די בעטלער, ניט די מלכים. די קינדערלעך לאָזטו קומען צו זיך. און אויב בייזע שקצים פאַרפיהרען דיך, זאָגסטו בתמימות י־אַ.

— דער אייזעל אָבער האָט דערצו אויסגעשריען י־אַ.

דו האָסט האָלט אייזעלטעס און פרישע פיינען, ביזט ניט קיין איבערקלייבער אין מאכלים. אַ שטעך־באַרעל קיטצעלט דיר דאָס האַרץ, ווען דו ביזט גראָד הונגעריג. אין דערינען ליגט די קלוג־שאַפט פון אַ גאָט.

— דער אייזעל האָט אָבער דערצו אויסגעשריען י־אַ.



# דער אייזעל־יום־טוב

## 1.

ביי אַט דער שטעל פון דעם פּזמון האָט זאַראַטוסטראַ אָבער שוין מעהר ניט געקאָנט אויסהאַלטען, ער האָט אַליין אויסגעשריען י־אַ נאָך הילכיגער איידער דער אייזעל און איז אַריינגעשפּרונגען אין מיטען פון זיינע משוגה געוואָרענע געסט. „אָבער וואָס מאַכט איהר דאָ פאַר שטיק, איהר מענשענקינדער? האָט ער אויסגערו־פען, בעת ער האָט די מתפּללים גענומען אַרויפרייסען פון דער ערד. וועה נעשריען, אויב ניט זאַראַטוסטראַ, נאָר עמיצער אַן אַנדערער וואָלט אייך דערזעהן:

א יעדערער וואָלט געקלערט, אַז איהר זייט מיט אייער נייער אמונה די ערגסטע גאָט־לעסטערער אָדער די נאַרישעסטע פון אַלע אַלטע ווייבער!

און דו אַליין, דו אַלטער פּויפּסט, ווי גראַמט זיך דאָס צונויף מיט דיר גופא, וואָס דו ביזט דאָ מתפּלל פאַר אַן אייזעל ווי פאַר אַ גאָט?"—

„אַ זאַראַטוסטראַ, האָט געענטפערט דער פּויפּסט, האָב קיין פאַראיבעל ניט, אָבער אין געטליכע ענינים בין איך נאָך אויפגע־קלערטער איידער דו. און אַזוי דאַרף דאָס זיין.

איז — ליעבערסט אין אַזאַ געשטאַלט בעטען גאָט, איידער אין גאָר קיין געשטאַלט ניט. טראַכט זיך אַריין אין אָט דעם מאמר, מיין הויכער פריינד: דו וועסט תיכף אויסגעפינען, אַז אין אַזאַ מאמר שטעקט קלוגשאַפט.

דער, וואָס האָט געזאָגט „גאָט איז אַ רוחניות" — דער האָט ביז אַהער אויף דער ערד געמאַכט דעם גרעסטען שריט און שפּרונג צו דער כפירה: אַזאַ וואָרט איז אויף דער ערד ניט אַזוי גרינג ווידער צו פאַרריכטען!

מיין אלטע הארץ שפרינגט און טאנצט דערפון, וואס עס איז נאך דא עפעס אויף דער, וואס מען קאן אנבעטען. זיי דאס מוחל, א זאראטוסטרא, אן אלטער, פרומער פויפסטען־הארץ!—"

— און דו, האט זאראטוסטרא געזאגט צו דעם וואנדערער און שאטען, דו רופסט זיך און דו מיינסט, אז דו ביזט א פרייער גייסט? און טוסט דא אפ אזא מין געטצען־ און גלחים־דיענסט?

באמת, נאך ערגער פיהרסט דו זיך דא אויף, איידער ביי דיינע ניט־גוטע ברוינע מיידלעך, דו ניט־גוטער נייער מאמין!"

„גענוג שלעכט, האט געענטפערט דער וואנדערער און שאטען, דו ביזט גערעכט: אבער וואס בין איך שולדיג! דער אלטער גאט לעבט ווידער, מעגסט זיך זאגען, וואס דו ווילסט.

דער מאוס'טער מענש איז שולדיג אין אלץ: ער האט איהם ווידער אויפגעוועקט. און אויב ער זאגט, אז ער האט איהם א מאל געטויט: ביי געטער איז דער ט ו י ט אלע מאל אן איינריידענים.—

— און דו, האט זאראטוסטרא געזאגט, דו ניט־גוטער אלטער צויבערער, וואס ה א ס ט ו געטאן? ווער זאל, אין אט דער פרייער צייט, נאך ווייטער גלויבען אין דיר, ווען ד ו גלויבסט אין אזעלכע געטער־אייזעלייען?

האסט געטאן א נארישקייט. ווי האסטו, דו קלוגער, געקאנט טאן אזא נארישקייט!"

„א זאראטוסטרא, האט געענטפערט דער קלוגער צויבערער, דו ביזט גערעכט, ס'איז געווען א נארישקייט, — און ס'איז מיר אויך גענוג שווער געווען זי צו טאן."

— און גאר דו, האט געזאגט זאראטוסטרא צו דעם געוויסענהאפטען פון דעם גייסט, טו דאך א טראכט און לייג צו דיין פינגער צו דיין נאז! איז אין דערין גארנישט ניטא, וואס געהט להיפך צו דיין געוויסען? איז דיין גייסט ניט צו ריינליך פאר אזעלכע תפלות און פאר דעם ריח פון אט די מתפללים?

„עס איז דערין עפעס יע דא, האט געענטפערט דער געוויסענ־

האפטער און האָט צוגעלייגט דעם פינגער צו דער נאָז, עס איז אין אָט דעם שפּעקטאַקעל עפּעס יע דאָ, וואָס טוט וואויל־באַקומען אפילו מיין געוויסען.

אפשר טאָר איך ניט גלויבען אין גאָט. עס איז אָבער געוויס, אז אין אָט דער געשטאַלט, דוכט מיר, לייגט זיך מיר דער גלויבען אין גאָט מעהר אויפ'ן שכל.

גאָט איז אייביג, ווי עס זאָגען עדות די פרימסטע: ווער עס האָט אַזוי פיעל צייט, יענער האָט צייט אַזוי פּאַמעלעך און אַזוי נאַריש ווי נאָר מעגליך: ד ו ר ך ד ע ם קאָן אַזוינער דער־גרייכען זעהר ווייט.

און ווער עס האָט צופיעל גייסט, יענער קאָן זיך אליין פּאַרנאַ־רען אין שטות און נאַרישקייט. גיב אַ טראַכט וועגען זיך אליין, אָ זאַראַטוסטראַ!

דו גופא — באמת! אויך דו, קאָנסט אויס שפּע און קלוגשאַפט גריילעך ווערען אַן אייזעל.

געהט ניט אַ קלוגשאַפענער בתכלית השלימות גריילעך אויף די קרימסטע וועגען? די באַשיינפּערליכקייט לערנט דאָס, — דיין באַשיינפּערליכקייט!"

— „און לסוף דו אליין, האָט זאַראַטוסטראַ געזאָגט און זיך געווענדט צו דעם מיאוס'טען מענשען, וואָס איז נאָך אַלץ געלעגען אויף דער ערד, דעם אָרעם אויפגעהויבען צו דעם אייזעל (מחמת ער האָט איהם געגעבען טרינקען וויין). זאָג, דו ניט אויסצורע־דענדער, וואָס האָסטו דאָ אָנגעטאָן!

עס דוכט מיר, דו ביסט פּאַראַנדערשט געוואָרען, דיין אויג גליהט, אַ מלבוש פון דערהויבענקייט ליעגט ארום דיין מאוס'קייט: וואָס האָסטו געטאָן?

איז דאָס אמת, וואָס יענע זאָגען, אז דו האָסט איהם ווידער אויפגעוועקט? און צוליעב וואָס? איז ער ניט אויס גוטע טעמים געטויט און נע'פּטר'ט געוואָרען?

„עס דוכט מיר, דו גופא ביזט אויפגעוועקט געוואָרען: וואָס

האסטו געטאן? וואס האסטו זיך אומגעקערט? וואס האסטו זיך באקערט? רייד, דו ניט־אויצוריידענדער!"

„א, זאראטוסטרא, האט געענטפערט דער מאוס'טער מענש, דו ביזט א ממזר!

צי יענער לעבט נאך אדער ער לעבט ווידער, אדער ער איז גרינדליך טויט, — ווער פון אונז ביידען וויס דאס אויפ'ן בעסטען אופן? איך פרעג ביי דיר.

איינס אבער וויס איך, — פון דיר גופא האב איך דאס א מאל געלערנט, א זאראטוסטרא: ווער עס וויל טויטען אויף א גרינד־ליכסטען אופן, יענער לאכט.

„ניט מיט צארן, נאר מיט געלעכטער טויט מען"—אזוי האסטו א מאל געזאגט. א זאראטוסטרא, דו נסתר, דו פארניכטער אהן צארן, דו געפעהרליכער הייליגער, — דו ביזט א ממזר!"

* *
*

## 2.

דא אבער האט פאסירט, אז זאראטוסטרא, א פארוואונדער־טער פון לויטער אזעלכע שטיפערישע ענטפערס, איז צוריק גע־שפרונגען צו דער טיר פון זיין הייהל, האט זיך געווענדט צו אלע זיינע געסט און האט מיט א שטארקער שטים ארויסגעשריען:

„א איהר מארשאליקעס אלע אין איינעם, איהר קלאונס! וואס פארשטעלט און פארשטעקט איהר זיך פון מיר!

ווי האט דאך ביי יעדען איינעם פון אייך דאס הארץ געצא־פעלט פון לוסט און בייזקייט, וואס איהר זייט לסוף ווידער א מאל געווארען ווי קינדערלעך, דאס הייסט פרום, —

— וואס איהר האט לסוף ווידער געטאן, וואס קינדער טוען, דהינו, נאט געבעטען, די הענט צונויפגעלייגט און „גאטעניו" גע־זאגט!

אבער איצטער פארלאזט מיר אט די קינדער־שטוב, מיין איי־גענע הייהל, וואו יעדע קינדעריי איז היינט אין דער היים. קיהלט

אָפּ דאָ דרויסען אייער הייסען קינדער־איבערמוט און דעם הארץ־ליאַרם.

אודאי: כּל זמן איהר ווערט ניט ווי די קינדערלעך, קומט איהר ניט אריין אין אָט די מלכות שמים (און זאראַטוסטרא האָט אָנגעוויזען מיט די הענט אויף אויבען).

אָבער מיר ווילען גאָר ניט אין די מלכות שמים: מיר זיינען געוואָרען מענער, — איז ווילען מיר הי מלכות הארץ."

* *
*

3.

און נאָך א מאָל האָט זאראַטוסטרא אָנגעהויבען צו ריידען.

„אָ מיינע נייע פריינד, האָט ער געזאָגט, — איהר וואונדערליכע, איהר העכערע מענשען, ווי גוט געפעהלט איהר מיר איצטער, —

— זינט איהר זייט ווידער פרעהליך געוואָרען! איהר האָט באמת אַלע אויפגעבליהט: מיר דוכט, פאַר אזוינע בלומען, ווי איהר, דאַרף מען נויטיג נייע יום־טובים,

—א קליינע קוראַזשירטע טפּשות, עפּעס א גאָטעס־דיענסט און אייזעל־יום־טוב, עפּעס אַן אַלטער פרעהליכער זאראַטוסטרא־נאַר, א ברויז־ווינט, וואָס בלאָזט העל פאַנאַנדער אייערע נשמות.

פאַרגעסט ניט אָט די נאַכט און אָט דעם אייזעל־יום־טוב, איהר העכערע מענשען! דאָס האָט איהר ביי מיר אויסגעטראַכט, דאָס נעם איך אָן ווי א גוטען סימן, — אזא המצאה טראַכטען אויס נאָר די וואָס ווערען ווידער געזונט!

און ווען איהר וועט נאָך א מאָל באַגעהן אָט דעם אייזעל־יום־טוב, טוט דאָס צוליעב אייך, טוט דאָס אויך צוליעב מיר! און צוליעב מיין געדעכעניש!"

אזוי האָט גערעדט זאראַטוסטרא.

* *
*

# דאָס שבור'ע ליעד

## 1.

דערוויילע אָבער זיינען זיי איינער נאָך דעם אַנדערען ארויס אין דער פריי און אין די קיהלע פארטראַכטע נאַכט; זאראַטוס־טרא אָבער האָט אַליין געפיהרט פאר'ן האַנט דעם מאוס'טען מענ־שען, באַווייזען איהם זיין נאַכט־וועלט און די גרויסע קיילעכיגע לבנה און די זילבערנע וואסער־שטורצען ביי זיין הויהל. דאָ זיי־נען זיי לסוף געשטאַנען שטיל איינער נעבען דעם אַנדערען, לויטער אַלטע לייט, אָבער מיט אַ געטרויסטען מוטיגען הארצען און פאר־וואונדערט אין זיך גופא, וואָס עס איז זיי אזוי וואויל אויף דער ערד; די פאר'סודות'טקייט פון דער נאַכט איז זיי אָבער אַלץ נעהנטער און נעהנטער געקומען צו דעם הארצען. און זאראַטוס־טרא האָט אויפ'ס ניי געטראַכט ביי זיך: „אָ, ווי גוט זיי געפעלען מיר איצט, אָט די העכערע מענשען!" — אָבער ער האָט דאָס ניט ארויסגערעדט, ווייל ער האָט עהרליך געהאַלטען זייער גליק און זייער שטילען שווייגען.

דאָ אָבער איז געשעהן דאָס, וואָס איז אין יענעם נשתומם'די־נען טאָג געווען די נשתומם'דיגסטע זאַך: דער מאוס'טער מענש האָט נאָך אַ מאָל און צום לעצטען מאָל אָנגעהויבען צו כאָרכלען און צו פרייכען, און אַז ער איז געקומען צו לשון, ערשט זעה, פון זיין מויל איז קיילעכדיג און ריינליך ארויסגעשפרונגען אַ שאלה, אַ גוטע טיעפע קלאָרע שאלה, וואָס האָט געמאַכט זיך באַוועגען די הערצער פון אַלע, וועלכע האָבען איהם צוגעהערט.

„מיינע פריינד אַלע אין איינעם, האָט גערעדט דער מיאוס'טער מענש, וואָס קלערט איהר? צוליעב אָט דעם טאָג — בין איך צום ערשטען מאָל אין מיין לעבען צופריעדען, וואָס איך האָב אָפגעלעבט אַ גאַנצען לעבען.

און וואָס איך טו דאָ עדות זאָגען אזוי פיעל, איז פאר מיר

נאָך ניט גענוג. עס לוינט זיך צו לעבען אויף דער ערד: איין טאָג, איין יום־טוב מיט זאַראַטוטראַ'ן האָט מיך אויסגעלערנט ליעב האָבען די ערד.

„איז ד אָ ס געווען — דאָס לעבען?" וועל איך זאָגען צום טויט. „איז זעהר וואויל! נאָך א מאָל!"

מיינע פריינד, וואָס קלערט איהר? וועט איהר ניט זאָגען צו דעם טויט, אזוי ווי איך: איז ד אָ ס געוועזן דאָס לעבען? איז — פון זאַראַטוסטראַ'ס וועגען — זעהר וואויל! נאָך א מאָל!"

אזוי האָט גערעדט דער מיאוס'טער מענש; עס איז אָבער גע־וועזן ניט לאַנג פאַר האַלבע נאַכט. און וואָס מיינט איהר אַז ערך איז דאָרטען פאָרגעקומען? ווי גאָר די העכערע מענשען האָבען אויסגע־הערט זיין שאלה, האָבען זיי זיך דערוואוסט, אַז זיי זיינען פאַר־וואַנדעלט און געזונט געוואָרען, און ווער דאָס האָט זיי געמאַכט: זיינען זיי צוגעשפּרונגען צו זאַראַטוסטראַ'ן און גערדאַנקט און אָפּ־געגעבען כבוד און געגלעט און געקושט איהם די הענט, ווי אַ יע־דער נאָך זיין שטייגער: אזוי, אַז אייניגע האָבען געלאַכט און איי־ניגע האָבען געוויינט. דער אַלטער וואהרזאָגער אָבער האָט גע־טאַנצט פון תענוג; און ווען אפילו ער איז יעמאָלט געווען, ווי איי־ניגע דערצעהלער מיינען, פול פון זיסען וויין, איז ער געווים נאָך פולער געווען פון זיסען לעבען און האָט ניט געוואוסט פון קיין מאַטקייט. עס זיינען דאָ אפילו אַזעלכע, וואָס דערצעהלען, אַז יע־מאָלט האָט אויך דער אייזעל געטאַנצט; מחמת דער מאוס'טער מענש האָט איהם ניט אומזיסט פריהער געגעבען טרינקען וויין. נאָר — דאָס האָט געקאָנט זיין אַזוי אָדער אויף אַנדערש; און אויב דער אייזעל האָט אין דער אמת'ען ניט געטאַנצט אין יענעם אָוועַנט, זיינען דאָך דעמאָלט געשעהן גרעסערע און משונה'דיגערע וואונדער־זאכען, איידער דאָס טאַנצען פון אַן אייזעל. קורץ, ווי זאַראַטוס־טראַ'ס א ווערטעל זאָגט: „וועמעס דאגה!"

* *

*

2.

ווען אָט דאָס האָט פּאַסירט מיט דעם מיאוס'טען מענשען, איז אָבער זאַראַטוסטראַ געשטאַנען ווי אַ שכור'ער: זיין בליק האָט זיך אויסגעלאָשען, זיין צונג האָט געפלאָפּעלט און ער האָט זיך געשאָקעלט אויף די פיס. און ווער וואָלט אויף געקאָנט טרעפען, וועלכע געדאַנקען זיינען דערביי דורכגעלאָפען דורך זאַראַטוסטראַ'ס נשמה? באשיינפּערליך אָבער האָט זיך זיין גייסט אומגעקערט צוריק און איז געפלויגען פאָראויס און איז געווען אין וויטע ווייטען און פּונקט ווי „אויף אַ הויכען באַרג־רוקען צווישען צוויי ים'ען, ככתוב,

— וואַנדלענדיג צווישען עבר און עתיד ווי אַ שווערער וואָלקען“. בשעת די העכערע מענשען האָבען איהם געהאַלטען אין זייערע אָרעמס, איז ער אָבער בהדרגה אַ ביסעל געקומען צו זיך און האָט זיך מיט די הענט געוועהרט אַנטקעגען די שטופּעניש פון די פאַרעהרער און די פאַרזאָרגטע:

נאָר ער האָט ניט גערעדט. מיט אַ מאָל אָבער האָט ער געשווינד אַ קער געטאָן דעם קאָפּ, ווייל איהם האָט זיך געדוכט, ער הערט עפּעס: האָט ער צוגעלייגט דעם פינגער צו דעם מויל און האָט געזאָגט: „ק ו מ ט!“

און תיכף איז אַרום און אַרום געוואָרען שטיל און סודות'דיג; פון דער טיעף האָט גענומען קלינגען געצויגען דער קלאַנג פון אַ גלאָק. זאַראַטוסטראַ האָט זיך איינגעהערט, ווי אויך די העכערע מענשען; דערנאָך אָבער האָט ער צום צווייטען מאָל צוגעלייגט דעם פינגער צו דעם מויל און האָט ווידער געזאָגט: „ק ו מ ט! ק ו מ ט! ע ס  ג ע ה ט  צ ו  ח צ ו ת!“ — און זיין שטים האָט זיך געביטען. אָבער ער האָט זיך פאָרט ניט גערירט פון אָרט: איז געוואָרען נאָך שטילער און סודות'דינער, און אַלץ האָט זיך איינגעהערט, אויך דער אייזעל, און זאַראַטוסטראַ'ס בכבוד'ע חיות, דער אָדלער און די שלאַנג, גם כן זאַראַטוסטראַ'ס הייהל און די גרויסע קיהלע לבנה און די נאַכט גופא. זאַראַטוסטראַ אָבער האָט צום דריטען מאָל צוגעלייגט די האַנט צום מויל און האָט גע־

זאגט: קומט! קומט! קומט! לאמיר אצינ־
דער וואנדלען! עס איז געקומען די
שעה: לאמיר וואנדלען אין דער נאכט
אריין!

*  *
*

3.

איהר העכערע מענשען, עס געהט צו חצות: איך וויל אייך עפּעס זאגען אויפ׳ן אויער. ווי יענער אלטער גלאָק זאגט דאס מיר אויפ׳ן אויער,—

אזוי סודות׳דיג, אזוי אימה׳דיג, אזוי הארציג, ווי עס רעדט צו מיר יענער חצות־גלאָק, וואס האָט מעהר דורכגעלעבט איידער א מענש.

— וואס האָט שוין אָפּגעצעהלט די הארץ און־שמארץ־שלאָגען פון אייערע פאָטערס — — אך! אך! ווי זי זיפצט! ווי זי לאכט אין חלום! די טיעפע, טיעפע האלבע נאכט!

שטיל! שטיל! דאָ ווערט געהערט עפּעס אזוינס, וואס טאָר ניט געזאגט ווערען אויפ׳ן קול ביי טאָג; אָבער איצט, אין דער קיהלער לופט, ווען אפילו יעדער ליארם פון אייערע הערצער איז אנטשוויגען געוואָרען,—

— איצט רעדט עס, איצט הערט עס זיך, איצט שארט עס זיך אריין אין נאכטליכע איבער־אויפגעוואכטע נשמות: אך! אך! ווי זי זיפצט! ווי זי לאכט אין חלום!

— הערסטו ניט, ווי זי רעדט צו דיר סודות׳דיג, אימה׳דיג, הארציג, די אלטע טיעפע, טיעפע האלבע נאכט?

א מענש, גיב אכט!

*  *
*

4.

וועה איז מיר! וואו איז אהינגעקומען די צייט? בין איך ניט געזונקען אין טיפע ברונעמס? די וועלט שלאפט —

אך! אך! דער הונט יאמערט, די לבנה שיינט. ליעבערסט וועל איך שטארבען, שטארבען, איידער זאגען אייך, וואס מיין חצות־נאכט טראכט איצטער.

נו—בין איך שוין געשטארבען. עס איז אוים. שפין, וואס שפינסטו ארום מיר? ווילסטו בלוט? אך! אך! דער טהוי פאלט, די שעה קומט —

— די שעה, אין וועלכער איך פרעסטעל און פריהר, וועלכע פרעגט און פרעגט און פרעגט: „ווער האט געגוג הארץ דערצו?

— ווער זאל זיין דער האר פון דער ערד? ווער וויל זאגען: „אזוי זאלט איהר לויפען, איהר גרויסע און קליינע שטראמען!"

— די שעה איז נאהנט: א מענש, דו העכערער מענש, גיב אכט! אט די רייד זיינען פאר איידעלע אויערען, פאר פיינע אויערען — וואס רעדט די טיעפע האלבע נאכט?

* *

*

5.

עס טראגט מיך אהין, מיין נשמה טאנצט. דו ווערק פון טאג! דו ווערק פון טאג! ווער זאל זיין דער האר איבער דער ערד?

די לבנה איז קיהל, דער ווינט שווייגט. אך! אך! זייט איהר שוין געפלויגען הויך גענוג? איהר טאנצט: אבער א פוס איז דאך ניט קיין פליעגעל.

איהר גוטע טענצער, איצט איז אריבער יעדע לוסט: וויין איז געווארען הייווען, איטליכער בעכער איז געווארען ברעקעלדיג, די קברים שטאמלען.

איהר זייט ניט גענוג הויך געפלויגען: איז שטאמלען די קברים—„לייזט דאך אוים די מתים! פארוואס געוועהרט אזוי

לאנג די נאכט? מאכט אונז ניט די לבנה שכור?"

איהר העברעע מענשען, לייזט דאך אויס די קברים, וועקט אויף די בר־מינן'ס! אך, וואס גראבט זיך נאך דער ווארים? ס'איז נאהנט, ס'איז נאהנט די שעה, —

— עס ברומט דער גלאק, עס רעש'ט נאך די הארץ, עס גראבט זיך נאך דער האלץ־ווארים. אך! אך! **די וועלט — א טיעפער תהום!**

*　　*

*

6.

זיסע לירע! זיסע לירע! איך ליעב דיין טאן, דיין שכור'ען פראש־טאן פון ווי לאנג, פון ווי ווייט קומט צו מיר דיין טאן, פון א מהלך, פון די טייכען פון דער ליעבע!

דו אלטער גלאק, דו זיסע לירע! איטליכער שמארץ האט זיך דיר אריינגעריסען אין הארצען, דער שמארץ פון דעם פאטער, דער שמארץ פון די פאטערס, דער שמארץ פון די אור־עלטערען; דיינע רייד זיינען צייטיג געווארען, —

— צייטיג געווארען פונקט ווי גילדערנע בלעטער־פאלען אין נאכמיטאגען, פונקט ווי מיין מתבודד־הארץ — איז רעדסטו: די וועלט נופא איז געווארען צייטיג, דער וויינטרויב ברוינט זיך,

— איצט וויל ער שטארבען, פאר גליק שטארבען. איהר העברעע מענעשן, שפיהרט איהר דאס ניט? עס קוואלט ארויף סודות־דיג א ריח,—

— א דופט און גערוך פון אייביגקייט, א רויזען־גליק־געבענש־טער ברוינער גאלד־וויין־ריח פון דעם אלטען גליק,—

— פון דעם באטרונקענעם שטארבען־גליק פון דער האלבער נאכט, וואס זינגט: די וועלט איז טיעף, נאך טיעפער, איידער ס'האט דער טאג געקלערט!

*　　*

*

7.

לאָז אָפּ פון מיר! לאָז אָפּ פון מיר! איך בין צו ריין פאַר דיר! ריהר מיך ניט אָן! איז מיין וועלט ניט נאָר וואָס געוואָרען בשלימות?

מיין הויט איז צו ריין פאַר דיינע הענט. לאָז מיך אָפּ, — דו נארישער טפּוש'ער שטיקענדער טאָג! איז ניט די האַלבע נאכט ליכטיגער?

די ריינסטע זאָלען זיין די הארען איבער דער ערד, די אומדער־קענטעסטע, די שטארקסטע, די חצות־נשמות, וואָס זיינען ליכטיגער און טיעפער איידער יעדער טאָג.

אָ טאָג, דו טאַפּסט אין דער פינסטער נאָך מיר? דו שטרעקסט אויס די האַנט נאָך מיין גליק: איך בין פאַר דיר רייך, איינזאַם, אַן אוצר־גרוב, אַ גאָלד־קאַמער?

אָ וועלט, דו ווילסט מיך? בין איך דיר וועלטליך? בין איך דיר גייסטליך? בין איך דיר געטליך? אָבער טאָג און וועלט,— אהר זייט צו אומגעלומפּערט,—

— האָט קליגערע הענט, שטרעקט אויס אייער האַנט נאָך אַ טיעפערען גליק, נאָך אַ טיעפערען אומגליק, שטרעקט אויס אייער האַנט נאָך אַ גאָט, ציהט זיך ניט נאָך מיר:

— מיין אומגליק, מיין גליק איז טיעף, דו וואונדערליכער טאָג, אָבער איך בין ניט קיין גאָט, קיין גאָט'ס גיהנום: טיעף איז איהר וועה.

*   *

*

8.

גאָט'ס וועה איז טיעפער, דו וואונדערליכע וועלט! שטרעק אויס דיין האַנט נאָך גאָט'ס וועה, ניט נאָך מיר! וואָס בין איך! אַ באַטרונקענע זיסע לירע, —

— אַ האַלבע־נאכט־לירע, אַ גלאָק־מתמיד, וואָס קיינער פאַר־

שטעהט איהם ניט, אָבער וואָס מ ו ז ריידען פאר טויבע, איהר העכערע מענשען! ווייל איהר פארשטעהט מיך ניט!

אהין! אהין! אָ יוגענד! אָ האלבער טאָג! אָ נאָכמיטאָג! איז געקומען דער אָוועגט און די נאַכט און די האלבע נאכט, — דער הונט יאָמערט, דער ווינט:

— איז דער ווינט ניט א הונט? ער קוויטשעט, ער בילט, ער יאָמערט. אך! אך! ווי זי זיפצט! ווי זי לאכט, ווי זי כאָרכעלט און קייכט, די האלבע נאכט!

ווי ניכטער זי רעדט גראָד איצט, אָט די באטרונקענע דיכ־טערין? זי האָט משמעות אריבערגעטרונקען איהר שכרות? זי איז געוואָרען איבער־אויפגעוואכט? איז זי מעלה גירה?

— איהר וועה קייט זי צוריק אין הלום, די אלטע טיעפע האלבע נאכט, און נאָך מעהר איהר לוסט, מחמת לוסט, ווען וועה איז שוין טיעף: ד י ל ו ס ט — נ אָ ך ט י ע פ ע ר א י ־ ד ע ר ה א ר צ ע נ ס ־ ל י י ד.

* *

*

9.

דו וויינשטאָק! וואָס לויבסטו מיך? איך האָב דאָך דיך געשניטען! איך בין אכזר׳יש, דו געהסט אָפּ מיט בלוט —: וואָס ווילסטו מיט דיין לויב אויף מיין באטרונקענער אכזריות?

„דאָס, וואָס איז געוואָרען בשלימות, אלץ וואָס איז צייטיג — וויל שטארבען!“ אזוי זאָגסטו. געבענשט, געבענשט זאָל זיין דער שניט־מעסער! אָבער אלץ, וואָס איז אומצייטיג וויל לעבען: וועה געשריען!

וועה זאָגט: „פארגעה! אוועק, דו וועה!“ אָבער אלץ, וואָס ליידט, וויל לעבען, כדי עס זאָל ווערען צייטיג און לוסטיג און פול בענקשאפט, —

— בענקשאפט נאָך דעם ווייטער, דעם העכער, דעם ליכטי־

גער. „איך וויל יורשים, אזוי זאָגט אַלץ, וואָס לײדט, איך וויל קינדער, איך וויל ניט מ י ך." —

לוסט אָבער וויל ניט קיין יורשים, ניט קיין קינדער, — לוסט וויל זיך אַליין, וויל אייביגקייט, וויל ווידערקום, וויל אַלץ — זיך־אייביג־גלייך.

וועה זאָגט: „צוברעך, פאַרבלוטיג, דו האַרץ! וואַנדער, דו פוס! פליעגעל, פליה! אהין! ארויף! דו שמאַרץ! מיט גליק! לעבעדיג! אַ מיין אַלט האַרץ: וועה זאָגט: „פאַר־גע ה!"

*　　*
*

10.

איהר העכערע מענשען, וואָס דוכט איך? בין איך אַ וואָהר־זאָגער? אַ טרוימענדער? אַ שיכור'ער? אַ חלום־טײטשער? אַ חצות־גלאָק?

אַ טראָפּען טהוי? אַ דונסט און דופט פון דער אייביגקייט? הערט איהר דאָס ניט? שפירט איהר דאָס ניט? מיין וועלט איז נאָר וואָס געוואָרען בתכלית השלימות, האַלבע נאַכט איז אויך האַלבער טאָג, —

שמאַרץ איז אויך אַ לוסט, אַ קללה איז אויך אַ ברכה, נאַכט איז אויך אַ זון, — געהט אַוועק אָדער איהר וועט זיך דערוויסען: אַ קלוגשאַפּענער איז אויך אַ נאַר.

האָט איהר ווען עס איז געזאָגט יע צו איין לוסט? אַ מיינע פריינד, איז האָט איהר געזאָגט יע אויך צו דעם גאַנצען וועה. אַלע זאַכען זיינען פאַרקייטעלט, פאַרפעדימט, פאַרליעבט, —

— אויב איהר האָט ווען עס איז געוואָלט דעם איין מאָל צוויי מאָל, אויב איהר האָט ווען עס איז געזאָגט „דו געפעלסט מיר, גליק! פלינק! הרף־עין! האָט איהר געוואָלט, אַ ל ץ זאָל קומען צוריק!

— אַלץ אויף דאָס ניי, אַלץ אייביג, אַלץ פאַרקייטעלט, פאַר־

פערימט, פארליעבט אַ, אַט אזוי האָט איהר ג ע ל י ע ב ט די וועלט, —

— איהר אייביגע, איהר ליעבט זי אייביג און צו יעדער צייט: און אויך צו דעם יועה זאָגט איהר: פארגעה, אָבער קום צוריק! ו ו י י ל י ע ד ע ל ו ס ט ו ו י ל — א י י ב י נ ־ ק י י ט!

* *
*

11.

איטליכע לוסט וויל די אייביגקייט פון אַלע זאכען, וויל האָניג, וויל הייוועז, שכור'ען חצות, וויל קברים, וויל דעם טרויסט פון די קברים־טרערען, וויל פארגילדטע אָוועגט־רויט, —

— ו ו אָ ס וויל ניט לוסט! זי איז דאָרשטינער, הארציגער, הונגעריגער, אימה'דיגער, סודות'דיגער, איידער יעדער וועה, זי וויל ז י ך, זי בייסט אין זיך, דעם רינג'ס ווילען ראנגעלט זיך אין איהר, —

— זי וויל ליעבע, זי וויל שנאה, זי איז איבער־רייך, זי שענקט, ווארפט אוועק, בעט זיך, איינער זאָל זי נעמען, דאנקט דעם וואָס נעמט זי, זי וואָלט גריילעך וועלען, מען זאָל זי פיינט האָבען, —

— אזוי רייך איז לוסט, אז זי דאָרשט נאָך וועה, נאָך גיהנום, נאָך שנאה, נאָך שמאך, נאָך דעם קריפעל, — ווייל אָט די וועלט, אַ איהר זייט דאָך מיט איהר בעקאנט!

איהר העכערע מענשען, נאָך אייך בענקט זי, די לוסט, די ניט־צו־בינדערנדע, די גליק־געבענשטע, — נאָך אייער וועה, איהר ניט־געראָטענע! נאָך די שלעכט־געראָטענע בענקט יעדע אייביגע לוסט.

ווייל יעדע לוסט וויל זיך גופא, דעריבער וויל זי אויך הארץ־לייד! אַ גליק! אַ שמארץ! אַ, צוברעך, דו הארץ! איהר הע־כערע מעשען, לערנט דאָך די סוגיא, לוסט וויל אייביגקייט,

— לוסט וויל די אייביגקייט פון אלע זאכען, וויל טיע־פע, טיעפע אייביגקייט!

*   *

*

12.

האָט איהר שוין אויסגעלערנט מיין ליעד? האָט איהר גע־טראָפען, וואָס זי וויל? איז גוט! מיט גליק ארויף! איהר העכערע מענשען, איז זינגט מיר מיין רונד־געזאַנג!

איז זינגט מיר אליין די ליעד, וואָס איהר נאָמען איז: „נאָך א מאָל", וואָס איהר זין איז „אין אלע אייביגקייט!" — זינגט איהר העכערע מענשען, זאראַטוסטראַ'ס רונד־געזאַנג!

אָ מענש! גיב אכט!
וואָס רעדט די טיעפע האלבע נאכט?
„מיין שלאָף האָט לאַנג געוועהרט, —
„בין אויפגעוואכט פון טיעפען טרוים: —
„די וועלט — א טיעפער תהום,
„נאָך טיעפער, איידער ס'האָט דער טאָג געקלערט.
„טיעף איז איהר וועה —,
„די לוסט — נאָך טיעפער איידער הארצענס־לייד:
„וועה זאָגט: פארגעה!
„נאָר יערע לוסט וויל אייביגקייט —,
„ — וויל טיעפע, טיעפע אייביגקייט!"

*   *

*

## דער צייכען.

אָבער אויף מאָרגען נאָך אַט דער נאכט איז זאראַטוסטרא אויפגעשפרונגען פון זיין געלעגער, האָט זיך אָנגעגורט די לענדען, און איז ארויסגעקומען פון זיין הייהל, גליהענד און שטארק, ווי א פריה־מאָרגען־זון, וואָס קומט ארויף פון טונקעלע בערג.

„דו גרויסער שטערען, האָט ער געזאָגט, ווי ער האָט אַמאָל גערעדט צו איהר, דו טיעפע אויג פון גליק, וואָס וואָלט געווען דיין גליק, ווען דו וואָלסט ניט געהאַט י ע נ ע, פאַר וועמען דו שיינסט!

און אויב זיי וואָלטען געבליבען אין זייערע קאַמערען, בעת דו ביסט שוין וואַך און קומסט און שענקסט און טיילסט אויס: ווי וואָלט דיין שטאָלצע שעמעוודיגקייט געצאָרענט אויף דערויף!

זעהר וואויל! זיי שלאָפען נאָך, אָט די העכערע מענשען, בעת א י ך בין וואַך: ד אָ ס זיינען ניט מיינע ריכטיגע וועג־חברים! ניט אויף זיי וואַרט איך דאָ אין מיינע בערג.

איך וויל זיין ביי מיין ארבייט, ביי מיין טאָג: אָבער זיי פארשטעהען ניט, וואָס עס זיינען די סמנים פון מיין אין־דער־פריה. מיין שריט איז פאַר זיי ניט קיין וועק־רוף.

זיי שלאָפען נאָך אין מיין הייהל, זייער חלום טרינקט נאָך פון מיינע באַטרונקענע ליעדער. דער אויער אָבער, וואָס זאָל זיך אין מ י ר איינהערען, — דער אויער, וואָס זאָל טאָן־פאָלגען, פעהלט נאָך ביי זייערע אברים.“

אָט דאָס האָט זאַראַטוסטראַ גערעדט צו זיין הארצען, בעת די זון איז אויפגעגאַנגען. דאָ האָט ער מיט א פרעגענדיגען בליק ארויפגעקוקט אין דער הויך, ווייל ער האָט דערהערט איבער זיך דעם שאַרפען רוף פון זיין אָדלער. „זעהר וואויל! האָט ער ארויפגערופען, אזוי געפעלט דאָס מיר און אזוי קומט דאָס מיר. מיינע חיות זיינען וואַך, ווייל איך בין וואַך.

מיין אָדלער איז וואַך און גיט אָפּ כבוד דער זון אזוי ווי איך. די אָדלער־קרעלען שטרעקט ער אויס נאָך דעם נייעם ליכט־שיין. איהר זייט מיינע ריכטיגע חיות; איך ליעב אייך.

אָבער עס פעהלען מיר נאָך מיינע ריכטיגע מענשען!“ —

אזוי האָט גערעדט זאַראַטוסטראַ; דאָ אָבער האָט פּאַסירט, וואָס ער האָט פּלוצלונג דערהערט, אז ער איז ארומגעשוויבעלט

און ארומגעפלאַטערט פון פויגלען אָהן אַ צאָל, — דאָס ארומ־רוישען פון אזוי פיעל פליעגלען און די דרענגעניש ארום זיין קאָפּ איז אָבער געווען אזוי גרויס, אז ער האָט צוגעמאַכט די אויגען. און באמת, פּונקט ווי אַ וואָלקען איז דאָס אראָפּגעפאלען איבער איהם, פונקט ווי אַ וואָלקען פון פיילען, וואָס שיטען זיך אויס איבער אַ נייעם פיינד. אָבער זעה, דאָ איז דאָס געווען אַ וואָלקען פון ליעבע און איבער אַ נייעם פריינד.

„וואָס טוט געשעהן מיט מיר?" האָט זאראַטוסטראַ געטראַכט אין זיין פארפלעפטען הארצען און האָט זיך פּאמעלעך אראָפּגעלאָזען אויף דעם גרויסען שטיין, וואָס איז געלעגען נעבען זיין הייהל. אָבער, בעת ער האָט מיט די הענד ארומגעפיהרט ארום זיך און איבער זיך און אונטער זיך און האָט זיך געוועהרט פון די צארט־ליכע פויגעל, ערשט, דאָ האָט מיט איהם פּאַסירט נאָך אַ מעהר משונה'דיגע זאַך: מחמת זיינע הענט זיינען דערביי אומבאַמערקט אריין אין געדיכטע ווארעמע האָר־לאָקענס; און אין דערזעלביגער צייט האָט זיך דערהערט אַ געבריל, — אַ נעימות'דיגער לאַנגער בריל פון אַ לייב.

„ע ס ק ו מ ט ד ע ר צ ײ כ ע ן", האָט זאראַטוסטראַ גע־זאָגט, און זיין הארץ האָט זיך איבערגעביטען. און אין דער אמת'ן, אז עס איז געוואָרען ליכטיג, איז געלעגען ביי זיינע פיס אַ געלע מעכטיגע חיה און האָט געטוליעט דעם קאָפּ צו זיינע קניע, און האָט איהם ניט געוואָלט פארלאָזען מחמת ליעבע און האָט זיך איינגעפיהרט, פּונקט ווי אַ הונט, וואָס האָט ווידער געפונען זיין האַר. די טויבען אָבער זיינען אין זייער ליעבע ניט געווען מיט ווייניגער התמדה איידער דער לייב; און אלע מאָל, ווען אַ טויב פלעגט פארבייפליהען פארביי דעם לייב'ס נאָז, פלעגט דער לייב אַ שאָקעל טאָן מיט'ן קאָפּ און פלעגט זיך וואונדערען און לאַכען דערביי.

צו די אלע זאַכען האָט זאראַטוסטראַ געזאָגט נאָר איין וואָרט:

„מ י י נ ע  ק י נ ד ע ר  ז י י נ ע ן  נ אָ ה ע נ ט,  מ י י נ ע

ק י נ ד ע ר" —, דערנאָך איז ער געוואָרען גאַנץ שטום. זיין הארץ אָבער האָט זיך פאַנאַנדערגעעפענט, און פון זיינע אויגען האָבען אראָפּגעטראָפּענט טרערען און זיינען געפאַלען אויף זיינע הענט. און ער האָט קיין זאַך מעהר ניט געמערקט, און איז געזעסען, זיך ניט א ריהר צו טאָן און זיך ניט געוועהרט מעהר אנטקעגען די חיות. זיינען די טויבען ארומגעפלויגען ארום איהם און האָבען זיך געזעצט צו איהם אויף די אקסלען און האָבען געצערטעלט זיינע ווייסע האָר און זיינען ניט מיער געוואָרען מיט צערטליכקייט און פריידיגע התלהבות. דער שטארקער לייב אָבער האָט שטענדיג געלעקט די טרערען, וואָס פלעגען פאַלען אויף זאראטוסטרא'ס הענט און האָט שעמעוודיג צוגעברילט און צוגעברומט דערצו. אזוי האָבען זיך אויפגעפיהרט אָט די חיות.

דאָס אַלץ האָט געוועהרט א לאַנגע צייט, אָדער א קורצע צייט: ווייל, באמת גערעדט, איז פאַר אזוינע זאכען אויף דער ערד גאָר ניט שייך צו זאָגען צ י י ט. — בינו לבינו זיינען אָבער די העכערע מענשען אין זאראטוסטרא'ס הייהל אויפגעשטאַנען פון שלאָף און האָבען זיך אין איינעם אויסגעשטעלט אין א צוג צו געהן אנטקעגען זאראטוסטרא'ן און איהם גוט־מאָרגען־ביעטען: ווייל זיי האָבען דערזעהען, בעת זיי זיינען אויפגעשטאַנען, אז ער איז שוין מעהר ניט געווען צווישען זיי. אז זיי זיינען אָבער דערגאַנגען ביז צו דער טיר פון דער הייהל, און דער ליארעם פון זייערע שריט איז געלאָפען זיי אויף־א־פריהער, איז דער לייב מורא'דיג נשתומם געוואָרען, האָט זיך מיט איין מאָל אָפגעקערט פון זאראטוסטרא'ן און האָט זיך א לאָז געטאָן שפרינגענדיג צו דער הייהל מיט א ווילדען געבריל; די העכערע מענשען אָבער, דערהערט זיין געבריל, האָבען אַלע א געשריי געטאָן ווי פון איין מויל און זיינען אנטלאָפען צוריק און זיינען פארשוואונדען.

זאראטוסטרא גופא אָבער האָט זיך אויפגעהויבען פון זיין זיץ. א באטויבטער און פרעמדער, האָט זיך ארומגעקוקט, איז געשטאַנען א געפּלעפטער, האָט געפרעגט זיין הארצען, זיך ארייננ־

געטראַכט און איז געוועז אַליין. „„וואָס האָב איך דאָך געהערט, האָט ער לסוף אַרויסגערעדט געצויגען, וואָס איז מיר געשעהן?"

און שוין איז געקומען צו איהם דער זכרון, און ער האָט אין איין הרף־עין פאַרשטאַנען אַלץ, וואָס עס האָט זיך אָפּגעטאָן צוויי־שען נעכטען און היינט. „אָט איז דאָך דער שטיין, האָט ער געזאָגט און זיך געגלעט די באָרד, אויף א י ה ם בין איך געזעסען נעכטען אין דער פריה; און דאָ איז צו מיר צוגעגאַנגען דער וואָהר־זאָגער, און דאָ האָב איך צום ערשטען מאָל געהערט דעם געשריי, וואָס איך האָב נאָר וואָס געהערט, דעם גרויסען נויט־געשריי.

אָ איהר העכערע מענשען, וועגען א י י ע ר נויט האָט דאָך מיר נעכטען אין דער פריה דער וואָהרזאָגער נביאות געזאָגט, —

— צו אייער נויט האָט ער מיך געוואָלט פאַרפיהרען און שטעלען אין א נסיון: אָ זאַראַטוסטראַ, האָט ער צו מיר געזאָגט, איך קום צו פאַרפיהרען דיך צו דיין לעצטער זינד.

צו מיין לעצטער זינד? האָט זאַראַטוסטראַ אויסגערופען מיט אַ צאָרענדיגען געלעכטער פון זיינע אייגענע רייד: ו ו אָ ס איז פאַר מיר געבליבען בעהאַלטען ווי מיין לעצטע זינד?"

— און נאָך אַ מאָל איז זאַראַטוסטראַ פאַרזונקען געוואָרען אין זיך גופא און האָט זיך ווידער אַנידערגעזעצט אויפ'ן גרויסען שטיין און האָט געגומען טראַכטען. פּלוצלונג איז ער אויפגע־שפּרונגען, —

„ר ח מ נ ו ת ה אָ ב ע ן! ד י ר ח מ נ ו ת א ו י ף ד ע ם ה ע כ ע ר ע ן מ ע נ ש ע ן!" האָט ער אַרויסגעשריען און זיין פּנים האָט זיך פאַרוואַנדעלט אין מעש. „נו־מילא! ד אָ ס — האָט געהאַט זיין צייט!

מיין לייד און מיין מיטלייד — וועמעס דאגה! טראַכט איך דען וועגען מיין ג ל י ק? איך טראַכט וועגען מיין ו ו ע ר ק! זאָל זיין מיט מזל! דער לייב איז געקומען, מיינע קינדער

זיינען נאָהענט, זאַראַטוסטראַ איז צייטיג געוואָרען, מיין שעה איז געקומען: —

דאָס איז מ י י ן פריה־מאָרגען, מ י י ן טאָג הויבט זיך אָן: איצט קום אַרויף, ק ו ם א ר ו י ף, ד ו ג ר ו י ס ע ר ה א ל ב ע ר ט אָ ג!" — —

אזוי האָט גערעדט זאַראַטוסטראַ און האָט פאַרלאָזען זיין הייהל, אַ גליהענדער און שטאַרקער, ווי אַ מאָרגען־זון וואָס קומט אַרויף פון טונקעלע בערג.

*       *

*

דער סוף פון אַ ז ו י ה אָ ט ג ע ר ע ד ט ז אַ ר אַ ט ו ס ט ר אַ.

עליזאַבעט פערסטער־ניטשע

# די ענטשטעהונג
# פון „אַזוי האָט גערעדט זאַראַטוסטראַ“.

דער „זאראטוסטרא“ איז דאָס פּערזענליכסטע ווערק פון מיין ברודער, די געשיכטע פון זיינע אינווענינגסטע דורכלעבונגען, זיינע פריינדשאַפטען, זיינע אידעאַלען, זיינע פרייד־עקסטאַזען, זיינע בי־טער אָפּגעגנאַרטע ערוואַרטונגען און ליידען. אָבער איבער זיי אַלע־מען הויבט זיך אויף פאַרשיינענדיג דאָס בילד פון זיין העכסטער האָפענונג, פון זיין ווייטעסטען ציעל. די געשטאַלט פון זאראטוס־טרא האָט פאַר מיין ברודער געשוועבט זינט זיין פריהעסטער יו־גענד; ער האָט מיר אַמאָל געשריבען, אַז ער האָט זי שוין קינד־ווייז געזעהען אין חלום. אָט אָ־דער טרוים־געשטאַלט האָט ער צו פאַרשיידענע צייטען געגעבען פאַרשיידענע נעמען; „לסוף אָבער— שטעהט אין אַ שפּעטערער נאָטיץ — האָב איך געמוזט אָפּגעבען דעם כבוד צו אַ פּ ע ר ס י א נ ע ר. די פּערסיאַנער האָבען פריי־הער פאַר אַלעמען ג ע ט ר א כ ט געשיכטע אין איהר גאַנץ און איהר גרויס. אַ המשך פון ענטוויקלונגען. איטליכע ווערט פּרעזי־דירט פון אַ נביא. איטליכער נביא האָט זיין האַזאר, זיין ממשלה פון טויזענט יאָהר.“

די אידעען פון זאראטוסטרא טרעטען אַרויס ביי מיין ברודער שוין זעהר פריה אין פאַרשיידענערליי פאַרקליידונג, אָבער די גאַנצע געשטאַלט פון זאראטוסטרא האָט זיך ביי איהם פאַרקערפּערט צום ערשטען מאָל אין ווינטער פון 1882־1883.

ער האָט דורכגעלעבט טיעפע ענטטוישונגען אין דער פריינד־שאַפט, וואָס ער האָט געהאַלטען אַזוי הויך און הייליג, און צום ערשטען מאָל האָט ער דערשפּירט אין איהר גאַנצער שווידערליכ־קייט יענע גרויסע פאַראיינזאַמונג, צו וועלכער אַלץ, וואָס איז גרויס, איז משמעות פאַראורטיילט. זינט דער פריהעסטער יוגענד האָט ער געבענקט נאָך אַ פּערפעקטען פריינד, וואָס זאָל איהם פאַר־שטעהן אין גאַנצען, און אין פאַרשיידענע פּעריאָדען פון זיין לעבען האָט ער איהם אויך געפונען. איצטער אָבער, ווען זיין וועג איז געוואָרען אַלץ מעהר סכנות׳דיג און שאַרף־משופּע, האָט ער מעהר קיינעם ניט געפונען, וואָס זאָל קאָנען געהן מיט איהם; האָט ער

זיך אליין בעשאפען א פערפעקטען פריינד אין דער אידעאל־גע־שטאלט פון דעם קעניגליכען פילאָסאָף און האט געלאָזען איהם אויסרופען זיינע העכסטע און הייליגסטע ציעלען.

וועגען דעם ערשטען אויפלייכטען פון איינעם פון זיינע הויפּט־געדאנקען, וואָס זאראטוסטרא רופט אויס, שרייבט מיין ברודער אין בלעטער־פאל 1888, אין זיין אוטאָ־ביאָגראפישער סקיצע, מיט דעם נאָמען "Ecce homo": „די גרונט־קאָנצעפּציע פון דעם ווערק, דער געדאנק פון דעם אייביגען ווידערקום, אט די העכסטע פאָרמעל פון באַ־יאָ־הונג, וועלכע קאָן איבערהויפּט דערגרייכט ווע־רען, — געהערט אין דעם חודש אוגוסט פון דעם יאָהר 1881; ער איז אָנגעוואָרפען געוואָרען אויף א בלאט פאפיער, מיט דער אונטערשריפט: 6000 פוס פון יענער זייט מענש און צייט! אין יענע טעג בין איך ארומגעגאנגען דורך די וועלדער ביי דער סילוואַ־פּלאנאַ־אָזיערע; ביי א מעכטיגען, פּיראמידאל ארויפגעטורעמטען בלאָק, ניט ווייט פון סורליי האָב איך מיך אָפּגעשטעלט. דאָרטען איז מיר איינגעפאלען דער געדאנק." פון דעמאָלט אָן זיינען די אידעען אלץ ווייטער געוואקסען אין איהם, ווי מען זעהט דאָס פון זיינע נאָטיצען, און אין דעם אפאָריזם 341 פון זיין "gaya sciemza" *) געפינען מיר צום ערשטען מאָל ארויסגעזאָגט אין דרוק דעם גרונט־געדאנק פון זאראטוסטרא, ווי אז אָנדייט אויף דאָס, וואָס דארף שפעטער קומען.

מיין ברודער שרייבט מיר וועגען דער ענטשטעהונג פון דעם ערשטען טייל זאראטוסטרא: „דעם ווינטער 1882־83 האָב איך גע־לעבט אין יענער חן'עוודיגער שטילער בוכט פון ראפאללאָ, ניט ווייט פון גענוא, וואָס שניידט זיך אריין צווישען קיאוואָרי און די פּאָרענט־בערג פון פּאָרטאָ פינאָ. מיין געזונט איז געוועזען ניט צום בעסטען; דער ווינטער — א קאלטער און איבער די מאָסען א רעגנערישער; א קליינע אלבערגאָ *), געלעגען הארט ביים ים, אזוי

*) „די פרעהליכע וויסענשאפט". (זש.)

*) אכסניה. (זש.)

אז די הויך־געהענדע וואַלען האָבען ביי דער נאַכט געמאַכט אונ־מעגליך דעם שלאָף, איז כמעט אין אַלע פּרטים געווען דער היפּוך פון דעם, וואָס מען האָט זיך געמעגט ווינשען. למרות דעם און כמעט ווי אַ בעוויז פון מיין כּלל אַז יעדע ענטשלאָסענע זאַך קומט אַרויס „למרות דעם", איז מיין זאַראַטוסטראַ געבאָרען געוואָרען גראָד אין דעם ווינטער און אין די אומגינסטיגסטע אומ־שטענדען. פאַר האַלבען טאָג פלעג איך אַרויפשטייגען צו דרום־צו אויף דעם פּרעכטיגען וועג, וואָס פיהרט אין דער הויך קין צאָאַגלי, פאַרביי פּיניעס און מיט אַ וויטען אַרויסבליק אויף דעם ים, נאָך האַלבען טאָג, אַזוי אָפט ווי די געזונט האָט דאָס ערלויבט, פלעג איך אַרומגעהן די גאַנצע בוכט פון סאַנטאַ מאַרגעריטאַ ביז אַהינטער פּאָרטאָ פינאָ. אָט דער אָרט און אָט די לאַנדשאַפט זיינען נאָך נעהענטער געוואָרען צו מיין האַרצען, אַ דאַנק דער גרויסער ליעבע, וואָס דער קיסר פרידריך דער דריטער האָט געפיהלט צו זיי; איך בין אין הערבסט 1886 על פּי צופאַל ווידער געווען אויף אָט דעם ים־ברעג, ווען ער האָט אָט די פאַרגעסענע קליינע וועלט פון גליק צום לעצטען מאָל באַזוכט. אָט אויף די ביידע וועגען איז מיר איינ־געפאַלען דער גאַנצער זאַראַטוסטראַ, קודם כּל זאַראַטוסטראַ גופא, ווי אַ טיפּ; ריכטיגער געזאָגט: ער איז אָנגעפאַלען אויף מיר..."

„דאָס איז געווען מיין שווערסטער און קראַנקסטער ווינטער, אַ־חוץ יענע צעהן טעג, וואָס זיינען געווען גראָד גענוג פאַר מיר, איך זאָל עפּעס אויפטאָן, און וואָס צוליעב זיי האָט זיך געלוינט מיין גאַנצע שווערע און קראַנקע עקזיסטענץ..." „דער שלום־אָפּ־שניט איז פאַרטיג געוואָרען פּונקט אין יענער הייליגער שעה, אין וועלכער ריכאַרד וואַגנער איז געשטאָרבען אין ווענעציע."

אָט דער ערשטער טייל איז פאַלש פאַרשטאַנען געוואָרען כמעט פון אַלעמען, ווען ער האָט איהם געגעבען: „פאַר אַ סך זאַכען, וואָס איך האָב געטראַכט, האָב איך קיינעם ניט געפונען צייטיג; דער זאַראַטוסטראַ איז אַ בעוויז אַז איינער קאָן ריידען מיט דער גרעסטער דייטליכקייט, און ווערט פאָרט פון קיינעם ניט געהערט."

מיין ברודער איז פון אזא פאלש־פארשטעהן געוואָרען זעהר אראָפּ־
געפאלען, און אזוי ווי ער האָט אין דערזועלביגער צייט, מיט א
גרויסער אָנשטרענגונג פון זיין ווילענס־קראפט גענומען זיך ענט־
וואוינען פון דעם שלאָף־מיטעל כלאָראל־הידראט, האָט דער קומענ־
דער פריהלינג 1883, וועלכען ער האָט צוגעבראכט אין רוים, אָנגע־
נומען א ביסעל אַן אומעטיגען כאראקטער. ער שרייבט וועגען
דעם: „דערנאָך איז געקומען א שווער־געמיטיגער פריהלינג אין
רוים, וואו איך האָב קוים געשלעפּט מיין לעבען — עס איז געווען
ניט גרינג. אין גרונט האָט מיך אָט דער אָרט, דער אומאנשטענדיג־
סטער פאר דעם דיכטער פון זאראטוסטרא, וועלכען איך האָב ניט
פרייוויליג אויסגעקליבען, פארדראָסען אָהן אַן ערך; איך האָב מיך
געפּרואווט ארויסרייסען, איך האָב געוואָלט קין אקווילאָ, דעם
היפּך־באגריף פון רוים, וואָס איז געגרינדעט געוואָרען אין שנאה
צו רוים, (ווי איך וועל ווען־עס־איז מיין אָרט גרינדען), אַן ער־
אינערונג אַן אַן אטעאיסט און א קירכען־פיינד comme il faut,
אַן א נאָהענטסטען קרוב מיינעם, דעם גרויסען האָהענשטאופען —
קיסר פרידריך דעם צווייטען. אָבער א שווערער שיקזאל איז גע־
האנגען איבער אָט דאָס אלץ. איך האָב געמוזט ווידער קומען
צוריק. לסוף האָב איך מיך צופרידען געשטעלט מיט דער פּיאצא
בארבעריני, נאָך דעם, ווי מיינע באמיהונגען וועגען אַן אנטי־קריסט־
ליכער געגענד האָבען מיך אויסגעמאטערט. איך האָב מורא, אז כדי
אויסצומיידען אויף וויפיעל מעגליך די שלעכטע גערוכען, האָב
איך אין דעם פּאלאצאָ דעל קווירינאלאָ גופא זיך נאָכגעפרעגט,
צי איז דאָרטען אפשר דאָ א שטילער צימער פאר א פילאָסאָף.
אויף א לאָדזשיא, הויך איבער דער דערמאָנטער פּיאצא, פון וועל־
כער מען האָט אַן איבערבליק איבער רוים און מען הערט, ווי טיעף
אונטען רוישט די פאָנטאנא, איז געדיכטעט געוואָרען יענע איינ־
זאמסטע ליעד, וואָס איז ווען עס איז געדיכטעט געוואָרען, דאָס
נאכט־ליעד; ארום יענער צייט האָט זיך ארום מיר שטענדיג ארומ־
געטראָגען א מעלאָדיע פון אומבאשרייבליכען שווער־געמיט, וואָס

איהר רעפּרעזין האָט איך ווידער געפונען אין די ווערטער: „טויט פאַר אומשטאַרבליכקייט“.

אין יענעם פריהלינג זיינען מיר אַ ביסעל צו לאַנג פאַרבלי־בען אין רוים, און אונטער דעם איינפלוס פון דעם דריקענד־הייסען וועטער, וואָס איז בינו־לבינו אריינגעטרעטען און פון דער שוין אויבען דערמאָנטער אראָפּגעפאלענקייט, האָט מיין ברודער באשלאָ־סען, איבערהויפּט ניט צו שרייבען מעהר, על־כל־פּנים ניט דעם המשך פון זאראַטוסטרא, הגם איך האָב מיך אָנגעבאָטען, צו פאַר־שפּאָרען איהם יעדע טרחה בנוגע דרוק און פאַרלאַג. אז מיר האָבען זיך אָבער צוריקגעקערט אין שווייצאַריע אין סוף יוני און ער האָט ווידער געכומען לעבען אין דער היימיש־געוואָרענער, חיות׳דיגער בארג־לופט, איז אויפגעוועקט געוואָרען זיין גאַנצע פריידיגע שאַ־פונגס־קראַפט, און כדי מיך צו־צו־גרייטען אויף אַ קומענדיגען מאַ־נוסקריפּט, האָט ער מיר געשריבען: „איך האָב מיך דאָ איינגע־קוואַרטירט אויף 3 חדשים: בפועל ממש, איך בין דער גרעסטער טערעך, וואָס איך לאָז מיך אוועקנעמען דעם מוט דורך דער אי־טאַליענער לופט. צייטענווייז שווימט אין מיר ארויף דער געדאַנק: וואָס וועט זיין נאָכדעם? מיין „צוקונפט“ איז פאַר מיר די טונ־קעלסטע זאַך אין דער וועלט; אזוי אָבער ווי איך האָב נאָך אַ סך פאַרטיג צו מאַכען, דאַרף איך טראַכטען נאָר וועגען אָט דעם פאַר־טיג מאַכען, ווי וועגען מיין צוקונפט און דעם רעשט איבערלאָזען ד י ר און די געטער“.

דער צווייטער טייל זאראַטוסטראַ איז געשריבען געוואָרען צווי־שען דעם 26־טען יוני און דעם 6־טען יולי. „זומער, אהיים זיך אומגעקערט צו דעם הייליגען אָרט, וואו דער ערשטער בליץ פון דעם זאראַטוסטראַ געדאַנק האָט מיר אַ לייכט געטאָן, האָב איך געפונען דעם צווייטען זאראַטוסטראַ. צעהן טעג איז געווען גענוג. איך האָב אין קיין פאַל ניט געדאַרפט האָבען מעהר: ניט ביים ערשטען, ניט ביי דעם דריטען און לעצטען טייל.“

ער האָט אָפט גערעדט וועגען דעם פריידיג־עקסטאַטישען צו־

שטאנד, אין וועלכען ער האָט געשריבען זאראטוסטרא; ווי אזוי ער פלעגט אין זיינע וואנדערונגען בארג־ארויף און בארג־אראפּ פּשוט בעפאלען ווערען פון דער פוילקייט פון זיינע געדאנקען און האָט נאָר געקאָנט מאכען מיט א בליי־פעך האסטיגע נאָטיצען אין זיין טאשען־בוך, וועלכע ער פלעגט דערנאָך, קומענדיג אהיים, איבערשרייבען מיט טינט ביז אין דער האלבער נאכט אריין. ער שרייבט צו מיר אין א בריעף: „דו קאָנסט דיר וועגען דער וועהעמענץ פון אזעלכע ענטשטעהונגען ניט גרינג מאכען א צו גרויסען באגריף“, און אין א ליידענשאפטליכער בעגייסטערונג שילדערט ער אין די אוטאביאגראפישע סקיצען (בלעטער־פאל 1888) די אומפארגלייכליכע שטימונג, אין וועלכער דער זאראטוסטרא איז געשאפען געוואָרען:

„— האָט ווער עס איז אין דעם סוף פון דעם נייַנצענטען יאהרהונדערט, א דייטליכען באגריף וועגען דעם וואָס די דיכטער פון שטארקע עפּאָכען האבען גערופען אינספּיראציע? אויב ניט, וועל איך דאָס בעשרייבען. מיט דעם קלענסטען רעשט פון אבערגלויבען אין זיך וועט מען קוים קאָנען בפועל אוועקטרייבען פון זיך די פאָרשטעלונג, אז מען איז ניט מעהר ווי א פארקערפּערונג, ניט מעהר ווי א מויל־געצייג, ניט מעהר ווי א מעדיאום פאר איבערמעכטיגע געוואלטען. דער באגריף ענטפּלעקונג אין יענעם זין, אז פּלוצלונג דערזעהט מען און דערהערט מען מיט אומבאשרייבליכער זיכערקייט און שארפקייט עפּעס אזוינס, וואָס טרייסעלט אויף איינעם אין דער טיעפסטער טיעף און ווארפט איהם אנידער, איז א פּשוטע בעשרייבונג פון דעם פאקט. מען הערט, — מען זוכט ניט; מען נעמט, — מען פרעגט ניט, ווער עס גיט; ווי א בליץ לויכט אויף א געדאנק, מיט נויטווענדיגקייט אין דער פאָרם אָהן אן איבערקלער, — איך האָב קיינמאָל ניט געהאט קיין אנדער ברירה. א פריידיגע התלהבות, וואָס איהר אומגעהויערע אָנגעשפּאנטקייט ווערט אָפּגעלאָזען אין א שטראָם פון טרערען; וואָס איהר שריט טוט אומגעוואָלטערהייד אָט שטורעמען, אָט ווערען לאנגזאם; א זיין דורכאויס אויסער זיך מיט דעם קלאָרסטען באוואוסטזיין פון

אָהן אַ צאָל דינע שווידערס און הויט־ציטערען ביז אין די פוס־פינגער; אַ גליק־טיעפקייט, אין וועלכער דאָס וועהטינסטע און פינ־סטערסטע ווירקט ניט ווי אַ היפך, נאָר ווי באַדינגט, ווי ארויסגע־פאָדערט, ווי אַ נויטווענדיגע פארב אינגווענינ; אין אזאַ שפע פון ליכט־שיין; אַן אינסטינקט פון ריטמישע פראָפאָרציעס, וואָס איבער־שפאַנט ווייטע מהלך'ען פון פאָרמען (די לייננ, די באַדערפענים אין אַ ווייט געשפאנטען ריטם איז כמעט די מאָס פאר דער געוואלטיג־קייט פון דער אינספיראַציע, אַ מין אויסגלייך אנטקעגען איהר דרוק און שפאַנונג). אַלץ קומט פאָר אומפרייוויליג אין דעם העכסטען גראַד, אָבער ווי אין אַ שטורעם פון אַ פרייהייטס־געפיהל, פון זיין אומבאַדינגט, פון מאַכט, פון געטליכקייט. די אומפרייוויליגקייט פון דעם בילד, פון דעם משל איז דאָס מערקווירדיגסטע; מען האָט מעהר קיין השגה ניט וועגען דעם, וואָס איז בילד, וואָס איז משל; אַלץ באָט זיך אָן ווי דער נאָהענטסטער, דער ריכטיגסטער, דער פשוט'סטער אויסדרוק. עס דוכט זיך אוים בפועל ממש, — צו דערמאָנען זאַראַטוסטראַ'ס אַ וואָרט, — פונקט ווי די זאַכען גופא קומען אריין און וואָלטען וועלען ווערען אַ משל: דאָ קומען אַלע זאַכען צו דיין גערייד און גלעטען דיך און חנ'דלען זיך, ווייל זיי ווילען רייטען אויף דיין רוקען. אויף יעדע משל רייטסטו דאָ צו יעדען אמת. דאָ פראַלען האסטיג פאר מיר אויף אַלע ווערטער פון דעם זיין און אַלע אוצרות פון די ווערטער. יעדער זיין וויל דאָ ווערען וואָרט, יעדער ווערען וויל דאָ זיך לערנען ריידען פון מיר. — דאָס איז מיין ערפאהרונג פון אינספיראַציע; איך בין ניט מסופק, אַז מען דאַרף געהן צוריק יאָהר־טויזענטער, כדי צו געפי־נען איינעם, וואָס טאָר מיר זאָגען: דאָס איז אויך מיין ערפאה־רונג! —"

אין בלעטער־פאַל 1883 איז מיין ברודער געקומען פון ענגאַדין אויף איניגע וואָכען קיין דייטשלאַנד און אין דעם קומענדען ווינ־טער האָט ער, נאָך פאַרשיידענערליי אומזיסטע ארומוואַנדערונגען איבער שטרעזאַ, גענוא און שפעציאַ, זיך אָפגעשטעלט אין ניצאַ,

וואו ער האָט זיך, א דאנק דעם דאָרטיגען קלימאט, געפיהלט אזוי גליקליך אָנגערעגט, אז ער האָט בעשאפען דעם דריטען טייל זא־ראטוסטרא: „אין דעמזעלביגען ווינטער אונטער דעם האלקיאָנישען הימעל פון ניצצא, וואָס האָט יעמאָלט צום ערשטען מאָל אריינגע־גלאנצט אין מיין לעבען, האָב איך געפונען דעם דריטען זאראטוס־טרא — און בין געווען פארטיג. קוים א יאָהר, גערעכענט אויף דאָס גאנצע. א סך פארבאָרגענע ווינקעלעך און הויכען פון ניצ־צא'ס לאנדשאפט זיינען פאר מיר געהייליגט דורך אומפארגעסליכע מאָמענטען; יענער ענטשיידענער אָפשניט, וואָס טראָגט דעם טי־טעל „וועגען אַלטע און נייע לוחות" איז געדיכטעט געוואָרען אין די שווערסטע ארויפשטייגונגען פון דער סטאנציע צו דעם וואונ־דערבארען מאווריטאנישען פעלזען־נעסט עזא, — די מוסקעל־פלינק־קייט איז ביי מיר תמיד געווען אויף דער גרעסטער מדרגה, ווען די באשעפערישע קראפט איז אויפ'ן רייכסטען אופן געפלאָסען. דער לייב איז בעגייסטערט: לאָמיר ארויסלאָזען די „נשמה" פון קאָן. — מען האָט מיך אָפט געקאָנט זעהען טאנצענדיג; איך האָב יעמאָלט געקאָנט זיין אונטערוועגענס אין די בערג א זיעבען, אכט שעה אָהן א באגריף פון איינגעמאטערטקייט. איך פלעג שלאָפען גוט, איך האָב א סך געלאכט, — איך בין געווען פאָלקאָם געזונט און גע־דולדיג".

פון די דריי ערשטע טיילען זאראטוסטרא איז אויף אזא'ן אופן יעדער איינער, ווי שוין געזאָגט, פארטיג געוואָרען, נאָך א לענגערער אָדער קירצערער צוגרייטונג, אין אַן ערך צעהן טעג. דער ערשטער טייל אָנהויב פעברואר 1883 אין ראפאללאָ, דער צווייטער טייל פון סוף יוני ביז אָנהויב יולי 1883 אין סילס־מאריא, דער דריטער טייל סוף יאנואר 1884 אין ניצצא.

נאָך דער פערטער טייל איז אויסגעארבייט געוואָרען מיט איי־ניגע הפסקות. די ערשטע נאָטיצען זיינען אָנגעשריבען געוואָרען בשעת מיר האָבען זיך אין איינעם אָפגעשטעלט אין צוריך אין סעפטעמבער 1884; דערנאָך איז געקומען די ערשטע אויסארביי־

טונג נאָוועמבער 1884 אין מענטאָן, און נאָך א לענגערער פּאוזע איז דער דרוק־מאַנוסקריפּט פון אָט דעם טייל פארענדיגט געוואָרען אין ניצצא צווישען סוף יאנואר ביז אן ערך מיטען פעברואר 1885. מיין ברודער האָט איהם יעמאָלט א נאָמען געגעבען: דער פערטער און לעצטער טייל; אָבער שוין אין א קורצער צייט נאָך'ן אָפּדרוקען שרייבט ער מיר פון ווענעציע אין מאי 1885, אז ער וויל שרייבען נאָך א פינפטען און זעקסטען טייל, פאר וועלכע עס זיינען נאָך ביי איהם דאָ דיספּאָזיציעס. אויך פון דעם פריהלינג און שפּעט־הערבסט 1884 זיינען דאָ פּלענער פאר דער פאָרטזעצונג פון זאראַ־טוסטרא אין דריי טיילען; וועגען דעם איז באריכות בעריכטעט גע־וואָרען אין דעם צוועלפטען באנד פון די געזאמעלטע ווערק און אין דעם שלוס־באנד פון דער ביאָגראַפיע: „דאָס לעבען פריעדריך ניעטצשע'ס."

אויך דער פערצענטער באנד פון די געזאמעלטע ווערק און איבערגעלאָזענע שריפטען פרידריך ניעטצשע'ס ברענגט פּלענער און געדאנקען־גאנגען אויס דער צייט, ווען זאראטוסטרא איז ענטשטאַ־נען, וואָס קאָנען העלפען בעסער צו פארשטעהן זיינע הויפּט־גע־דאנקען. דער פערטער טייל איז סוף ווינטער 1885 געדרוקט געוואָ־רען נאָר אין 40 עקזעמפּליארען, ווי א מאַנוסקריפּט, און איז באַ־שטימט געווען פאר אַ מתנה פאר זיינע פריינד: „פאר אזוינע, וואָס האָבען דאָס ביי איהם פארדיענט". נאָר זיעבען עקזעמפּליארען האָט ער געהאט די געלעגענהייט צו פארשענקען לויט אָט דעם שטאנד־פּונקט, — אזוי איינזאם, אזוי אומפארשטאנען איז ער דעמאָלט געווען. אָט דער פערטער טייל איז פּסח־צייט 1892 — דריי יאָהר נאָך דעם ערשטען פּריוואטען אָפּדרוקען — פארעפענטליכט געוואָ־רען, ווען די דאָקטוירים האָבען דערקלערט, אז דאָס ווידער־געזונט ווערען פון דעם מחבר איז אויסגעשלאָסען.

שוין אין דעם אָנהויב פון אָט דער ענשטעהונגס־געשיכטע האָב איך געשילדערט די טעמים, וואָס האָבען געבראכט מיין ברודער דערצו, אז א פּערסיאנער זאָל פארקערפּערען די אידעאל־געשטאלט

פון זיין קעניגליכען פילאָסאָף; פאַר וואָס דאָס האָט אָבער גראָד געמוזט זיין זאַראַטוסטראַ, ווענן ער לייגט זיין נייע לעהרע אין מויל אריין, דאָס זאָגט ער אונז אין די פאָלגענדע ווערטער:

„מען האָט ביי מיר ניט געפרעגט, מען האָט אָבער געדאַרפט ביי מיר פרעגען, וואָס דער נאָמען זאַראַטוסטראַ באַטייט גראָד אויף מיינע ליפּען, אויף די ליפּען פון דעם ערשטען איממאָראַליסט: ווייל דאָס, אין וואָס עס באַשטעהט די אונגעהויערע איינציגקייט זאַראַטוסטראַ׳ס אין דער געשיכטע, איז גראָד דער היפּך דערפון. ערשט זאַראַטוסטראַ האָט געזעהן אין דעם קאַמף צווישען טוב און רע די אייגענטליכע ראָד וואָס טרייבט אַלע זאַכען, — די איבער־זעצונג פון דער מאָראַל אין דער מעטאַפיזיק, ווי אַ קראַפט, אַן אור־זאַך, אַ צוועק אין זיך גופא, איז זיין ווערק. אָבער די פראַגע וואָלט שוין אין גרונט געווען אויך דער ענטפער. זאַראַטוסטראַ האָט בעשאַפען יענעם שיקזאַל־שווערסטען טעות, די מאָראַל. ממילא מוז ער אויך זיין דער ערשטער, וואָס זעהט איהם איין. ניט נאָר דערפאַר, וואָס ער האָט דאָ אַ לענגערע און גרעסערע ערפאַהרונג ווי ווער עס איז אַן אַנדער דענקער — די גאַנצע געשיכטע איז דאָך די עקספּערימענטאַל־אָפּפרעגונג פון דעם זאַץ פון דער אַזוי אָנגעזירו־פענער „מאָראַלישער וועלט־אָרדנונג“: — וויכטיגער איז, וואָס זאַ־ראַטוסטראַ איז וואָהרהאַפטיגער איידער ווער עס איז אַן אַנדער דענקער. זיין לעהרע, און נאָר זי, האָט די וואָהרהאַפטיגקייט, ווי די אויבערסטע טוגענד — דאָס הייסט דעם היפּך צו דער פּ ח ד נ ו ת פון דעם „אידעאַליסט“, וואָס מאַכט די פּליטה פאַר דער רעאַליטעט; זאַראַטוסטראַ האָט מעהר קוראַזש אין לייב איידער אַלע דענקער אין איינעם. זאָגען דעם אמת און גוט שיעסען מיט פייל ען: דאָס איז די פּערסישע טוגענד. פאַרשטעהט מען מיך?... דאָס זיך־גופא־בייקומען פון דער מאָראַל מחמת וואָהרהאַפטינקייט, דאָס זיך־גופא־בייקומען פון דעם מאָראַליסט אין זיין היפּך, — אין מיר —: אָט דאָס באַטייט אויף מיינע ליפּען דער נאָמען זאַראַטוסטראַ“.

ניעטצשע־אַרכיוו, הערבסט 1905.

# אַ פּאָר ווערטער וועגן דער איבערזעצונג.

אין אַ בריעף צו אַ סקאַנדינאַווישען שריפטשטעלער שרייבט העגריק איבסען:

„איך מיין, אַז אַ געדיכט דאַרף אַזוי איבערזעצט ווערען, אַקוראַט ווי דער מחבר אַליין וואָלט עס געדיכטעט, ווען ער וואָלט געהערט צו דעם פאָלק, פאַר וועלכען עס ווערט איבערזעצט".

דאָס איז געוויס זעהר אַ געזונטער און פאַרנינפטיגער פּרינציפּ, און דערצו אַ דורך און דורך נ אַ צ י אָ נ אַ ל ע ר. איך ווייס אָבער ניט, צי ער מעג אין דער איצטיגער צייט זיין דער אַ ל י י ן ־ ה ע ר ש ע נ ד ע ר אין דער א י ד י ש ע ר איבערזעצונגס־קונסט.

דאָס לעבען פון דעם אידישען פאָלק און די געדאַנקען־וועלט פון דעם אידישען פאָלק זיינען אַזוי פ אַ ר ש י י ד ע ן פון דעם לעבען און דער געדאַנקען־וועלט פון די מאָדערנע אייראָפּעאישע פעלקער, אַז גראָד אין אַ קונסט־ווערק וואָלט די איבערזעצונג אָפט־מאָל געמוזט אַזוי ווייט אָפּשטעהן פון דעם אָריגינאַל, אַז קיינער וואָלט איהם ניט געקאָנט דערקענען אין איהר.

עס איז דעריבער אין אונזער ליטעראַטור אַרויסגעוואַקסען אויך אַן אַנדער טענדענץ, — פּונקט דער היפּך פון דעם אויבען־דערמאָנטען פּרינציפּ: איבערזעצען אַן אייראָפּעאיש ווערק אַזוי, אַז ניט נאָר דער אייגענאַרטיגער סטיל פון דעם מחבר, נאָר אויך די גאַנצע ניט־אידישע שפּראַך־אַטמאָספערע פון דעם ווערק זאָל וואָס נעהענטער געבראַכט ווערען פאַר די אויגען פון דעם אידישען לעזער.

עס שפּיעלט דערביי אַ ראָליע דער בארעכטיגטער וואונש, ברייטער צו מאַכען דעם האָריזאָנט פון דער אידישער לעזער־וועלט און אַריינפיהרען זי אין די שעהנקייטען פון אַ פרעמדער שפּראַך־ספּערע.

אָט דער פּרינציפּ איז אָבער פאַרבונדען מיט אַ גרויסער סכנה: עס קאָנען צו לייכט דערביי פאַרלאָרען געהן די נ אַ ט י ר־ ל י כ ק י י ט און די א י נ ט י מ י ט ע ט, וואָס דאַרף הער־

שען צווישען דעם ווערק און די לעזער. מען געפינט זיך, ווי אין א פרעמדער, זעלטזאמער לאנדשאפט, וואס קאן דערוועקען נאר די נייגיער, זי איינמאל אנצוקוקען, אבער ניט דעם באגעהר, זיך צו באזעצען אין איהר, זיך א י נ צ ו ל ע ב ע ן אין איהר. און אזוי ווי דאס ווערק ווערט דאך פארט געגעבען אין אידיש, נאר אין א פאר׳גוי׳אישטען אידיש, קאן מען זיך ביים לייענען אפטמאל ניט איינהאלטען פון דער אומבאוואוסטזיניגער קריטישער באמערקונג: „ס׳א מין לשון דער מענש רעדט דאס!“

דער אידעאל פון אן איבערזעצונג אין אידיש וואלט דעריבער געווען אזא: אין דעם פונדאמענט דארף אוועקגעלייגט ווערען דער איבסען׳שער פרינציפ — א י ב ע ר ז צ ע ן א ז ו י, א ק ו ר א ט ו ו י ד ע ר מ ח ב ר ו ו א ל ט ד א ס ל כ ת ח ל ה ג ע ש ר י ב ע ן א י ן א י ד י ש פ א ר א א י ד י ש ע ן ל ע ז ע ר — און האבענדיג תמיד אין אויג אט דעם גרונט־כלל, זיך מיהען אריבערצוטראגען אין אידיש ד ע ם ג א נ צ ע ן ש פ ר א ך ־ א ו צ ר פון דעם אריגינאל, און דערביי, — אויף וויפיעל עס לאזט זיך, אהן געוואלט, — זעהען, אז די איבערזעצונג זאל מאכען אויף דעמזעלבעניען ש פ ר א כ ל י כ ע ן איינדרוק, וועלכען דער טעקסט לאזט איבער ביי דער ניט־אידישער לעזער־וועלט.

אט צו דעם אידעאל האב איך געשטרעבט אין מיין איבערזע־צונג פון ניטשע׳ס „זאראטוסטרא“. און אויב אט דער אידעאל איז נאך ניט דערגרייכט געווארען, זיינען אין דעם שולדיג, נאך מיין מיינונג נאך, נאר פיער אומשטענדען (אויב מען זאל אראפ־ווארפען פון חשבון מיין אייגענע פערזענליכע פעהיגקייט אדער אומפעהינקייט צו אט דעם מין ארבייט).

קודם איז דאס, אזוי צו זאגען, „דער ערשטער אפגום“. רע־כענט מען זיך מיט דער אייגענטימליכקייט און שפראכליכער פיינ־קייט פון דעם אריגינאל, מוז מען אפשר אננעמען, אז ק י י ן איבערזעצער וואלט ניט געקאנט ארויסברענגען א פ ו ל ק ו מ ע־נ ע איבערזעצונג גלייך צו דעם ערשטען מאל. דער ר ו ס י־ש ע ר איבערזעצער, צ. ב., האט אין משך פון מעהרערע אויפ־לאגען געארבייט אויף דעם ווערק ניט ווייניגער ווי נ י י ע ן

יאהר.

צוווייטענס אָבער קאָן קיין איינצעל־מענש ניט באַזיצען דעם גאַנצען שפּראַך־אוצר פון זיין אייגענעם לשון, און אויך דעם טייל, וואָס ער פאַרמאָגט, קאָן ער ניט האָבען שטענדיג אָנגעגרייט אַ פאַרטיגען אין זכרון. עס האָט שוין מיט מיר ניט איין מאָל פּאַסירט, אַז ווען אַ טייל מאַנוסקריפּט איז שוין געוועזען אָפּגעפאַרטיגט מיט אַלעמען צום דרוק, פלעג איך מיך דער־מאָהנען אָן אַ פּאַסענדען אידישען וואָרט, וועלכען איך וואָלט גע־קאָנט אָנווענדען, כדי איבערצוגעבען די ספּעציפישע שאַטירונג פון דעם טעקסט.

די ניט־אידישע איבערזעצער העלפען זיך אין אַזאַ פאַל מיט די צאָהלרייכע ווערטערביכער, אין וועלכע די שפּראַך־אוצרות זיינען „עקספּראָפּריאירט" געוואָרען פון די איינצעלנע באַ־לאַבאַטים און „נאַציאָנאַליזירט" געוואָרען פאַר יעדען איינעם פון דעם פאָלק. מיר האָבען נאָך ניט אַזעלכע ווערטערביכער.

דערצו קומט דער אייגענאַרטיגער כאַראַקטער פון דעם „זאַ־ראַטוסטראַ"־סטיל. ער איז געשריבען געוואָרען אויף אַ שטייגער, וואָס דאַרף מאַכען דעם איינדרוק פון אַן אַלט־אָריענטאַלישען, כמעט ביבלישען. ניטשע ווענדט דעריבער זעהר זעלטען אָן מאָדערנע ווערטער, אַריבערגענומענע פון דעם אַלוועלטליכען לאַ־טיינישען און גריכישען שפּראַך־אוצר. זיין ענגלישער איבערזע־צער האָט ניט געקוקט דערויף און האָט געשאָטען אויף רעכטס און אויף לינקס מיט לאַטיינישע און גריכישע אויסדרוקען, וואָס געפינען זיך אין דער מאָדערנער ענגלישער שפּראַך. איך האָב געפיהלט, אַז אין אידיש וואָלט דערביי אין גאַנצען פאַר־לאָרען געגאַנגען דער אַנטיקווירטער סטיל, וואָס קאָן אָפּטמאָלס גאַנץ ריין איבערגעגעבען ווערען נאָר אין יענעם כאַראַקטערים־טישען און רייכען „צאינה וראינה"־לשון, וועלכער איז אונז, מאָ־דערנע אידישע שרייבער, ליידער שוין פרעמד געוואָרען. אויף אַזאַ'ן אופן האָב איך זיך געמוזט אָפּזאָגען פון אַ גאַנצען קוואַל ווערטער און אויסדרוקען, וואָס וואָלטען מיר לייכטער געמאַכט די פּינקטליכע אַריבערטראָגונג פון דעם געדאַנק.

ועל כולם דאַרף מען אויך ניט פאַרגעסען, אַז די איבערזעצונג

איז געמאַכט געוואָרען פון ד י י ט ש. עס איז ידוע לכל אנשי שלומינו, אז די שווערסטע זאַך צו איבערזעצען אין אַ ג ו ט ע ן אידיש, איז — פון דייטש.

דאָס אַלץ ברענג איך ארויס צוליעב דעם, כדי מען זאָל די חטאים פון דער איבערזעצונג חלילה ניט וועלען ארויפוואַרפען אויף אונזער א י ד י ש ע ר ש פּ ר אַ ך, פאַר וועמעס אינווע־ניגסטער שעהנקייט און רייכקייט עס זיינען נאָך אַזויפיעל אידישע אויגען אַזוי פאַר׳עקשן׳ט בלינד.

אין דעם משך פון דער ארבייט איז מיר געוואָרען קלאָר, אז אונטער אַנדערע אומשטענדען — און אפשר אויך אין בעסערע הענט — וואָלט אַ „זאַראַטוסטראַ“־איבערזעצונג געקאָנט פאַנאַנ־דערוויקלען אַ סך אַ גלענצענדערען שפּראַך־רייכטום, איידער דאָס האָט זיך מיר איינגעגעבען, און עס וואָלט יעמאָלט יעדען איינעם געוואָרען קלאָר, אז דער „קעניגליכער זאַראַטוסטראַ“ וואָלט זיך ניט געהאַט וואָס צו שעמען מיט דעם נייעם שפּראַך־מאַנטעל, וואָס איז ארויפגעוואָרפען געוואָרען אויף זיינע קעניגליכע אַקסלען.

די פריידיגע שטונדען, וואָס איך האָב פאַרבראַכט מיט דעם דיכטערישען דענקער, זיינען אַלע מאָל נאָך פאַרשיינט געוואָרען דורך דעם תענוג פון מיין ליעבע צו אונזער לשון און דעם גע־שטאַרקטען גלויבען אין דער באַרוישענד־גלענצענדער צוקונפט, וואָס וואַרט אויף איהם, אויב עס זאָל זיך אונז איינגעבען, צו פאַרוואָרענען איהם מיט יענע „עקסיסטענץ־מיטלען“, וואָס זיינען נויטיג פאַר אַ שפּראַך: אַן אייגען לאַנד און די ליעבע פון פאָלק.

וואָס איז שייך דעם א י נ ה א ל ט פון דעם זאַראַטוסטראַ־בוך, איז דאָ אַ ס ך וואָס צו ריידען וועגען דעם. בשום אופן ניט מיט אַלץ קאָן מען מסכים זיין ביי ניטשע׳ן. אַ סך פּסולת פון אונזער קולטור האָט זיין פייער־גייסט אויסגעברענט, אָבער זיין פייער האָט אויך געוואָלט פאַרכאַפּען אַזוינס, וואָס געהערט בשום אופן ניט צו די פּ ס ו ל ת, נאָר דוקא צו די העכסטע אוצרות פון דער נייער מענשליכער קולטור, ווי צ. ב. דער סאָציאַליזם, דער רחמנות־געפיהל און די ליעבע צו דעם מ ע נ ש ע ן. פון דער אַנדער זייט האָט ער געלאָזען אומבאַריהרט אַזעלכע — זאָל ער מיר מוחל זיין — באַרבאַרישע אידעאַלען, ווי פיזישער קריעג

און די הערשאפט פון א העכערער קאסטע, א „נייער" אריסטאָ־קראַטיע.

אין „זאַראַטוסטראַ" גופא איז דאָ גענוג געדאַנקען־מאַטע־ריאַל, מיט וועלכען מען קאָן פאַרריכטען זיינע ביידע טעות'ן. עס איז אָבער ניט דאָ דער אָרט צו ריידען וועגען דעם באריכות.

על־כל־פנים, קאָן קיין ברעקעל ספק ניט זיין, אז ניטשע'ס פילאָסאָפישע פאָעמע: „זאַראַטוסטראַ" געהערט צו יענע ווערק פון דעם מאָדערנעם ראַדיקאַלען געדאַנק, וואָס טאָרען ניט פעהלען אין קיין מאָדערנער ליטעראַטור.

**דר. ח. זשיטלאָווסקי.**

בראָנקסוויל, נ. י., דעצעמבער 1919.

## א י נ ה אַ ל ט:

# אזוי האָט גערעדט זאַראַטוסטראַ

ערשטער טייל

## זאַראַטוסטראַ'ס הקדמה



## זאַראַטוסטראַ'ס רעדען.

## צווייטער טייל.



## דריטער טייל

## פיערטער און לעצטער טייל



## די ענטשטעהונג פון „אַזוי האָט גערעדט זאַראַ-טוסטראַ“, פון עליזאַבעט פערסטער־ניטשע.

